## פון דער זעלבער מחבר:

צווישן קראַנקע (שפּיטאָל רעפּאָרטאַזשן)
וואָס מיין פריינט האָט דערציילט (דערציילונג)
בעסאַראַביע 1918 (ראָמאַן)
מיין שטעטל יעדינעץ (ראָמאַן), 2 בענדער
צווישן בערג (דערציילונגען)
מלחמה יאָרן 1914-1918 (ראָמאַן)

גאָלדע גוטמאַן (קרימער)

# די מוטער רחל

ראָמאַן

(אין 2 בענדער)



בוענאָס איירעס 1948

צום הייליקן אָנדענק פון מיין שוואָגער
פסח רימער מיט זיין טעכטערל, פעטערס,
מומעס מיט זייערע פארשניטענע משפחות.
אַ בלוטיקע באשולדיקונג קעגן זייערע
נאצישע מערדער.

קאפּיטל 1

# גערא־נגל

ס'איז שוין געווען ווייט נאָך האַלבער נאַכט, נאָר דער טיפער הימל איז נאָך אַלץ באַדעקט געווען מיט רויטע געדעמפּטע טיכער, מיט איבערגעשרפהטע פלעקן פון דער באַטאָגיקער היץ. קליינע, האַלב־אויסגעלאָשענע שטערן האָבן מיד געבלאָנדזשעט אונטער די אָנגערוקטע שווערע, באַנאַכטיקע רויט־בלויע וואָלקנס, פון וועלכע ס'האָבן זיך אָנגעהויבן אויסשיילן שטילע, אָפּגעריסענע און נישט ניחהדיקע שמאָלע שטיקער פרימאָרגן־שיין, איינגעוועבטע אין פאַרטאָגיקער שטילקייט.

רחל האָט פרייער אָפּגעאָטעמט, אַ צופרידענע, וואָס קיינער פון די שטוביקע האָט נישט באַמערקט, נישט געוואוסט, אז זי איז די גאַנצע צייט אָפּגעזעסן אונטערן ברייטן צעוואַקסענעם און מיט גרויסע פייגן שווער באַלאָדענעם בוים אינעם גאָרטן. זי האָט צונויפגענומען אַרום זיך איר ברייט, דין און ווייס זיידן נאַכט־העמד און מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם, מיט צעפּראַלטע חושים אויפגעכאַפּט דאָס שטילע וויברירן פון די אויפוואַכנדיקע פלאַנצן, פונעם געזאַנג פון גרילן און פונעם שווערן האַמערן פון איר אייגן אויפגעשטורעמטן האַרץ...

אַרום האָט געהאָנגען אַ טיפע אומבאַשטימטקייט, די קליינע טראָפּנדלעך באַנאַכטיקע ראָסע, וואָס האָבן ווי טרערן באַדעקט די בלויע און ווייסע ליליען אַרום רחלען, די צוויי גלייכע שורות מיט אונטערגעשוירענע קוסטעס, די צוויי שמאָלע סטעשקעס מיטן רויטן זאַמד צווישן די ביימער — דער גאַנצער צעגרינטער און פון שלאָף אויפוואַכנדיקער אַרום, האָט זיך מאָדנע אויסגעטיילט פון רחלס איינגעקנוידערטן, כמעט קינדישן קערפּער.

זי האָט זיך אויפגעשטעלט, אויסגעצויגן אירע שמאָלע, בלייכע הענט פאַר זיך און ברייט צעעפנט אירע שמאָלע מאַנדל־אויגן, די פייכטע און באַצוואונגענע פון אַ מאָדנער פאַרטראַכטקייט — אַ כוח וואָס האָט זיך אַרויסגעריסן פון זיי ווי פון אַ פאַרזיגלטן ספר, וואָס די אַלטע, מיט שטויב באַדעקטע טאָוולען זיינע דערציילן אַ סך מער ווי עמיצער קען זיך דאָס פאָרשטעלן...

זי, רהל, האָט נישט געוואוסט פון דעם מערקווירדיקן כוח, וואָס טליעט ווי צוויי דימענטן אין אירע פאַרטראַכטע אויגן, די באַדעקטע מיט ברייטע, אַף ארויף אויסגעבויגענע ווייעס. געוואוסט האָט זי נאָר, אַז עפּעס אַ מאָדנע קראַפט לעבט אין הארץ באַ איר און הייבט זי אויף פון איר געפאַלנקייט, לאָזט זי נישט ווערן פאַרצווייפלט... זי האָט אַ מידן שמייכל געטאָן, אַזוי, אַז איר קליין, קיילעכיק קינדיש פּנים איז ווי באַגאָסן געוואָרן מיט דער מערקווירדיקער עקשנות, וואָס אנטפּלעקט זיך אין איר יעדן שווערן מאָמענט פון איר לעבן.

דאָך האָט אַ שווער געפיל געדריקט איר געמיט. צום ערשטן מאָל אין איר לעבן האָט רחל אַף אַן אמת דערפילט ווי פיינט, ווי איבעריק ס'איז איר געוואָרן יענץ שטילע ווינקל, וואָס זי אַליין האָט מיט אַזוי פיל ליבע און געטרייקייט אָפּגעהיט, ווי איבעריק ס'איז איר דעם טאַטנס שטוב איינייגעם מיט דער אלטער באָבע וואָס פייניקט זי... אַ שאָד אַ גרויסער, וואָס זי, רחל, די טאָכטער פון ישראל דעם סטאָליער מיט דער איינער האַנט — קען זיך נישט אויפהויבן איניינעם מיט די שוואַלבן און אוועקפליען פון דאַנען ערגעץ ווייט, ווייט!...

ווען נישט זי, די אלטע משוגענע, וואָלט דאָס לעבן גאָר אַנדערש אויסגעזען... אָבער רחל וועט נישט נאָכגעבן... רחל וויל לעבן ווי אַ מענטש; זי וועט זיך נישט לאָזן צעברעכן... באַהערשן פון עמיצנס פינצטערקייט...

זי האָט אָפּגעזיפצט און איינגעשטאָכן די אומצופרידענע בליקן איינעם אָפענעם פענצטער פון איר צימערל און ווידער דערפילט ארום זיך דער באָבעס אָטעם, דערפילט, אַז דער אָפּמאַך מיט זיך אַליין איז נאָך נישט פאַרזיגלט... אַז דער גרויסער שלייער וואָס וועבט זיך אין בישופדיקן שווייגן און פון וועלכן זי וויל מער נישט טראַכטן ציט זיך צונויף אין אַ פעסטן קניפ ארום די צוויי און צוואַנציק אָפּגעלעבטע יאָרן אירע. זי האָט חרטה אַף דעם קוקן צוריק... און קען זיך דאָך נישט באַפרייען פון דעם... יאָ, עס וואָלט געווען גוט ווען זי קען, ווען זי וואָגט צו עפענען דאָס הארץ אירם פאַרן חתן; נאָר ער וואָלט געקענט היילן די וואונדן אירע, באַפרייען די נשמה פון די צווייפלען און ריזעגישן — מיטן גאַנצן הארצן וויל זי געהערן נאָר אים, יעדער נשמה פּעדעמל זאָל זיין אָפן און פריי און זי קען דאָס נישט באַווייזן.

זי האָט איבערגעטראָגן די בליקן צו די בלויע שטיקער וואָלקנס צווישן די געזונקענע קעפּ פון דיביימלעך און געפּרואווט זיין רואיק. נאָר האַראַסיאַ האָט זיך פון די וואָלקנס אין זיין גאַנצער מענערישער צעבליטקייט אויסגעשיילט, געשטאַנען פאַר איר מיט די שווארצע, הייסע צעשמייכלטע אויגן זיינע, די אָנגענומענע מיט קינדישער פאַרשייטקייט: דער קאָפּ מיט די שווארצע צעפלויגענע קרויזן ווי באַ אַ ווילדן פאַסטוך; די צורהכעים ארויסגעשטעלטע גאָמבע, זיין געזונטע געשטרעקטקייט האָט אַ

ווייַע געטאָן מיט געטרייַקייט און מיט זאָרגלאָזער פרייד, מיט וואָרענונג, נישט צו פאַרומערן זייַן לעבן...

זי האָט אַ לויטערן שמייכל געטאָן. פרייד איז אויפגעגאַנגען אין איר. די זיכערקייט פון אַ געליבטער פרוי וואָס ווייסט דעם פּלאַץ וואָס זי פאַרנעמט אין האַרץ פון מאַן וועמען זי ליבט. רחל האָט געוואוסט, אַז דער שטאַרקער האַראַסיאַ, דער זעלבסטזיכערער, וועמען די שענסטע און רייַכסטע פון געגנט באַוואונדערן און ציטערן פאַר זייַן מיינונג — אָט, אָט דער יונג מיט בייַנער, ווי דער טאַטע אירער האָט אים ליב אָנצורופן, ער קען נישט ביישטיין די שטילע בליקן אירע, די באַצוואונגערישע.. ערשט מיט אַ צוויי יאָר צוריק, צוליב אַן ערנסטער קריגערייַ מיט זייַן טאַטן האָט האַראַסיאַ ווידער אָנגעהויבן שפּילן אין באַלעם און אַמאָל אויך אין קאָרטן... ער האָט פאַרנאַכלעסיקט דאָס לערנען — עס האָט נישט געהאָלפן זייַן מאַמעס טרערן און אויך נישט די געשרייען און באַליידיקונגען פון דעם אויפגעבראַכטן טאַטן. האַראַסיאַ איז געבליבן פאַרביסן און נישט נאָכגיביק: פאַרקערט — וואָס מער די שטוביקע האָבן אים געגריזשעט, אַלץ עקשנותדיקער און ווילדער האָט ער זיך צום שפּיל איבערגעגעבן...

נאָר זי, רחל, איז געווען געדולדיק, איז לאַנג נאָכגעפאָלגן מיט שטומע בליקן, אָנגענומענע מיט באַנג און מיט וויי; זי איז געווען צו אים נאָך בעסער ווי ביז דעמאָלט... שפּעטער, ווען האַראַסיאָס עקשנות איז געבראָכן געוואָרן האָט ער זיך מודה געווען:

— דער ים מיט געבעט, די וואָרענונג פון די באַצוואונגערישע בליקן אירע האָט אים משוגע געמאַכט און קיין רו נישט געגעבן... זי איז די איינציקע וואָס איז בכוח צו האַמעווען זייַן אימפּעט און אויספורעמען אַ געזונטן מענטשן: דעם יונגן צוקונפטיקן דאָקטער...

יאָ, רחל האָט געקענט דעם חתן אירן, געקענט זייַן יחוס, דעם אָפּשטאַם וואָס איז איר געווען ליב. האַראַסיאַ איז אַ מעזיניק און געראָטנסטער זון פון דאָן טשיטשע, דער איטאַליענער מיט די שטייפע געדיכטע וואָנצעס און מיטן בלוט־רויטן געזונטן קאַרק; די מאַמע איז דאָניאַ פּילאַר: זי האָט צוויי שווערע געשוואָלענע פיס, מיט אַ לויז נאָכהענגענדיקן בויך ווי אַ ליידיקער מאָגן פון אַ גרויסער קו. רחל האָט ליב געהאַט די אַלטע מיט אַ באַזונדערער וואַרעמקייט, געהאַט אַ רחמנות געפיל צו דער אַלטערם הכנעהדיקן געבויגענעם קאָפּ, דעם שניי־ווייסן און צו די שטילע צעשמייכלטע אויגן, פרומע און אָנגענומענע מיט וויי און מיט שרעק ווי די אויגן פון אַ געשלאָגענעם הונט... מיטן גאַנצן אימפּעט פון איר צאַפּלדיק האַרץ געזוכט אַרייַנצוברענגען טרייסט און געמיטלעכקייט אין דעם גרויען לעבן פון חתנ׳ס זיבעציק יעריקע טאַטע־מאַמע. דער אַלטער האָט אַ סך מאָל אַרויסגעוויזן פאַר רחלן דעם אייגענעם בראָך, דעם ווייטיק און די בושה פון אַן אָפּגענאַרטן; די ביטערע חרטה וועלכע ער האָט פאַר קיינעם אַרויסווייזן נישט געוואָלט און זיך שטיל געגריזשעט, אַז ער האָט די פיר עלטערע זין זייַנע צום טויט געטריבן... זיי צוגערעדט אַהיימ־

צופאָרן אין זייער געבורטסלאַנד, קיין איטאַליע, כדי אָנצושליסן זיך אין דער אַרמיי קעגן עטיאָפּיע...

רחלן איז געגאַנגען אין לעבן אַז די אַלטע זאָל זיך אַזוי גיך נישט דערוויסן, אַז די זין אירע זיינען שוין נישטאָ צווישן די לעבעדיקע. דער אַלטערס פלאַטערן און וואַרטן אויף אַ גוטער ידיעה פון די זין האָט רחלן צענומען אויף שטיקער... דאָניאַ פּילאַרס טרויער, דער שטומער האס צו די מלחמה צינדער איז מיט דער צייט אויך רחלס געוואָרן.

די אַלטע האָט אָבער נישט געקענט מוחל זיין דעם מאַן, זי האָט נישט געקענט פאַרגעסן, אַז נאָך אין די יונגע יאָרן האָט ער זי דריי מאָל אַרויס-געריסן פון דער באַלעבאַטישקייט און איינעם מיט די קינדער אָפּגעפירט קיין איטאַליע און נאָך אַ קורצער צייט זיי צוריק קיין ארגענטינע גע-בראַכט.

דאָן טשיטשע האָט ליב געהאַט זיין היימלאַנד. נאָר די פרייהייט און די גוטע פאַרדינסטן האָבן אים ווי אַ מאַגנעט געצויגן קיין ארגענטינע. די לעצטע פופצן יאָר, ווען די באַלעבאַטישקייט זיינע איז געווען גוט איינגע-פונדעוועט, איז ער געזעסן אויף אַן אָרט, האָט אָבער שטענדיק געקליבן אַ סענט צו אַ סענט, געווען קאַרג, זיך קיינמאָל קיין נייעם מלבוש נישט פאַרגינען צו מאַכן, צונויפגעלייגט וואָס מער געלט און דאָס אָפּגעשיקט קיין איטאַליע צו די צוויי עלצטע זיינע, געהאַטע טעכטער זיינע, געהיי-סן אַז זיי זאָלן פאַר אים גרייטן אַן אייגענע נחלה, אַ זיכערע היים אויף דער עלטער. לעצטנס איז ער שוין געוואויר געוואָרן אַז די שווער פאַרהאָ-רעוועטע הונדערטערס זיינען פאַרלאָרן... פאַרלאָרן איז די האָפענונג צו פאָרן אַהיים און אויף דער עלטער לעבן ווי אַ קעניג... די אַלטע האָט גע-ליטן פון דעם מאַנס פאַרצווייפלונג. ער האָט זיך געקריגט מיט איר פאַר יעדער קלייניקייט, האָט אָנגעהויבן טרינקען אַ סך מער ווי אין די יונגע יאָרן און פאַרנאַכלעסיקט דעם גאָרטן וואָס האָט אים אַריינגעבראַכט אַ פיינעם רווח. ער האָט פיינט באַקומען די שטוב, טעג גאַנצע זיך אָפּגע-וואַלגערט אין שענקל, געשפּילט אין קאָרטן און געשיכורט. רחל האָט געוואוסט אַז די איינציקע פרייד דעם אַלטנס, דער אינהאַלט פון לעבן, דער שטאָלץ איז געוואָרן דעם זונס לערנען אויף דאָקטער, זיינע אויסצייכענונגען באַ די עקזאַמענעס. אויך אירע, רחלס צוגעבונדנקייט צו דער שטוב, די געטרייקייט האָט אים פאַרשאַפט פרייד און טיילווייז געצוימט די כסדר-דיקע צערייצונג.

דאָניאַ פּילאַר האָט געדאַנקט גאָט וואָס איר מאַן רעכנט זיך מיט רחלס אָנוועזנהייט... זי האָט אויפגעהערט האָבן צו אים טענות און נאָכצו-שאָקלען מיטן קאָפּ, אינגאַנצן אויפגעגעבן די האָפענונג אויף זיינע פאַר-דינסטן, האָט זי פונקט ווי אין די יונגע יאָרן אָנגעהויבן וואַשן די גרעט פאַר די היימישע לאַנדסלייט און שפּעטער, טאַקע אויף זייער עצה גע-מאַכט אַ שענקל מיט אַ רעסטאָראַנדל. דאָן טשיטשע האָט זיך ביסלעכווייז

דערנענטערט צו די קונים, אַמיינסטנס לאַנדסלייט; ער איז געוואָרן רואיקער און באַזאַכטער, האָט געשמועסט מיט זיי פון דער אַלטער היים, זיך באַקלאָגט אַף זיין ביטערער אַנטוישונג און וואָס מער ער האָט זיך אַראָפּגערעדט פון האַרצן, אַלץ גרינגער איז אים געוואָרן די לאַסט פון יסורים...

רחל האָט דאָס אַלץ ווידער דורכגעטראַכט און איז געווען גליקלעך וואָס זי קען אַריינבערענגען פרייד אין דער טרויעריק־געוואָרענער שטוב פון איר חתנס טאַטע־מאַמע. זי האָט איבערגעטראָגן די בליקן צו דער שטוב און געדאַכט האָט זיך איר — יעדער גרויער שטיין אונטער די פענצטער, די אַלטע פּלאַטשיקע בלעכענע דעכלעך אין יעדן טרוקענעם שפּאַלט פון די טירן מיט די פענצטער וועלכע זי האָט זייער אָפּט אַרומגעוואַשן איז פאַרשטעקט אַ שטיק פון איר לעבן, פון אירע קינדער־יאָרן און אויך די האָפענונג... אַ פרייד וואָס וואַרט אַף איר און וועלכע די מעשוגענע באָבע וויל צעברעכן, אַרויסרייסן מיט געוואַלט...

פונעם נידעריקן פּליטל, דעם געפלאָכטענעם פון גרינע קוסטן די קליינע מחוצה וואָס האָט אָפּגעטיילט איר טאַטנס גאָרטן פון דאָן טשיטשעם שטוב, האָט זיך פּלוצים אויסגעשיילט אַן אַלט, כמעט פאַרגעסן בילד, אַ געשעעניש וועלכע זי האָט געזוכט צו פאַרגעסן: אַ ווינטערדיקער אָפּדערנאַכט. אונטער די קליינע פענצטערלעך פון דאָן טשיטשעם גרויסער קיך איז געשטאַנען אַ קאַלטע רואיקייט. אַ שאַרפער ווינט האָט געקלאַפּט איבער די פאַרויכערטע שויבן. אין קיך איז געווען וואַרעם; די טונקל רויטע ווענט זיינען קויטיק און פייכט. אַפן לאַנגן טיש שטייט אַ גרויסער לאָמפּ מיט אַ בייכיק פאַרויכערט גלעזל. אַ שאַרפער ריח פון היימיש געזייערטע פעפערלעך און הייסע פּיצאַ האָט געצופּט אין דער נאָז. נאָר איר, רחלן, האָט גאָרנישט געפעלט. זי איז ווי אַלע אָפּדערנאַכט געזעסן נעבן אייוועלע מיט פייער און זיך געוואַרעמט: געקוקט אַפן גרויסן אייזערנעם טאָפּ מיטן עסן, וואָס איז אַף די צעברענטע קוילן געשטאַנען. דער געשמאַקער ריח פון ראַוויאָלעס אין טאָפּ האָט גערייצט איר אַפּעטיט, האָט זי פאָרזיכטיק אַראָפּגערוקט דאָס דעקל פון טאָפּ און אַרויסגעשלעפּט פון דאָרטן אַ הייסע ראַוויאָלע מיט קאָנסערוון, דערפילט אַ ברי איבער די שפּיצן פון די פינגער, האָט זי זיך דערשראָקן, אַוועקגעוואָרפן די ראַוויאָלע און זיך ביטער צעוויינט, צודעקנדיק דאָס פּאָנעם מיטביידע הענט. דאָן טשיטשע, וועלכער איז געזעסן אויבנאָן באַם קיך־טיש און געשפּילט אין קאָרטן מיט דאָן ספּינאַטשע, דעם ברייט־פּלייציקן איטאַליענער, מיט גרויסע פון קאָפּ אַרויסגעזעצטע צעלאַכטע אויגן, פאַר וועלכע זי האָט זיך זייער געשראָקן — האָט זיך סטיכיש פון אָרט אַ ריס־געטון, זיך געבויגן איבער איר און אַראָפּנעמענדיק אירע הענטלעך פון פּאָנעם, האָט ער שטרענג אַ דריי געטאָן צו איר מיטן פינגער און געבורטשעט:

דו קליינע נאַשערן... אַט וועל איך דיר דערלאַנגען איבערן הינטן...

און ער האָט איר אַ לייכט פּעטשל געטון. רחל האָט זיך דערשראָקן און

אַרויסגעלאָזט אַ פֿאַרצווייפֿלטן קוויטש וואָס האָט דורכגעשניטן די לופֿט, זיך געריסן ביז עס ווייט איבערן גאָרטן, ביז צום טאַטנס שטוב...

דאָן טשיטשע האָט זי ראַפּטאָם אַ כאַפּ געטון אַף די הענט, איר אַריינגעטענהט אין די צעווייִנטע, צעשראָקענע אויגן, זיך געהיצט:

— וויין נישט, מיידעלע, מען טאָר נישט... דער פֿעטער טשיטשע האָט דיך ליב...

— רחלע, מאַמע מיינע, וואָס פֿאַר אַ טרויעריקע אויגן דו האָסט...

ער האָט זי אַרויפֿגעזעצט צו זיך אַפֿן רעכטן אַקסל און אומגעלאָפֿן פֿון ווינקל צו ווינקל, געטופּעט מיט די אַפּצאָסן פֿון די אַלטע צעדרייטע שטיוול און מיט אַ געזונט הילכיק קול פֿון אַ יונגן מאַן אויסגעזונגען אַ שטיק טאָסקאַ... זי האָט אַלץ געכליפּעט, געזיפֿצט, נאָר שוין אַ רואיקע, געוויקלט די הענטלעך אַרום זיין האַלדז, זיך צוגעהאַלטן מיטן גאַנצן כוח. אין דעם האָט זיך אַ צעפּראַל געטאָן דאָס טירל און די באָבע דבורה איז אַריין אין קיך, בלייך און דערשראָקן איז געווען איר פּאָנעם, זי האָט אויפֿגעשטעלט ביידע הענט אַנטקעגן דאָן טשיטשען און זיך געבייזערט:

— גיט מיר אַהער מיין קינד... זי שרעקט זיך...

אין דרויסן האָט זי די באָבע געטוליעט צו זיך און צווישן די ציין געזייעט. אַ אידיש מיידעלע, קינד מיינס, טאָר נישט איבערליגן גאַנצע טעג צווישן גוים. צווישן שיכורים... פֿאַר גאָרנישט זיינען זיי זיך גרייט דורס צו זיין... ביז ווען נאָך אַלמעכטיקער, וועל איך ליידן פֿון זיי?... ביז ווען?

— אָבער דאָס אַלץ — האָט זיך רחל געפּרואווט טרייסטן, האָט דאָך גאָר־נישט צו טאָן מיט האָראַסיאָן און אויך נישט מיט זיין הויזגעזינט. פֿון קינדווייז אָן האָט זי, די אַלטע ניכפּע געזוכט צו פֿאַרמיעסן די שטוב, די ליבשאַפֿט, וואָס האָראַסיאָס טאַטע־מאַמע האָבן איר געגעבן... ווייל זי איז אייפֿערזיכטיק, די אַלטע משוגענע, ווייל זי פֿאַרגינט קיינעם נישט דאָס לעבן...

זיך אָפּגערעכנט מיט דער משוגענער באָבע, האָט זיך פֿון די בונטע שטיקער פֿרימאָרגן ליכט, וואָס זיינען פֿון צווישן די גרויע, צעזייטע שטי־קער נעפּל אויפֿגעגאַנגען, אַ צווייט בילד באַוויזן: אַ הייסער זומער־טאָג, די זון האָט געשרפֿהט איבער די בלעכענע דעכלעך און איבער די איינ־געשרומפּענע ביימער, די פֿייכטקייט האָט געמאַכט חלשן דאָס לייב און אָפּגענומען דעם חשק בא די קינדער צו שפּילן זיך. אויך דער גאָרטן איז געווען מיד און פֿאַרכאַלעשט. די ציבעלעס מיטן קרויט, דער ספּינאַק און די לאַנגע ביימן פּאַסאָליעס פֿון דאָן טשיטשעס גאָרטן — זיינען געווען גרוי און פֿאַרשמאַכט. אַ פֿאַרמאַטערטע, מיט אַ פּנים אַ באַגאָסנס מיט שמאָלע ריטשקעס שווייס — איז דאָניאַ פּילאַר אומגעגאַנגען צווישן די פֿאַרזייטע בערגלעך און פֿון צווי גרויסע בלעכן וואַסער באַגאָסן די גרינס. זי, רחל מיט האָראַסיאָן זיינען געלעגן אונטער אַ געדיכטן פֿייגנבוים, אַף

א שמאל באוואקסן בערגעלע, אנגעשפארט די קעפ אף די הענט און מיט אומהיימלעך שיכור געזאנג. האט זי אויסגעדרייט דאס פנים צום פלויט און נייגעריק געווארט. באלד האט ער זיך אריינגעהוידעט דורכן הינטער־
און נייגעריק געווארט. באלד האט ער זיך ארונגעהוידעט דורכן הינטער־ טירל פון גארטן, דאס העמד צעבראסטעט און אין די פון קאפ ארויסגע־ זעצטע אויגן, האט זיך געוויגט א רויטע אומבאזאכטקייט, זי האט זיך פארשעמט פאר זיך אליין און זיך געוואונדערט אף הארעסיאס גלייכגיל־ טיקייט צו זיין טאטנס שיקרעס, דאן טשיטשע האט זיך צוגעהוידעט צום וייב, געדרייט מיט די צענומענע אקסלען אף אהין און צוריק און א גע־ שריי געטאן אונטער דער נאז:

— פילאר, פילאר, ברענג דעם מאן א מאטע!...

דאס ווייב האט זיך אויסגעדרייט צו אים מיט דער פלייצע און עפעס א זייע געטאן צווישן די ציין, שלעפנדיק ווייטער די צוויי באר־ וועס נעשוואלענע פיס. האט זי אומניחהדיק צו הארעסיאן מיטן קאפ גע־ שאקלט און געזיפצט. דאן טשיטשע איז אויפגעקאכט געווארן, דער ווייבס גלייכגילטיקייט האט אים טיף באליידיקט. ער איז איר פארלאפן דעם וועג, זיך מאיעסטעטיש אויסגעגלייכט, אויפגעהויבן דעם רעכטן פויסט און אים מיטן גאנצן כוח א ווארף געטאן צווישן ווייבס צוויי אויגן. זי האט א שווערן קרעכץ געטאן, ווי עפעס אין איר וואלט זיך איבערגעבראכן, אינסטינקטיוו פארמאכט די אויגן און זיך צעוואקלט צום אומפאלן. באלד האט זי ווידער אויפגעמאכט די אויגן פול צעמישונג און שרעק, זיך שטום ארומגעקוקט, ווי זי וואלט מורא געהאט, אז שכנים האבן צוגעזען דעם מאנס רציחה און וועלן זי אויסלאכן, בארעדן. און ווען זי האט קיינעם ניט באמערקט, האט זי א דערלייכטערטן זיפץ געטאן און מיט הכנעהדיק גע־ בויגענעם קאפ, פון א געשלאגענעם הונט, זיך שווער אראפגעלאזט אף א טרוקן בערגעלע און מיטן זוים פונעם פארהויבענעם קלייד אנגעהויבן אפ־ ווישן די ריטשקעלעך בלוט וואס האבן זיך ווי רויטע שנירלעך, פון איר אויפגעלאפענער נאז געצויגן.

אין איר, רחלען, האט געשווידערט דאס בלוט. זי האט מורא געהאט, אז דער שיכור וועט זיך ווארפן צו איר צום שלאגן. די אלטע, א קרעכצנדיקע, האט זיך אויפגעהויבן, צערעכט געמאכט ארום זיך די צעקנייטשטע פאלדן פון קליידל און מיט א געזונקענעם קאפ צווישן די צוויי פעסטע, ברייטע אקסלען אוועקגעשפאנט צום ליימענעם אייוועלע באם זוים פון גארטן און געמאכט דעם מאן א מאטע...

זי האט זיך אויפגעהויבן און ווי אן אפגעבריטע אנטלאפן אהיים לאנ־ זנדיק הארעסיאן א פארטיפטן איבערן אפענעם בוך... טעג זיינען אוועק, האט זי אויפגעהערט צו קומען צו דאן טשיטשען אין שטוב, זי האט זיך גע־ שעמט פאר הארעסיאן, מורא געהאט פאר אים און אויך פאר זיין טאטן. אנגעוואוירן די אכטונג צו הארעסיאס מאמע, וואס האט באקומען אן אויסזען אין אירע אויגן ווי א גרויסע מעלקנדיקע קו אן א רוקנביין....

די באָבע האָט אַלץ געוואוסט און אַלץ דערשנאַפּט. זי, די אייביקע שטוב־זיצערן, די פּאַרטוענע אין אַרבעט, איז פּלוצים געוואָרן אַן אַנדערע. זי האָט אָנגעהויבן גיין מיט רחלן צו די אַלטע היימישע חברטעס, פרומע אידענעס וואָס האָבן געלעבט אַרום דבורהן, זי ליב געהאַט און אַ סך ליבשאַפט דעם אייניקל אירן אַרויסגעוויזן. און אַז רחל האָט זיך געלאַנגווייליקט, האָט זי די באָבע אָנגעהויבן פירן צווישן די שכנהשע הייף, וואו עס זיינען געווען אַ סך קינדערלעך, איר אַלערליי שפּילצייג געקויפט, אַ סך מאָל זי אַוועקגעפירט ווייט פון דער היים, ערגעץ אין אַ צירק פאַר קליינע קינדער, אָדער צו אַ קאַרוסעל, וואו קינדער רייטן אַף פאַרשידענע חיות און בהמות דרייענדיק אין דער זעלבער צייט אין אַ קאַראַהאָד אונטער די קלאַנגען פון סקאַרבאָווע ניגונים, עטלעכע וואָכן זיינען אַוועק, האָט זיך איינגעלעבט מיט איר נייער וועלט און זיך צוגעבונדן צו דער באָבען.

נאָר איינמאָל, אין אַ באַנאַכט האָט זי זיך פּלוצים אויפגעכאַפּט פון שלאָף. אין שטוב איז געווען פינצטער און דושנע, פון די בלויע אָנגערוקטע שטיקער שיין אונטערן פענצטער האָבן אַרויסגעברענט האָראַסיאָס קויל־שוואַרצע אויגן, רחל האָט זיך אָנגענומען מיט איבערמענטשלעכן כוח, איר האַרץ האָט אָנגעהויבן האַמערן, זי האָט זיך איינגעוויקלט אין ליילעך און בגנבה אַרונטערגערוקט זיך פון בעטל. די פיס האָבן זי אַרויסגעפירט צו האָראַסיאָן. ער האָט אַרויפגעלייגט זיינע הענט אַף אירע אַקסלען און מיט פאַרשעמטן שמייכל אַרום די אַרויסגעבענקטע אויגן, זי לאַנג און שווייגנד אָנגעקוקט.

די באָבע האָט דערשנאַפּט, אַז רחל איז נישטאָ, האָט זי זיך אַ לאָז געטאָן נאָך איר אַ איינגעהילטע אין אַ שוואַרצן שאַל ווי אין תכריכים, זי האָט אָנגענומען דעם ליילעך אין וועלכן רחל איז געווען איינגעוויקלט און זייער בייז געבורטשעט:

— וואוהין, רחל לויפסטו אום, צו אַלדאָ שוואַרצע יאָר?... ביז ווען, פאָטער אין הימל, וועל איך פון זיי ליידן? — אין דער צערודערטער בלויקייט פון דער נאַכט אַריינגעזיפצט...

אָט, אָ די דערינערונג, דער באָבעס אייביקע וואַכזאַמקייט האָט אָנגעפילט איר האַרץ סיי מיט פראָטעסט, סיי מיט טרויער. אַ פויל רוישנדיק ווינטל האָט זיך פון צווישן די ביימלעך אויפגעהויבן און איר אַריינגערוימט עפּעס אַפן אויער. רחל האָט מיט אָנגעשפּיצטע חושים אויפגעכאַפּט אַ לייכטן גערויש אונטער זיך און באַלד האָט זי דערהערט דער באָבעס קול. זי האָט אויפגעהויבן צו איר דאָס פּאָנעם, אַ פאַרשלאָפנס און אַ אומזיכערדיקס. דער אויסגעדרייטער ווייסער טשיפּיק אַף דער באָבעס קאָפּ. די שמאָלע פאַרשפּיצטע נאָז, די קליינע דורכדרינגלעכע אויגן, אָנגענומענע מיט עקשנות — האָבן געוועקט אין רחלען דעם געצוימטן צאָרן און פיינטשאַפט, אַ בייזן פאָרוואורף צו אַ מענטשן וואָס שטייט שוין מיט איין פוס אין קבר און וויל זיך נאָך אַלץ נישט אָפּזאָגן פון הערשן...

די באָבע האָט ארויסגעפילט דעם אייניקלס חוזק, זי האָט געמאכט אַ שפאַן אַף צוריק, זיך אַ שטעל געטאָן אַף די שפּיץ פינגער כדי אויסצוזען העכער און אריינגעשטאָכן אירע טיפע שטרענגע בליקן אין רחלס אויפגעבליצטע שווארצאפּלען,די בליקן זייערע האָבן ריגזעדיק געלויערט איינע קעגן די אַנדערע, ווי שארפע שווערדן וואָס גרייטן זיך צום געפעכט... ווי דער זומער מיטן ווינטער וואָס פּרואוון צום לעצטן מאָל די אָנגעזאמלטע כוחות זייערע — ווער וועמען עס וועט קענען דערלאנגען דעם לעצטן טויטלעכן קלאַפּ.

רחל האָט זיך די ערשטע אָפּגעריסן און אַ לאָז געטאָן זיך צום שטיבל. די באָבע האָט איר נאָכגעשוועבט ווי אַ שאָטן. רחל האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין בעט און מיט אַן אומרואיק געמיט שטום געוואַרט אַף דער באָבעס מבול פון צאָרן. פון די נידעריק, מיט גרין פּאַפּיר, באַקלעפּטע ווענט און פון אָפענעם ספר איוב אפן קליינעם, שמאָלן נאכט־טישל נעבן דער באָבעס בעטל, האָט געווייעט אַ טונקעלער אומעט, פון דעם אייזערנעם, שווער פארשלאָסענעם קופערט מיט דער באָבעס אויפגענייטע תכריכים און מיט אַלטע שווערע ספרים, פון יעדן שטיקל מעבל — האָט געשלאָגן אַף איר מיט עלנט, מיט דער באָבעס תרעומות און מיט איר כסדרדיקן זיפצן און וויינען איבערן אָפענעם ספר איוב.

די באָבע, וואָס איז געזעסן אַפן ברעג פון איר בעטל, האָט באַדויערנדיק צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און שווער געזיפצט — באַלד אויפגעהויבן די אויגן צום בילד פון רחלס מאמע, וואָס האָט אין אַ רעמל איבער דער אַלטער בעטל געהאנגען — דאָס בלוט פון די קדושים וועט נישט רוען — האָט זי פרום אין דער פאַרטאָגעדיקער מנוחה אַריינגעשעפּטשעט — דיין מאמע וועט זיך באמיען אויסבעטן באם אַלמעכטיקן רחמים און גערעכטיקייט.

רחל האָט געשוויגן. זי האָט אָנגעשטעלט די בליקן אַף דער מאמעס שווערע, שוואַרצע ברעמען, די פרום אַראָפּגעלאָזטע, — אפן בחנטן קיילעכדיקן כמעט קינדישן פּנים, דעם אַרומגעזוימטן מיט צוויי שוואַרצע שטייפע צעפּ. דער פאַרדרוס האָט ווידער געבויערט איר באַליידיקט האַרץ: פאַרוואָס וויל זי נישט, די אַלטע, דערציילן מיט אַן אָפן מויל, פון וואָס פאַר אַ קראַנקייט די מאמע איז געשטאָרבן? פאַרוואָס מיידט זי כסדר אויס צו דערציילן פון דער מאמעס לעצטע טעג?... און אפשר איז גאָר יאָסל דער סטאָליער נישט דער אמת׳ער טאַטע אירער?... האָט ער דען אַמאָל געוואָרנט דער באָבען זי זאָל אויפהערן פאַרפאָלגן דאָס איינציקע קינד זיינס?... עפּעס אַ געהיימניש איז אין דעם פאַראַן...

די אַלטע האָט זי אויפגעוועקט פון טראַכטן:

— דער צדיק קומט נעבעך אָפּ פאַר די זינד פון רשע. עס איז שווער און ביטער איבערצולעבן דעם געדעכעניש פון די אייגענע קינדער...

זי איז אנטשווינן געוואָרן און מיט אַ שפּיץ פון שאַל געווישט די בלויע טרוקענע ליפּן. רחל האָט געפיבערט פון בייזקייט. די באָבע האָט אַ באַזונדערן פאַרגעניגן צו פייניקן דאָס אייניקל. ביז ווען רעכנט זי צו לעבן, די אַלטע?... און כדי נישט צו פאַרפירן אַ שמועס מיט דער באָבען, וואָס ענדיקט זיך בסדר מיט אַ קריגעריי, איז רחל אראָפּ פון בעטל און זיך אַ לאָז געטאָן צו דער טיר.

— בלייב דאָ! — האָט די באָבע באַפוילן. געבעט און תרעומות איז געווען אין איר קול. רחל האָט אומרואיק אָנגעהויבן ארומצושפּאַנען איבערן שטיבל. טרויער און פאַרלוירנקייט און ריגזע האָט זיך אָפּגעזעצט צווישן אירע שווערע שטומע ברעמען. די אַלטע האָט אויפגעציטערט. אין דער מינוט האָט דאָס אייניקל אויסגעזען פּונקט ווי די טאָכטער אירע, רחלס מאַמע. זי האָט זייער שטיל און איינגערוימט אריינגעברומט אין דער פאַרטאָגיקער בלויקייט אונטערן פענצטער:

— ווי פאַרשידן די נשמות זייערע זיינען... יענע איז געווען פרום און לויטער... די — טמאה... זינקט, פאַלט אַלץ טיפער אין זומפּ...

באַלד די בליקן צום אייניקל אריבערגעטראָגן:

— אַ לייטישע אידישע טאָכטער, מיין קינד, מוז קענען גובר זיין אין זיך די קליפּע...

— קליפּע, קליפּע... — האָט זיך איר רחל נאָכגעקרומט און איר גלייכצייטיק טיף אריינגעקוקט אין די אויגן — דו האסט מיך, באָבע און דו האָסט הנאה מיך צו פייניקן... ווען מען האָט אמתדיק ליב אַ קינד — האָט מען נישט פאַר איר קיין סודות. — זי האָט ארויפגעלייגט אירע פינגער אויף דער באָבעס שפּיציקע אַקסלען און נאָך מיט מער עקשנות און עזות ווידער צוגעגעבן:

— איך לאַך, באָבע, פון דיר מיט דיין זומפּ... וועסט מיך נישט אריינשלעפּן אין אים...

פון דער אַלטערס אויגן האָט געבליצט חוזק און צאָרן:

— שווייג, דו חצופה, — מיט די ציטערנדיקע ליפּן אַ קלאַפּ געטון — ביזט אַ אידישע טאָכטער... פאַרשווער נישט דעם ליכטיקן אָנדענק פון דיין הייליקער מאַמען...

— אָן אַרגעמענטינערן בין איך! — האָט רחל אויסגערופן ראַפּטום, ארונטערכאַפּנדיק די פינגער פון דער באָבעס אַקסלען, — איך בין אַ פרייער מענטש, פאַרשטאַנען?, ביטערע אידענע?... פאַרבאַרגענע נשמה.

— שווייג, שווייג, זאָג איך דיר! — האָט זיך די אַלטע אויסגעגליכט קעגן אייניקל. און דאָס אויפגעציטערטע בערדעלע פון דער באָבען האָט אַ בויער געטאָן אין רחלס אָנגעצונדענע בליקן. — דו גיב מיר נאָר דיין הייליק וואָרט — האָט די אַלטע פאַרגעזעצט, — וועל איך דיר אַלץ דערציילן.

זי איז אנטשווינגן געוואָרן. נאָר די טרוקענע הויט פון איר איינגע־פאלענעם פנים האָט זיך נערוועאיש געגרינצלט און געבלייכט. רחל האָט ווידער די שטילקייט איבערגעריסן:

— נאָר מיך, נאָר מיך, באָבע, סיי־ווי וועסטו בלייבן דער נאָר. וועסט בא מיר קיין שום זאך נישט אויסהאנדלען. אומעטום — האָט זי מיט ביטערניש צוגעגעבן — שטעקט די אידישע סוחרישקייט דיינע...

די אלטע האָט זיך ביטער צעשמייכלט, זיך געשאָקלט אהין און צוריק און געבראָכן די פינגער פון די הענט:

— אנטלויף נישט, רחלע, פון דיינע אייגענע. די פרעמדע וועלן דיך נישט פארשטיין... זיי וועלן דיך טרייבן צוריק צו אונדז.

רחל האָט זיך מיטאמאָל אויסגעדרייט מיטן רוקן צו דער באָבען און זיך א לאָז געטאָן צום טירל. די באָבע האָט איר, נאָכגעשוועבט מיט אויסגעשטרעקטע הענט.

— גיי רחל, שפאר זיך צו אביסל. וועסט מיר, חלילה, איינפאלן גאנצע נעכט אין סאָד... ווײ, ווײ!

נאָר רחל איז שוין געווען אין טאטנס שטיבל. די באָבע, א באליי־דיקטע, האָט ארייננגעשריגן אין שליסל־לאָך — אנטלויף, אנטלויף רחל. פארן אמת וועסטו זיך סיי־ווי נישט אויסבאהאלטן!...

---

קאפיטל 2

# א בייזער און פינצטערער אָנהויב

דער בן־השמשות האָט זיך לייכט אויסגעשפרייט איבער די שמאָלע, זיגזאגיקע געסלעך און זיי באדעקט מיט שטילן אומעט. אויך דער הימל איז אומעטיק געווען און האָט שווער געהאנגען איבער די הויכע און מיט גאוה פאריסענע הייזער, ווי איינצושלינגען זיי אין זיין צעשרפעטן איינגעווייד. בא די ווענט האָבן זיך מיד געשלייכט אויסגעמאטערטע אר־בעטער מיט א נישט־ניחהדיקייט און די שווערע, פון דער היץ איבערגע־מאטערטע גלידער, — דאָס זיינען זיי אהיימגעגאנגען פונעם ארבעטן באם שאָסיי און באם אויסבויען נייע שטיבלעך ארום דאָן טשיטשעם און יאָסל סטאָליערס שטיבלעך.

בא דאָן טשיטשען אין שענקל, אינעם געווימל פון די גרויסע קאָ־לירלאָזע פליגן וואָס זיינען אומגעשפרונגען ארום דעם דראָטענעם שאפ־קעלע מיט געטרוקנטן הזיר־שמאלץ און שמאָלע קישקעלעך, איז דאָן טשיטשע געשטאנען באם שמאָלן און פון מילבן־צעפרעסענעם פארקויף־טיש, ווארטנדיק אף זיינע קונדן. דאָניא פילאר איז ארייננגעקומען און מיט

אַ קויטיקער שמאַטע גענומען אַראָפּטרייבן די פליגן וואָס האָבן געקלעפּט אַרום די פלעשלעך מיט ווײַן אין די ראָפּטן. פייכט פון שווייס איז געווען דאָס אַלטע, צעשמייכלטע פּאָנעם אירס און גליקלעך. די גרויסע בראָדעווקע אַף דער באָרד, די ברייטע קאַרטאָפּליע - נאָז און די שווערע אויסגעהאָרעוועטע הענט און פיס — אַלץ אין איר האָט מיטאַמאָל באַקומען אַ זין, אַ באַדייט. דער פרעסנדיקער צאָרן צום פאַרשולדיקטן מאַן, איז אָפּגערוקט געוואָרן אין אַ זייט, און זײַן אָרט האָט אַ שטילע פרייד אָנגעפילט: האָראָסיאָ מיט רחלן װעלן באַלד קומען צום אָונט־ברויט. דאַרף די מאַמע צוגרייטן גוטע, געשמאַקע מאכלים. זי האָט אַרויסגענומען פון שאַפּקעלע אַ געטריקנט שטיק חזיר־שמאַלץ, עס געטרײ' ארומגעווישט מיטן זוים פון איר פאַרטוך און דערבײַ צום מאַן געטענהט:

— גיי טשיטשע, ברענג מיר אַ גרויסע פּושקע מיט קאָנסערוון, פון די בעסטע, אויך אַ פּעקל מיט האָנגאָס (שוואָמען), די קינדער האָבן עס ליב.

ער האָט זיך ברייטלעך צעשמייכלט, אַ פיר געטון מיט די פינגער אַף אַהין און צוריק איבער זײַנע צוויי שטייפע גרויע וואָנצעס, געסמאַקעט מיט די גראָבע פאַרנאַשטע ליפּן און זײַ זשעדנע באַלעקט מיטן צונג, ווי אַ קאַץ, באַם דערשנאַפּן דעם רייעך פון פּוטער. זײַן צופרידנקייט האָט געוועקט אין איר דעם ווייטיק, דעם גרעניצלאָזן צער:

— אַ קללה אַף אים, מערדער... דאָס פרעסט און זויפט ווי אַ בעסטיע. און זײַ — קינדער מײַנע, קינדער מײַנע...

זי האָט זיך ביטער אָן דערשלאָגן צעזיפצט. וואַרפנדיק צום מאַן אַ שטראָפנדיקן בליק.

דער זון איז אַרײַנגעפאַלן, אַ געשטרעקטער און אַ ליכטיקער. די פרייד האָט אַראָפּגעזונגען פון די צעפלאָשעטע ווילדע קרויזן האָר, פון זאַנפטן צעשמייכלטן מויל. דער צאָרן אין דער אַלטער מאַמען, איז אונטערן זונס וואַרעמען בליק אויסגעלאָשן געוואָרן, ער האָט אַרומגענומען איר פּלייצע, די געבויגענע באַלאָדענע מיט זאָרג, מיטן אייביקן יאָך אונטערטעניק ווײַב, איר אַ קוש געטאָן אַפּן סאַמע מיט פון שטערן און שמייכלענדיק אין די אויגן איר אַרײַנגעקוקט.

— וועסט צוגרייטן, אַלטינקע, אַ סך ראַוויאָלעס; איך וועל פאַרבעטן צום עסן די שכנים אונדזערע, — ער האָט אַ פּאַכע געטאָן מיט דער האַנט צום טאַטן:

— וואָס מאַכסטו, אַלטער? וואָס הערט זיך בײַ די שכנים?

אַנדרעס האָט מען גערופן דעם שכן, וואָס איז קוים צוואַנציק יאָר אַלט געווען, אויגן האָט ער געהאַט טיפע און שוואַרצע ווי סמאָלע, קײַלעכיקע ווי די ניס און אײַנגענומענע מיט אַ אומצוטרוילעך בליצל, מיט איבערגעטריבענער גאווה דאָס לאַנגע טונקל־הויטיקע פּנים אומרואיק און גיריק. דאָס ווײַבל זײַנס, ראָסאַלינדאַ, אַ יאָר פערצן אָדער פופצן, אַ קליינוואוקסיקע, אַ שמאָלע ווי אַ צען יאָריק מיידל, נאָר דאָס פּאָנעם

אירם קיילעכדיק מיט ראָזע פארב אַף די פּוכקע בעקלעך באַחנט מיט צוויי טיפּע גריבלעך. די אויגן שמאָלע און הייסע, אַנגענומענע מיט הכנעה. האָראסיאָ איז געווען פון די ערשטע אין דאָן טשיטשעס שטוב, וואָס האָט באַמערקט די געמיטלעכקייט אין די נייע שכנים. אַ לעבן פון צוויי פרוכטבאַרע טויבן, גאָטס שטילע באַשעפענישן, וואָס וועבן זיך אויס אַן אייגן ארט־לעבן, אַ אידיליע.

אַ סך מאָל האָט ער געהערט אַנדרעסן שפּילן אַף גיטארע, געהערט דעם ווייבלס שטיל וואָרקען און לויבן דעם מאנס קענטעניש אַף דער גי־טארע, דעמאָלט פלעגט אויפגיין אין אים אַ טיפע בענקשאַפט, אַ געמיט פונעם רעש און אומגעזונטן לויפן. וואו ער מיט זיין רחלען זאָלן קענען לעבן רואיק און פריי.

פריער איז אים דעם טאטנס שטוב געווען איבעריק, אַ לאַסט פון וועלכער מען וויל זיך וואָס גיכער באַפרייען. ווען ער פלעגט אַהיימקומען פון שפּיטאָל האָט ער זיך קיין אָרט נישט געקענט געפינען, ער האָט גע־פילט אַז זיין לעבן געהערט צו יענעם אָפגעריסענעם ווינקל, צו אַ וועלט, וואו ער האָט שעה'ן, גאַנצע טעג און נעכט אַריינגעזאָפּט אין זיך דעם ריח פון טויט, דעם איבלדיקן אָטעם פון צעפוילונג, דאָרטן איז ער שעה'ן לאַנג פארטיפט געווען באַ זיין ארבעט, אַ שווייגנדיקער מיט אַ גומענער מאַסקע אַפן פּאָנעם — געשטאַנען באַם לאַנגן מארמאָרנעם טיש — אונ־טער דעם שטרענגן, קאַלטן שאָטן פון די ווענט, אונטער די אויסגעלאָשענע בלויע שויבן, צעפּערטלט די טויטע קערפערס. די לאַנגע פינגער זיינע זיינען דורכגעגאַנגען יעדן פארדעכטיקטן גליד, זיי האָבן געזוכט אַרויס־צובאַקומען פון דעם טויטן לייב, דעם גרוילעכן אמת, וואָס האָט דעם גאַנצן מוח זיינעם באַשעפטיקט — דעם סוד פון דער אויפלייזונג — די סודות, וואָס זיינען איינגעשלאָסן געווען אין די פארגליווערטע הארץ־מוסקולן. אַ סך מאָל, ווען ער האָט דורכגעקוקט די געוועבן פון אַ יונגן פרויען הארץ, איז ער געוואָרן ערנסט, ערשט נישט לאַנג האָט דאָס דאָ־זיקע הערצעלע געליגנערט... געשוואוירן ליבע... געווירקט אַף די יונגען מיט געמאַכטע טרערן אירע, — אליין אויך געבענקט, געחלשט, גע־ליטן און — שוין!... פארוואָס אַזוי גיך, פארוואָס?

נאָך אַזוינע איבערלעבונגען האָט אים די שטוב פון טאטע־מאמע, די קולות פון די שיכורים אין שענקל, קיין מנוחה נישט געבראַכט. פלעגט ער זיך פארמאַכן באַ זיך אין שטיבל, געלערנט און אומגעדולדיק גע־וואַרט ביז רחל וועט קומען... די לעצטע צייט פלעגט ער אַהיימקומען אָפּ־טער, ער האָט ליב געהאַט צו הערן די צאַרטע קלאַנגען פון אַנדרעס גי־טארע און זיך בגנבה צוקוקן צו ראָסאַס יעדע באַוועגונג די באַזונדערע, דעליקאַטע אומשטענדן אירע, האָבן דעם יונגן דאָקטאָר זייער באַמרו־איקט. ער האָט שוין אַ סך מאָל צוגעזען, דאָרטן אין דעם זאַל פון מוטער־שאַפט וואו דרייצן און פערצן יעריקע מאמעס, אַמערסטן אָפּגענאַרטע מיידלעך פון דער פּראָווינץ, האָבן נישט געקענט ברענגען אַף דער וועלט

די ערשטלינגען. זיי האָבן זיך געמאַטערט מעת־לעתן גאַנצע און אויסגע־גאַנגען אין די שווערסטע יסורים. מיט זיין געניט אויג פון אַ פּראָפעסיאָ־נאַל, מיטן געזונט חוש נאָכגעפאָלגט די צעטויעטקייט פון אירע קינדישע היפטן, וואָס האָבן זיך געצייטיקט אין זייער ווייבערישן חן, אויך האָט האַראַסיאָ אויפגעכאַפּט דעם סוד פון גליק, פון איר מאַמעשער פאַרנע־מענקייט, וואָס האָט אַרויסגעשפּאַרט פון די ברייטע, עטוואָס פאַרחידוש־טע אויגן ווינקלען אירע.

דעם צוקונפטיקן דאָקטערס וויזיטן האָט געהויבן די שטימונג און די גייווע אין אַנדרעסן, ער האָט זיך אָבער געמאַכט נישט ווויסנדיק. זיין ווייבל פלעגט דערלאַנגען די מאַטע און ער האָט זיך דערוויייל אָפּגעגעבן מיט דער שטוביקער באַלעבאַטישקייט. אָפּגעפּוצט און אָנגעצויגן די סטרונעס פון דער אַלטער גיטאַרע און אויך געשאַרפט זיין אַלטן גרויסן מעסער, אַלע מאָל ווען ער פלעגט וויזן האַראַסיאָן דאָס פיין געשניצטע הענטל פון געל־העלפאַנטביין האָט ער דערציילט:

— דעם מעסער האָט אים געגעבן אַ מתנה זיין זיידע, אַ באַרג־מענטש פון אַלטן אינדישן אָפּשטאַם, שוין אַריבער הונדערט יאָר אַלט און איז נאָך געזונט און מונטער. האָט פיינט די גרויסע שטאָט, כאָטש ער האָט זי קיינמאָל נישט באַזוכט. דאָן פינטשאָ האָט מען גערופן דעם אַלטן. ווען אַנדרעס האָט זיך געגרייט אַוועקצופאָרן אין דער גרויסער שטאָט, האָט ער אים אַוועקגערופן אין אַ ווינקל הינטער די קאַקטוס ביי־מער, אים אַרויפגעלייגטביידע טרוקענע שוואַרצע הענט אַפן קאָפּ און אָפּירגעבליצט מיט די אויגן פון אונטער די ווייסע שפּיציקע ברעמען זיינע די באַדעקטע מיט חכמה:

— דיין היים, זון מיינער, איז צווישן די בערג... — מיט טיפקייט אין קול אויסגערופן — די ערד וואַרט אַף אונדז... זי האָט אונדז גע־געבן אַ סך פרייד און מיר געהערן צו איר... פאָר און זאָל דיך דאָס גליק אומעטום באַגעגענען... באַמי זיך צו גיין אַפן גלייכן וועג, וועט דיר גרינ־גער זיין בייצוקומען די שטרויכלונגען פון לעבן, זאָל דיין ערלעך אויג נישט פאַרבלענדעט ווערן פון פרעמדן האָב און גוטס... היט דיך פון דער זיסקייט, וואָס קומט פון אַ פאַלשן מויל. גאַרנישט, זון מיינער, איז פאַ־ראַן צווישן די מענטשן... זיי וועלן דיך פאַראַטן ווען דיר וועט זיין שלעכט, דיר נישט פאַרגינען ווען דיר וועט זיין גוט. אין לעבן פון אַן אמתן אינדיאַנער — איז די הויפּטזאַך — די בלוט־קרויוועשאַפט, דאָס מעסער, די גיטאַרע און דאָס ווייב...

אַנדרעס האָט געוואַרעמט אין זיין האַרץ דעם זיידנס קלוגע לערע. ער האָט זי טייער געהאַלטן ווי דעם טייערסטן אוצר. אָפּגעהיט דאָס ווייב, די גיטאַרע און דאָס מעסער.

אויך ראָסאַלינדאַ איז געווען פאַרטאָן מיט איר באַלעבאַטישקייט. זי האָט אויסגעשטריקט וואָלענע זאָקן דעם מאַן און אַלע טאָג ליב געהאַט דורכצוקוקן די שיינע פאַר איר ווערטפולע זאַכן, וואָס זי האָט מיטגע־

בראכט פון דער היים. דעם אַלטן גרויסן אַלבום מיט אַלערליי בילדער פון די אַרגענטינער טאַנגאָ און פאָלקס זינגער, שפּילער און אַרטיסטן. די וואַנט אַנטקעגן דער טיר איז באַקלעפּט געווען מיט אָן אַ שיר בילדער, וואָס זי האָט פון די צייטונגען און זשורנאַלן אויסגעשניטן. אין סאַמע מיט צווישן די בילדער אַף דער וואַנט — איז געווען ראָסאַס ליבלינג, דאָס בילד פון קאַרלאָס גאַרדעל מיט זיין גיטאַרע אין דער רעכטער האַנט, אָן אויסגעפּוצטער אין שוואַרצע סאַמעטענע ברייטע הויזן מיט אַ רויטן גאַרטל אַרום דער טאַליע און מיט אַ ווייסער דריישפּיציקער פאַטשיילע אַרום דעם האַלדז, די רויטע סאַמעטענע וועסט אָפן ווייסן העמד אויסגענייט אַרום דעם זוים מיט געלן שעך און מיט אַ רויטער רויז אָפן האַרץ.

ראָסאַ האָט זיך געשפּיגלט אין דעם בילד, אַ סך מאָל פאַרגאָסן ביטערע טרערן אַף דעם זינגערס פּריצייטיקן טויט און שטיל געהאָפט, אַז דער ערשטער זון אירער וועט טראָגן דעם שיינעם נאָמען פון זינגער. אַלע פּאַרטאָג, ווען דער הויף איז איינגעדעקט געווען מיט בלייכער כמאַרע, פלעגט אַנדרעס אַוועקפאָרן אין דער מערקאַדאָ אַבאַסטאָ וואו ער האָט געאַרבעט אַלס טרעגער, האָט זיך איינגעגעסן מיט זיינע בליציקע אויגן אין ראָסאַלינדאַס צעשמייכלטן מיט שלאָף באַהויכטן פּנים, און אירע יונגע בריסטלעך וואָס האָבן זיך געהנדלט אין זייער ווייבערישער צייטיקייט, אינעם שטייפן לייב, וואָס קוועלט אינעם רייץ מיטן נייעם לעבן וואָס גייט אין דעם אויף.

— ראָסאַלינדאַ, שוואַרצע מיינע! — האָט ער איינמאָל אַנידערגעקניט נעבן איר און מיט פרום פאַרמאַכטע אויגן, ווי אין אַ תּפילה אַ שעפּטשע געטאָן: — זאָלסט מיר פון יענער זייט נישט אַרויסגיין!... היינט וועט דיר דיין מאַן ברענגען גוטע פּרוכטן!... וועסט מיר אַ שיינעם זון געבוירן, אַ גאַוטשאָ, קאַנעכאָ!... ער וועט פעכטן מיטן מעסער און דורכרייטן אַלע באַרג־ווילדעניש, זיך נישט אָפּשטעלן אין די הייסטע טעג אַפילו!

נאָר ראָסאַלינדאַ האָט פּלוצים אירע אויגן צעעפנט און מיט אַ ליכטיקן שמייכל אים אין פּנים אַריינגעקוקט, אַרומוויקלענדיק אירע הענטלעך אַרום זיין האַלדז, אַרויסגעשעפּטשעט אין אַ פּאַרטייעטן גליק:

— אַף גיטאַרע וועט ער שפּילן ווי קאַרליטאָס גאַרדעל... ער וועט אָנצינדן די הערצער פון די באַרג מענטשן... גאָט און די הייליקע מוטער וועלן אים העלפן אויסוואַקסן.

אין יענעם פאַרנאַכט זיינען מאַן און ווייב געווען גליקלעכער פון אַלע שטערבלעכע. אין סאַמע מיט פון שטיבל איז געשטאַנען דאָס ערשטע שטיק מעבל וואָס אַנדרעס האָט אָפּגעקויפט בא אַ מיסט־פּירער. אַ ברייט הילצערנע בעט פון טונקל רויטן סעדרע האָלץ מיט איידעלע אויסשניצונגען אַרום די בייכיק־געטאָקטע פיסלעך און אַרום הויכן קאָפּנשטיק, אָפן בעט איז מיט נגדישער זאָרגפעלטיקייט געלעגן פאַרשפּרייט אַן אַלטע, אָפּגעריבענע פּלושענע, מיט סמנים פון שיינקייט — דעק, מיט לאַנגע זיידענע פראַנזן. איבערן בעט האָט געהאָנגען אַ נעל שילדל פון שטיין מיט גרויסע בוכשטאַבן: — גאָט באַשיץ אונדזער הויז.

אַף אַ גרויסן, בלויען ערדענעם קרוג מיט אונטערגעשאָסענע אויי־ערן, האָט איר דער מאַן געבראַכט אַ בייטשל מיט גלעזערנע בורשטינען. זיי האָבן אַ שטילן רייץ אין ראָסאַלינדאַס אויגן באַקומען. דאָס נייע בעט, די רויטע דאַליעס אין בלומען טאָפּ אַזוי נגדיש און פריש, ווי זי וואָלט אַף דער שענסטער אויסשטעלונג געווען... מאַן און ווייב זיינען געזעסן אין אַ ווינקל פון שטיבל און געטרונקען מאַטע, פרייד האָט געשוועבט אַרום זיי, יאָנטעוו... דאָס שטילע פייערל אינעם קליינעם אייוועלע האָט געצאַנקט, זיך געשטיקט אונטער אַ לייכטן שיכט פון אַש. אַנדרעס האָט אַ פיר געטאָן מיט זיינע לאַנגע פינגער איבער די סטרונעס פון דער גיטאַרע און דאָס שטיבל איז פול געוואָרן מיט צאַרטע, זיסע קלאַנגען, וואָס האָבן געוואָ־רעמט ראָסאַלינדאַס זינגענדיק האַרץ, איר איז נאָר אַ שאָד געווען וואָס זיי זיצן אין שטוב: איר איז ליבער צו זען ווי די שכנישע אינגלעך מיט די מיידלעך האָבן זיך אַלע פאַרנאַכט אויסגעשטעלט אַרום פּלייטל פון גאָר־טן און אויסגעהערט אַלע פאַרנאַכט איר מאַנס שפּילן און זינגען.

מען האָט שוין דעם מאַן אירן איינגעלאַדן פון אַ נאָענטן קלוב ער זאָל שפּילן אַף די ביילעס. אַנדרעס האָט זיך לאַנג געקווינקלט, נאָר אָפּזאָגן האָט ער נישט געקאָנט. צוויי זונטיקן, האָט ער דאָרטן געש־פּילט און גאָר אויסגענומען באַם יונגן עולם, ער האָט זיי געמוזט צוזאָגן, אַז ווינטער וועט ער שפּילן יעדן זונטיק.

אַנדרעס האָט פאַרוואָרפן דעם קאָפּ אַרונטער און מיט האַלב פאַרמאַכטע אויגן נאָכגעברומט אַ ניגון. האַראַסיאָ איז צו זיי צוגעקומען אַ שטילער מיט אַ טיפער נערירטקייט אין די אויגן. ראָסאַלינדאַ האָט זיך אויפגעהויבן און מיט אַ פאַרשעמט פּנים, מיט יראת הכבוד, מיט ברייט צעעפנטע און פאַרוואונדערטע בליקן אויסגערופן:

— דאָקטאָר!...

אַנדרעס האָט אַנגעשטעלט דאָס פּנים אַף האַראַסיאָן און נאָך מיט מער ברען אַפיר געטאָן מיט די פינגער איבער די אויפגעציטערטע סטרו־נעס פון דער גיטאַרע. דערמיט האָט ער געוואָלט אַרויסווייזן זיין בראַוו־קייט, זיין מעענערישקייט. ראָסאַלינדאַ, אינגאַנצן אַ פאַרלוירענע האָט מיט געבעט אין די אויגן אַ קוק געטאָן צום מאַן. ער האָט אַ פאַרשאַר געטאָן אַף אַרויף זיין געדיכטע און ווי סמאָלע גלאַט פאַרקעמטע שוואַרצע קודלע און אַ זאָג געטאָן:

— אויב דער דאָקטאָר וועט נישט אָפּזאָגן, וועט איס מיין שוואַר־צע דערלאַנגען אַ מאַטע. ראָסאַלינדאַ האָט אונטערגעטראָגן האַראַסיאָן אַ מאַטע און אַליין נישט געקענט צו זיך קומען פון איבערראַשונג. האַראַ־סיאָ איז געוואָרן טיף נערירט: אָט אַ די פּשוטע דאָרפס־מענטשן, זייער תמימות און שטאָלץ — האָבן אים צוגעצויגן. אים האָט זיך געוואָלט ווערן אַזוי פּשוט ווי זיי זיינען, זיי זאָלן זיך נישט פילן קלענער פון אים.

האַראַסיאָ האָט נישט געפילט, אָדער מורא געהאַט מודה צו זיין פאַר זיך אַליין, אַז אים, דעם זון פון דאָן טשיטשע מיט דאָניאַ פּילאַר, די פּשוטע האַרעפּאַשניקעס, איז שווער אַנצוהאַלטן די שטייפקייט פון אַ צוקונפטיקן דאָקטער באַנוצן זיך מיט די מאַנירן, די אויסגעלערנטע פון זיינע חברים, די רייכע סטודענטן, די נייע אַרגענטינער אַריסטאָקראַ־

טיע... אים זיינען ליב געוואָרן די דאָזיקע מענטשן, וואָס האָבן אריינגעבראַכט אַ ניי לעבן, אַ נייעם אינטערעס אין זיינע טאַטע־מאַמעס שטוב, די איינגעהילטע אין זיפצן און אין טרערן...

— קומט צו אונדז אַף אָונטברויט — האָט ער האסטיק אַ זאָג געטאָן — וועלן מיר פאַרברענגען אינאיינעם. אַנדרעס האָט אויפגעהויבן צו אים דאָס פּנים, אַ רויטס פון האָפענונג און זייער שטיל געזאָגט:

— נאָך וואָס אַזוי פיל אויפמערקזאַמקייט, ה' דאָקטאָר?

האָראַסיאָ האָט אַ כאַפּ געטאָן די גיטאַרע פון זיינע הענט און מיט געמאַכטער ריגזע באַפוילן:

— געגאַנגען וואו מען הייסט אייך!... קיין איין וואָרט ניט מער!...

אין גאָרטן איז זיי רחל אַנטקעגן געלאָפן. די שוואַרצע, ווייכע לאָקן ווי זיידענע קוטיסן — אַפן אינטערשטן טייל קאָפּ צונויפגעלייגט. דער טראַט אירער האָט געזונגען. האָראַסיאָ האָט צוגענומען בא איר דעם גרויסן לעדערנעם שול־טאַש מיט די ביכער און העפטן און ליבלעך אריינגעשמייכלט אין איר פּנים:

— אַזוי שפּעט פון שולע?

זי האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אַף יאָ. אומגעדרייט דאָס פּנים צו אַנדרעסן מיטן ווייבל און וואַרעם געשמייכלט:

— קומט גיכער, איך בין הונגעריק ווי אַ וואָלף.

רחל האָט אַרויסגעוויזן אַן איבערגעטריבענע פּריילעכקייט, כדי צו דערשטיקן אין זיך דעם שווערן געפיל וואָס איז איר פאַרבליבן נאָך דער קריגעריי מיט דער באָבען, דאָן טשיטשע האָט שוין געוואַרט אַף זיי אין סאַמע אויבנאָן באַם טיש, מיט אַ גרויסער רויטער סערוועטקע אַרום האַלדז.

— די לערערן וועט זיצן נעבן מיר, פּריילין! — האָט ער אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט אַנטוועגן זיי. — ראַקעליטאַ סיעמפּרע בעלאַ, סיעמפּרע בוענאַ (רחלע איז כסדר שיין, כסדר אַ גוטע).

זי האָט זיך באַקוועם אַוועקגעזעצט אַף דער לאַנגער באַנק נעבן אַלטן און האָראַסיאָ נעבן איר. די שכנים האָבן זיך אַוועקגעזעצט באַם אַנדערן עק פון טיש און מיט זשעדנע בליקן געקוקט אַף דער גרויסער שיסל מיט אינסאַלאַט, אַף די פלעשער מיט ביר און וויין, האָראַסיאָ האָט געוויקלט זיין רעכטע האַנט אַרום רחלס שמאָלער טאַליע און זי אָנגעקוקט מיט פאַרחידושטע בליקן:

— ווי שיין דו ביסט איצט, רחלע, ווי לויטער!...

זי האָט שטיל געשמייכלט אַרויסגענומען פון שול טאַש אַ גרויסן העפט און אַ צעעפנטן אַוועקגעלייגט אַפן טיש, ראָסאַלינדאַ איז געוואָרן רויט, די אויגן אירע האָבן געפינקלט מיט אומרו איבער די פיין געצירקלטע בוכשטאַבן. נישט איר מאַן און אויך נישט האָראַסיאָ מיט זיינע טאַטע־מאַמע האָבן געוואוסט, אַז רחל האָט אַלע פאַרנאַכט געלערנט ראָסאַלינדאַן צייכענען און שרייבן. אין די דריי חדשים וואָס זי גיט זיך אָפּ מיט דער נייער שילערן, וואָס האָט פריער קיין אות נישט געקענט אָנשרייבן — האָט ראָסאַלינדאַ דורכגעמאַכט דעם ערשטן גראַד. רחל איז געוואָרן

איבער גליקלעך, דאָס האָט זי צוריקגעבראַכט דעם העפט פון שפּאַנישער שול וואו זי איז לערערן און דירעקטאָרשע פון שול, איז אַנטצקיט פון ראַסאַלינדאַס פּעאיקייטן און פון איר אייגענעם קלוגן איינפאַל.

זי האָט זיך אין אַ ווארעמען טאָן געווענדט צו אַנדרעסן:

— אויב ראָסאַלינדאַ וועט האָבן גענוג אויסדויער וועט זי נאָך זייער ווייט אוועקגיין, מיר וועלן זי מאַכן פאַר אַ פּרעבליסטן.

אַנדרעס האָט אַ געצוואונגענעם שמייכל געטאָן, זיין פראַנגנדיקער בליק איז געבליבן הענגען אָפן ווייב, אין וועמענס אויגן עס איז אויפגעגאַנגען צעטומלונג מיט גרעניצלאָזער הכנעה.

— זאָל נאָר דאָן אַנדרעס נישט זיין ברוגז! איך בין ניט שולדיק...

געבעט און פאַרלוירנקייט איז געווען אין איר קול. רחלען איז שווער געווען צו זען ראָסאַלינדאַס מורא פאַרן מאַן. זי האָט אים אויסגעשטרעקט ביידע הענט און פאַרליינגן געשמייכלט:

— מיר האָבן נישט קיין סודות פאַר אייך. מיר האָבן געגרייט פאַר אייך דעם אָנגענעמען סורפּריז. ווי שיין ס'וועט איר פּאַסן דער שוואַרצער; רחל איז אַנטשווינגן געוואָרן, דערפילט אַף זיך דעם חתנס ווארעמע בליקן און אויך דאָן טשיטשעס — אַ מאָדנע שטילקייט האָט זיך אָפּגעזעצט באַם טיש.

צווישן די גרינע בלעטער פלאַנצן, איבער די אָפענע טיר און פענצטער, זיינען מחנות מיט גרויסע שוואַרצע ליכט פליגן אומגעשפּרונגען, געבליצט מיט שאַרפע אויגן פון ווינקל צו ווינקל. מיט אַ מילדער שיין אָפן פאַרשוויצטן פנים, און מיט אַ גרויסן ערדענעם טאָפּ אָפן שפּיץ בויך וועלכן זי האָט אַרומגעהאַלטן מיט אַ קויטיקער קיך־שמאַטע, איז אַריינגעקומען פון קיך די אַלטע דאָניאַ פּילאַר, רחל האָט זיך ראַפּטום אויפגעהויבן און צוגענומען בא איר דעם טאָפּ. די אַלטע האָט פרייער אָפּגעאָטעמט, מיטן זוים פון איר פאַרטוך געווישט דעם שוויים פון איר פאַרפלאַמטן פנים, און מיט דאַנקבאַרקייט אין רחלס פנים אַריינגעשמייכלט:

— ראַקעליטאַ עס אונאַ סאַנטאַ. (רחלע איז אַ הייליקע)

דאָן טשיטשעס האָט באַקומען אַ פאַרנאַשטן פנים, ראַפּטום אַרויסגעכאַפּט פון טאָפּ דעם גרויסן קאָך־לעפל און אָנגעהויבן אָנצופילן יעדנס טעלער מיט הייסע ראַוויאָלעס. וואָס האָבן זיך געבאָדן אין פוטער מיט קאָנסערוון, ער האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן צום פּרעסן, זיך געאײלט גלייך ווי ער וואָלט מורא געהאַט, אַז עמיצער וועט אויסכאַפּן עפּעס פון דעם פולן טעלער זיינעם. געוואָרפן דאָס הייסע געקעכץ פון איין זייט מויל צום אַנדערן, זיך געבריט די באַקן און מאָדנע מיט די שטייפע אין קאָנסערוון איינגעטונקענע וואָנצעס געדרייט:

אויך האָראַסיאָ האָט געגעסן מיט אַפּעטיט, רחל האָט אים אַ שעפּטשע געטאָן אָפן אויער:

— האָסט מיר גאָרנישט וואָס צו דערציילן, אינגל מיינער, איז דיר היינט געגאַנגען גוט אין דיין אַרבעט?

ער האָט אַ שלינג געטאָן און טראָציק געענטפערט:

— מיר גייט עס כסדר שלעכט...
— ווילדער, ווילדער!
דער אַלטער האָט אויפגעהויבן זיין פול גלאָז איבערן טיש:
— פאַרן געזונט פון אונדזער לערערן, פאַרן געזונט פון אונדזער יונגן דאָקטאָר ראָציאַ.
די אַלטע האָט אים אָפּגעמאָסטן מיט צעפייניקטע בליקן:
— און פאַרן געזונט פון יענע קינדער, דאַרף מען נישט טרינקען? אַ טאַטע!... — האָט זי אַ דערוואָרגענעם קרעכץ געטאָן — אַ גרויס אַי־טאַליע האָט ער געוואָלט.
טרויער האָט אַ ווייל געטאָן אַרום רחלס שווערע ערנסטע ברעמען.
— הער זיך נישט צו צו זיי, רחל — האָט זיך האָראַסיאַ גע־בייזערט.
זי האָט אים אָפּגענאָסן מיט אירע וואַרעמע בליקן:
— ביסט געקומען אַף לאַנג, אינגל מיינער?
— איך קען בלייבן, אויב עס איז נויטיק, באַרים וועט מיך פאַר־טרעטן. זי האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אַף ניין.
רחלס טאַטע, יאָסל דער סטאָליאַר איז אַריינגעקומען ווי אַ היי־מישער, אַ בעל־משפּחה, זיך אָוועקגעזעצט באַם טיש און אַנגעשטעלט די אויגן אַף רחלען:
— שוין לאַנג געקומען, טאָכטער? די באָבע דיינע שפּילט מיר היינט יענע חתונה...
ער האָט דערלאַנגט האָראַסיאָן די האַנט און געפרעגט:
— פאַרוואָס, זון מיינער, ווייסטו זיך נישט, פאַרגעסן ווייזט אויס, דעם וועג צו מיין וואַרשטאַט?
רחל האָט אַרויסגעפילט אַ מאָדנע מידקייט פון טאַטנס שטים, פאַרשטאַנען אַז די אַלטע האָט אים היינט אָנגעקלאַפּט אַ פולן קאָפּ, זי האָט געטראַכט: — ווען זי וועט חתונה האָבן וועט אויך דער טאַטע ווערן אויפגעריכט, ער וועט זיין באַ איר, זאָל די באָבע וואוינען אין שטיבל איינייִנעם מיט איר שנעון, מיטן שימל...
זי האָט אויפגעכאַפּט אַנדערעס אַ צעשמייכלטן בליק, וואָס האָט גערוט אַף יאָסלס אומרואיקן שטיקל אָרעם אין אַרבל פון דער פּידזשאַמע, אַ גרויע כמארע האָט באַדעקט איר פּנים, טיפער מיטגעפיל צום טאַטן. זי איז צו אים צוגעגאַנגען און אַראָפּגערוקט דעם אַרבל, איבער דער צונויפ־געצויגענער וואונד און שטיקל האַנט. אָנגעפילט אַ טעלער מיט ראַוויאָלעס און מיט טיפער קינדערשער ליבע און טריישאַפט געזאָגט:
— עס טאַטע, זיי זיינען זייער געשמאַק.
ער האָט אויפגעהויבן צו איר די שטילע, בלויע אויגן און נישט געוואוסט פון וואַנען עס האָט זיך פּלוצים גענומען אַזאַ גוטסקייט צו אים. די לעצטע צייט איז רחל געוואָרן ווייט פון טאַטן, ווייט פון אייגענער שטוב, דאָן משימשע האָט אים צוגערוקט אַ גלאָז ווייַן און געזאָגט מיט געזונטער הנאה:

— זאָל דער דאָן כאָסע, אַ ווייז טאָן ווער עס קען אויסטרינקען אַ קאַלט גלעזל, זאָל ער! יאָסל האָט אָפּגעענטפערט:

— מירן אויסטרינקען פאַרן וואוילזיין פון דער בעסערער טייל מענטשהייט. אין אַנדרעס אויגן האָט זיך געבילדעט אַ מאָדנער אומצוטרוי און נייגיר, ער האָט זיך געווענדט צו יאָסלען:

— איז דאָס אמת, דאָן כאָסע, אַז די גערמאַנער קומען שוין צו אונדז?

יאָסל האָט אים אָנגעקוקט מיט איבעראַשטע בליקן און באַלד זיינע בליקן אָפּ רחלען איבערגעטראָגן. אַ שווערע שטילקייט האָט זיך אָפּגעזעצט אַרום זיי, פון די גרינע נאַכט פליגלעך, וואָס האָבן זיך וויכערדיק גע־דרייט אַרום דעם אויפגעבליצטן עלעקטרישן לאָמפּ, פון די אַלטע מיט שטויב באַדעקטע שטיקער מעבל צעפּרעסענע פון מילבן, פון דעם צימערס שטומע אויסגעצויגענע ווינקלען אַדורכגענומענע מיט דער אַלטערס דער־שטיקטע זיפּצן געמישט מיט פוילע ריחות פון די געוועלקטע בלומען וואָס האָבן געהאַנגען איבער דעם בילד פון דער הייליקער יונג־פרוי, פון יעדן גאָפּל־מעסער, — פון אייגענעם לייב און לעבן — האָבן זיך אומרו־איקע כוואַליעס אויפגעהויבן און ברויזנדיק געשמיסן איבער זיין פּנים, נישט געלאָזט רוען.

יאָסל האָט פאַרלוירן געשמייכלט און קיין וואָרט נישט געענט־פערט. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז די דאָזיקע האָפענונגען, האָט אַנדרעס געשעפּט און שעפּט יעדן טאָג צווישן די קונים פון דאָן טשיטשעס שענקל. אַנדרעס האָט זיך צוגעבויגן צו אים, קענטיק געווען, אַז ער האָט זיך ווידער געגרייט באַ אים עפּעס צו פרעגן. יאָסל האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און אים טיף אין די אויגן אַריינגעקוקט.

— שוויג שוין בעסער אַנדרעס: אויך דיר האָט מען שוין איינגע־שמועסט אַ גרויסקייט, די בלוט זויגער, דער אומגליק פון די פעלקער שפּרייטן דעם סם זייערן ווייט איבער ימים און גרייכן אין לענדער צו פאַרפּעסטן די מענטשן מיט אַ שרעקלעכער חלאת, מאַכן קראַנק און משוגע מיליאָנען און מיליאָנען אָרנטלעכע מענטשן — זיי וועלן אָבער פאַלן ווי די שפּענער אונטער דער שאַרף פון זייער אייגענער בלוטיקער האַק...

יאָסל איז אַנטשוויגן געוואָרן און דאָס ווייסע פּנים זיינס, די מילך־ווייסע צעכוואַליעטע האָר אָפּ זיין פאַרה ויבענעם קאָפּ איז באַדעקט געווען מיט שטומען ערנסט און מאָנונג, אַנדרעס האָט זיך נישט אונטער־געגעבן. די אומצוטרוילעכע בליקן אין זיינע אויגן, אָנגענומענע מיט כיט־רעקייט האָבן זיך אַ גליטש געטאָן איבער יאָסלס צאַפּלדיקן שטיקל אָרם.

— עקשן זיך נישט, דאָן כאָסע — זשעסטיקולירט ער מיטביידע הענט — גייט אַריין אין דער מערקאַדאָ וואו איך אַרבעט, וועט איר הערן... די דייטשן וועלן אַרויסטרייבן פון דאַנען סיי די ענגלענדער און סיי די לייזיקע אידן. אַרום רחלס צונויפגעפּרעסטע ליפּן האָט אויפגעצי־טערט אַ דין פאַרלעגן שמייכעלע. זי האָט אויסגעמיטן דעם טאַטנס בליקן.

דאַן טשיטשע האָט אַ לאַך געטאָן, זיך געפּויקט מיט די פויסטן איבערן בויך, — זייט נישט קיין קעגנער, דאַן קאַצע, אַז די גאַנצע וועלט האָט זיי פיינט די אידן, מסתמה האָבן זיי דאָס פאַרדינט. און פאַרוואָס? — האָט ער מעשה גרויסער ווייסער און מענטשן־קענער אַ צעפּיר געטאָן מיט די הענט איבערן טיש — פאַרוואָס האָבן מיר אייך נישט פיינט? אַ? ווייל איר פאַרדינט נים קיין פיינטשאַפט! די רוסאָס זיינען לייטישע מענטשן...

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן און די גרויסע אויגן זיינע, די דורכ־געוועבטע מיט דינע, רויט־געשוואָלענע בלוט פעדעמלעך, האָבן וואַרטנדיק אויף דעם מחותנס פּנים געהאָנגען.

יאָסל האָט אַ קליין זיפצל געטאָן. ער האָט געפילט און אַרויסגע־זאָגט דעם בלוטיקן אמת: — ווען אין אַ לאַנד הייבט זיך אָן אַ וויסטער, פינצטערער האס פון איין טייל פאָלק קעגן צווייטן, ווען מען הייבט אָן איינשמועסן פון העכערע און נידעריקע ראַסן — איז דאָס אַ סימן, אַז די מלוכה איז צעפרעסן און די מאַכט האַלט באַם איינברעכן זיך. די פּולע זעק מיט רויב, גנבה און גזלה שטייען דאָ אין קאָן. די הערשער שרעקן זיך פאַר זייער אייגענעם אומעט און שאָטן, האַלט מען די מאַכט, די קרוין אויף ביקסן און באַגנעטן און מען זוכט דערווייל אַ שולדיקן, וועמען צוטשעפּען די אייגענע רויבערישע פאַרברעכנס, די אייגענע אומפעיקייט צו רעגירן און אַזוי אַרום ווייטער מיט מער זיכערקייט און רואיקייט זויגן דאָס בלוט פון די אַרבעטנדיקע מאַסן פון די פעלקער.

— דאָס איז אמת!... — האָט דאַן טשיטשע חבריש אויסגע־שטרעקט יאָסלען די האַנט — דאַן קאַצע, ווייסט וואָס ער זאָגט! דאַן קאַצע איז אַן אמת'ער איטאַליענער... נים קיין רוסאָ, נים קיין פּאָלאַקאָ...

האַראַסיאָ האָט דורכגעבויערט דעם טאַטן מיט אַ בייזן בליק. שטענדיק ווען דאַן טשיטשע איז געווען געפעלן יאָסלם אַ מיינונג — האָט ער אים פאַררעכנט פאַר אַ איטאַליענער. איז אים אָבער אַמאָל נישט גע־פעלן געוואָרן יאָסלם אַן אַרויסגעזאָגטער געדאַנק, פלעגט ער זיך היצן און בייזערן. וואָס ווייסן זיי, די רוסאָס, די פּאָלאַקאָס?...

דעם טאַטנס טעמפּקייט האָט האַראַסיאָן פאַרשעמט און געערגערט און כדי נישט צו פאַרשעמען אים אין דער קעגנוואַרט פון פרעמדע מענ־טשן און אים הייסן שווייגן, האָט ער אָנגעהויבן קלאַפּן מיט איין גאָפּל אינעם צווייטן און אונטערגעפייפט אַ ניגן פון אַ פריילעכן טאַנגאָ.

רחל האָט געטריבן פון זיך דעם אומרו, וואָס האָט זי די לעצטע צייט פאַרפאָלגט — נאָך וואָס די אַלע געשפּרעכן?... אָט אָ די טרוימער, די גרויסע באַפליגלטע קינדער, די אייביקע באַוואונדערער פון זייער באַ־ליבט לאַנד, זייערע באַפרייער, לערער און פירער. קינדער אין וועמענס בלוט עס לעבט דער אָטעם פון סאַרמיענטאָ, פון ריוואַדאַוויאַ, סאַן מאַרטין, מאָרענאָ, פון סאַנעז פּעניאַס הייליקער צוואה, וואָס איז ווי מיט פייער־דיקע אותיות אויף זיין מאָנומענט אויסגעקריצט — אַמעריקע פאַר דער גאַנצער מענטשהייט — אָט די דאָזיקע פרייע קינדער וועלן נישט ברענ־גען קיין חשבון אויף דעם געוויסן פון אַ פאָלק, זיי וועלן נישט ברענ־

פּארעטער, וועלן נישט צעברעכן דאָס איינענע הארץ. דער אומרו אין רחלען האָט זיך דאָך נישט איינגעשטילט. אַ מאָדנע זאָרג איז אויפגעגאַנגען אין איר. יעדעס מאָל ווען זי האָט געהערט באַם טיש ריידן פון די דייטשע, פון די קריאַזשע נאַצים — האָט זי אויפגעציטערט און געפּרוואווט מיט אַלע כוחות אויסצומיידן אַזעלכע געשפּרעכן. זי האָט נאָך געפילט דעם ביטערן טעם פון דער באַבעס בייזע פאַרוואורפן פון היינט פארטאָג און זי האָט געבענקט נאָך מנוחה. זי האָט אַנגעשטעלט אַ אומרואיק פּנים אַף אַנדערעסן און אויסגערופן מיט פאַרוואורף:

— איר וואָלט זיך געמעגט שעמען צו ריידן אַזוי וועגן די דייטשע העכקער, דעגענעראַטן, בעסטיעס אין מענטשן געשטאַלט, וואָס מאַכן זייף פון מענטשלעכן לייב!

יאָסל האָט זיך געווענדט צו דער טאָכטער:

— אַ גרופּע אויסוואורפן האָבן זיך ווי ווערעם איינגעפרעסן אין די לעבנס פון מיליאָנען אומשולדיקע מענטשן. און אָט האָבן זיי די דעגענעראַטן משוגע געמאַכט אַ גאַנץ פאָלק — און דער שגעון, טאָכטער מיינע — האָט ער מיט ווייטיק צוגעגעבן — איז אַ אַנשטעקנדיקע קרענק, ס'וועט אָבער קומען די רפואה אויך, איי וועט זי קומען!

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן און געקוקט צו דער טאָכטער. זי האָט אים פאַרשטאַנען: ער האָט פאַרשוויגן זיין אָפּשטאַם, כדי זי, די טאָכטער זאָל אים נישט חושד זיין אין אַ שלעכטן געדאַנק... זאָל זי נישט מיינען, אַז די באָבע דבורה האָט אים פון וועגן אַראָפּגעפירט... ערשט נעכטן האָט דער טאַטע געערדט מיט האַראַסיאַן — מיר איז פיינלעך, מיין קינד, צו וואַרטן ביז אין דיין טאַטנס הארץ וועט זיך פולשטענדיק אויסצייטיקן דער האָס צו מיין אָפּשטאַם, וואָס די קונים זיינע פלאַנצן אין אים איין... אַ מענטש וואָס ווערט אַ בלינדער ברודער־מערדער, פאַלט אינעם זומפּ נידעריקער פון נידעריק...

האַראַסיאַ האָט זאָרגלאָז געלאַכט, באַקסירט מיט געבייזלטע פּויסטן קעגן איר טאַטן, אונטערטאַנצנדיק אָפּגעענטפערט:

— זאָלן זיי זיך מאַכן נאַריש. מיין טאַטע וועט קיין ברודער־מערדער נישט ווערן. אין מיין לאַנד וועט צו קיין געמיינקייטן נישט קומען. מיר זיינען אַרגענטינער!

כדי נישט צו גריבלען זיך צופיל אין די אייגענע צווייפלען און כדי נישט אויסצוהערן די טענות באַם טיש, וואָס האָבן איר פאַרשטערט די פרייד, האָט זיך רחל אויפגעהויבן און זיך געלאָזט צו דער טיר, מיט־רופנדיק מיט אַ וואונק אַנדרעס ווייבל — צוריקגעקומען זיינען זיי פריי־לעכע און באַנייטע. ראָסאַלינדאַ איז געווען אויסגעפּוצט אין רחלס אַ בלוי מאַרקאַזעטן קליידל מיט שוואַרצע בלומען און מיט בלוי־זיידענע שיכלעך אַף די באָרוועסע פיס, העכער און ווירדיקער האָט זי אויסגעזען, איר פּנים האָט געקוואָלן מיט דינע וואַרעמע שמייכלען. רחל האָט געטריי אַרומגעצויגן די שפּיצן פון קלייד און דערביי געטענהט:

— דאָס קלייד, ראָסאַלינדאַ, זאָלסטו אָנטאָן נאָר אין די פּאַר־נאַכטן, נאָר ווען דיין מאַן איז אין דער היים, אַף אומצוגיין אין שטוב וועל איך דיר מאַכן צוויי נייע כאַלאַטן, בלויע און ברייטע, זיי וועלן דיר פּאַסן און קליידן וואונדערבאַר שיין.

די אַלטע האָט אָפּגעגאָסן רחלען מיט וואַרעמע שמייכלען.

— אַ הייליקע ביסטו, רחלע, מאַמע מיינע.

— אויך דעם דאָן אַנדרעסן — האָט רחל פאַרגעזעצט — וועלן מיר קריגן אַ גוטע שטעלע, זאָל ער נאָר האָבן אַ קליין ביסעלע געדולד.

זיכערקייט איז געווען אין איר קול געמישט מיט ליבשאַפט. רחל האָט ליב געהאַט די צוויי יונגע דאָרפס־מענטשן, ווייל זיי זיינען געווען ערלעך און ווייל האָראַסיאָ האָט זיי ליב געהאַט. אַלץ וואָס אים איז גע־ווען נאָענט איז אויך איר, רחלען, נאָענט און ליב געוואָרן.

די שטימונג באַ די שטוביקע איז געוואָרן מונטערער, דער אַלטער האָט אָנגעפּילט די אויסגעליידיקטע גלעזער און געלאַכט מיט פאַרכלי־נעטער פרייד:

— אַ רחל איז דאָס, אַ קליין מאַמעלע...

— דאָן טשיטשע, דאָן טשיטשע! — האָט זיך געהערט אַ הייזעריק קול פון יענער זייט בלעטער פּלאַנצן — דער קליינער שיכור הערט נישט אויף צו טרינקען, קיין איין סענט צאָלט ער נישט.

דאָן טשיטשעס אויגן, די טיפע קאַרבן אויפן שטערן און אויפן האַלדז זיינען אָנגעגאָסן געוואָרן מיט בלוט. ער האָט זיך אויפגעהויבן און ראַפּ־טום צו דער טיר געלאָפן, מיטשלעפּנדיק דעם טישטעך פון טיש, אַ שאַר־פּער געבראַזג פון געפּעס און פון פלעשער איז אים נאָכגעלאָפן. ער האָט אַ צעשטרייטן קוק געטאָן הינטער זיך און געבורטשעט אין די נאַסע וואָנ־צעס אריין:

— גיין צו דער זונה וואָס האָט דיך פאַרלוירן...

די אַלטע איז געשטאַנען צווישן אַ הויפן צעבראָכענע גלעזער און אריינגעהעשעט אין די הענט: שיכור! די הענט מיט די פיס, דעם משוגע־נעם קאָפּ זאָלסטו בעסער געווען צעברעכן.

יאָסל האָט זיך אַ פאַרשעמטער אַפּירגעשאַרט פון טיש. זיך גע־לאָזט צו דער טיר, די קולות וואָס האָבן זיך ווי אַ האָגל אַ שאָט געטאָן פון די קונים אין שענקל האָבן אים אָפּגעשטעלט:

— האַרגעט אידן, דאָן טשיטשע, און זייט אַ פּאַטריאָט!

— איך פאָר קיין איטאַליע, צען ענגלישע גאָרגלען אַף איינמאָל איבערצושניידן.

— כאַ, כי, כי. דיין האָווערדיקן גאָרגל וועט דער דוטשע היינט איבערשניידן אויב דו וועסט אים אַ שלעכטער שפּירהונט זיין.

— זאָל לעבן דער קעניג פון איטאַליע!

— זאָל לעבן בעניטאָ!

— זאָל לעבן היטלער, אַ טויט די אידן!

— זאָל לעבן סטאַלין, זאָל לעבן די רויטע אַרמיי!

— אַ טויט דעם איד רוזוועלט!

האַראַסיאַ איז געוועז צוטומלט. יעדער קול וואָס איז געקומען פון די קונים — האָט בײַ אים אַ באַזונדערן געפיל געוועקט. די נאָזלעכער זײַנע ברייט צעעפנטע ווי בײַ אַ פערד וואָס דערהערט דעם ערשטן מלחמה מאַרש, די אָנגעצונדענע בליקן, אַלץ אין אים האָט געצאַפּלט, געזאָטן פון צאָרן. רחל מיט איר טאַטן זײַנען געשטאַנען בלײַכע מיט פאַרלוירנ־קייט אין זייערע בליקן. ער האָט אַרויסגעכאַפּט אַ געלאָדענעם רעוואָלווער פון טישקעסטל און מיט אומבאַזאָכטקייט זיך אַ לאָז געטאָן צו דער טיר. רחל האָט אים אָנטקעגנגעשטעלט בײַדע הענט און מיט אַלע כוחות אַ געשריי געטון פון פאַרצווייפלונג:

— גיי נישט אַהין, ליבסטער מײַנער!

ער האָט זיך געוועט. די אַלטע און אויך אַנדערעס האָבן אים פאַרשטעלט דעם וועג. יאָסל האָט צו אים אויפגעהויבן די צעשוימטע ווײַסקייט פון זײַן גרויען קאָפּ און די פאַרשעמונג פון זײַן דורכלויכטיק בלייך פנים — גיי נישט אַהין, מײַן קינד — האָט ער מיט טיפקייט אין קול געבעטן — זאָלן זיי מרוקען, די צעיושעטע, גרויסע פּאַטריאָטן, דײַנע הענט, דײַן לעבן איז צו הייליק צוצורירן זיך צו אזעלכע טמאים. — ער איז אַנטשוויגן געוואָרן און זיך פון אָרט נישט גערירט, און אַ צערודערטער האָט ער אַרײַנגענומען רחלען אין זײַנע אָרעמס, געטריי געטוליעט איר קאָפּ צו זײַן ברוסט און דורך בייזער ציין־קריצעניש געברומט:

— ווי די משוגענע הינט וועל איך זיי פון דאַנען פאַריאָגן.

יאָסל האָט אַלץ נידעריקער דעם קאָפּ געבויגן, געהאַט אַ שווער געפיל, אַז דאָס איז נישט דער סוף פון עפּעס אַ אומשולדיקן געשריי, נאָר אַ בייזער און פינצטערער אָנהויב...

---

קאַפּיטל דריי

# דבורה איז אומרואיק

דער קײַלעכדיקער קלויסטער זייגער, האָט אויסגעהאַמערט צוועלף קלעפּ, שווערע און מאָנאָטאָנע מיט אַ וויינענדיקן געבריל פון אַ געפּייניק־טער חיה. דבורה האָט זיך איבערגעדרייט פון איין זײַט אויף דער אַנדערער און שווער געזיפצט. דאָס קלינגען פון קלויסטער־זייגער האָט געוועקט אין איר אַ מאָדנע אימה, איר דערמאָנט אין אינקוויזיציע קעלערן, אין וועלכע מ'האָט געפּייניקט די אומגעהאַרכזאַמע אידישע זין און טעכטער, וועלכע האָבן נישט געוואָלט אָפּטרעטן פון זייער גלויבן. דער קלאַנג פון זייגער האָט איר אויך דערמאָנט אָן ניקאָלאַסן דעם בן־יחיד פון פּראַ־וואָסלאַוונעם גלך, וואָס קערט וועלטן אין דאָן טשיטשעס שענקל, רופט צו

פּאַגראָמען. זי האָט זיך אויפגעזעצט אין בעטל, צונויפגענומען אַרום זיך די אָפּענע פּאַזוכע פון אלטן העמד און אַריינגעברומט אין דער אָנגערוקטער, באַנאַכטיקער גרויקייט וואָס האָט געשפּאַרט אין שטיבל אַריין:

— שלאָפסט, רחל, רחל'ע... הער נאָר, קינד מיינס, וואָס עס טוט זיך דאָרט!

אומרו איז געווען אין איר קול, פון אַ מענטשן וואָס פילט אַ געפאַר. אויך רחל האָט געהערט, וואָס באָם מחותן אין שענקל האָט זיך געטון, נאָר אַרויסווייזן איר שוואַכקייט פאַר דער באָבען, איז איר נישט אָנגעשטאַנען. זי האָט רוגזהדיק אַריבערגעצויגן איבערן קאָפּ דעם זוים פון ליילעך און זיך אויסגעדרייט מיטן רוקן צו דער אַלטער. די באָבע איינגאַנצן אַ אומבאַהאָלפענע, האָט אָנגעהויבן ברעכן די פינגער פון די הענט און אַריינגעזיפצט אין דער בלויקייט אונטערן פענצטער.

— ווי איז צו מיר. אויך זיי זיינען שוין משוגע געוואָרן... די קליפּע אין זיי בושעוועט ווידער — האָט די אַלטע געקרעכצט ווי אַ געבונדערע און די אויגן האָבן פיינלעך צום הימל געלויערט, גערופן — אוי, גאָט, כמעלניצקים אייניקלעך רופן שוין ווידער צו פּאַגראָמען... שווייגסט, רחל! האָט זי זיך סודותדיק און שטיל ווידער צום אייניקל מיט די בליקן געווענדט. דו עקשן, משומד, שעם זיך ביז אין דיין וויטן האַלדז אַריין איניינעם מיט דיין טשיטשקעס היידעמאַק...

דעם אייניקלס שטומקייט האָט געריסן שטיקער פון דער אומרו־איקער באָבע, די לעצטע צייט האָט זיך דבורה אַ נעם געטאָן צו איר אייניקל, געמאָנט אַ סוף צו מאַכן צום שידוך מיט האָראַסיאָן. אויך האָט דבורה אָנגעהויבן מער און זייער אָפּט אויסצוטענהן זיך מיט איר גאָט, דעם איינציקן צו וועמען זי האָט געבעטן גערעכטיקייט און געגלויבט אין זיין יושר: זאָל זי שווייגן, דאָס פאַרפירטע אייניקל, אָבער דער, וואָס לעבט אייביק, ער זעט אַלץ, ער שווייגט נישט... — האָט זיך דבורה געטרייסט — האָט ער דען נישט אומגעקערט דער מוטער שרה דעם זון יצחק פּונקט ווען זי האָט אים שוין געהאַט איבערגעגעבן אין רשות פון אַלמעכטיקן?... ווייל גאָט האָט זי, די אידישע טאָכטער, געשטעלט פאַר אַ נסיון... און אפשר שטעלט ער אויך זי, דער ליבער פאָטער אין הימל פאַר אַ פּרוואוו?.. ניין, דבורה וועט דעם בטחון נישט אָנווערן... אַ געפּייניקט אידיש האַרץ מוז האָפן און וואַרטן. גרויס זיינען די וואונדער פון אַלמעכטיקן

אַ זילבערנע בלייכקייט האָט זיך צעווייעט אַרום דעם עקשנתדיק פאַריסענעם בערדעלע אירן. דבורה האָט צורעכט געמאַכט דעם טשעפּטשיק אויפן קאָפּ, איינגעטונקען די פינגער אין גלאָז וואַסער אויפן נאַכטטישל און מיט פרומקייט אין קול אָנגעהויבן שעפּטשען די הייליקע ווערטער פון תהילים: „געבענטשט איז דער מענטש וואָס גייט נישט אין דער עצה פון די רשעים, וואָס שטייט נישט אויף דעם וועג פון די זינדיקע. גאָט קען דעם וועג פון די צדיקים, דער וועג פון די רשעים וועט פאַרלוירן ווערן.

לויטערקייט האָט זיך געשאָטן אין איר בלוט. דער טרוקענער גוף, די נשמה האָט זיך אויסגעטאָן פון דער לאַסט מיט יסורים, ווי אַ פאַרלוירן וואָלקנדל האָט זיך דבורה אויסגעדרייט מיטן פּנים צו דער וואַנט. זיך איינגעקנוידערט אין לײַלעך און געפּרואווט דרימלען. באַלד אָבער האָט זי ווידער דערהערט אַ שיכורן קול:

— הרגעט אידן און ראַטעוועט דאָס לאַנד...

דבורה האָט מיט די ציטערדיקע הענט פאַרשטעלט די אויערן און מיט אַ צעפּייניקט קול, אַ אָנגענומענעם מיט געבעט ווידער צו גאָט געטהנעט:

— אַלמעכטיקער טאַטע פון ישראל, דערבאַרעם זיך איבער די געפּייניקטע און געשלאָגענע קינדער דײַנע. נעם אַוועק באַ עשׂו דעם כוח פון שלעכטס. טויט אָפּ אין זיי די קליפּע וואָס טרײַבט זיי נאָך דעם אומשולדיקן בלוט אונדזערן... בלאָז אין זיי אַרײַן אַביסל מענטשלעכן רחמים...

דער באָבעס וויינענדיק קול האָט אַרײַנגעדרונגען אין רחלס בלוט ווי אַ טויטלעכער סם. די נערוון, די חושים האָבן זיך געצונדן און גרייט געווען ווי לאַוועס מיט פּייער זיך אַ לאָז צו טון אויף דער באָבען און זי פאַרשרפהן. רחלס טיפקייט פון די אויגן האָט זיך געריסן אין דער באַנאַכטיקער אומבאַשטימטקייט אַרײַן. זי אויפצערייסן און פאַרשווינדן אַהין אויף אייביק... איר איז שווער געווען צו הערן אַזוי פיל אומזיניקע טענות דער אַלטערס. מורא געהאַט פאַר דעם אומרו וואָס האָט אויך זי, רחלען אומרויק געמאַכט... זי האָט זיך אַראָפּגעשאַרט פון בעטל און כדי צו ווייזן דער באָבען, אַז דאָס אייניקל נעמט זי נישט אין אַכט — זיך מיט געמאַכטער רואיקייט אַרויס פון שטיבל. האָראַסיאָ איז איר אַנטקעגנגעקומען ווי אַ שיק לבנה־שיין זיך אויסגעשיילט פון די שטיקער בלויע דרימלענדיקע וואָלקנס, וואָס האָבן ווי אַ צעגלידערטע קאַנווע צווישן די ביימער געהאַנגען. רחל איז ווי אַ קינד צוגעפאַלן צו זײַן ברוסט און אומרויק געסאָפּעט. ער האָט זי אײַנגעקלאַמערט אין די לאַנגע, שטאַרקע הענט און אַוועק מיט איר טיפער אין גאָרטן. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער שטיינערנער באַנק אונטער די כמאַרנע, ברויגעזע פּלאַכטעס פון ווערבע בוים און גענומען די כלה צו זיך אויפן שויס.

רחל האָט לײַכטער אָפּגעאָטעמט. דאָס קילע באַשמעקטע ווינטל וואָס האָט זיך אויפגעהויבן פון צווישן די ביימער, האָט געוואַשן דאָס פּנים אירס, דאָס גאַנצע לײַב, זי האָט זיך אײַנגעהערט אין צעזונגענעם אַרום. נאָר געדאַכט האָט זיך איר, אַז דער באָבעס אומרואיקע דרייען זיך אויפן בעטל, גייט איר אַלץ נאָך, קריכט אַרײַן אין איר בלוט, אין די חושים און לאָזט זי ווידער נישט רוען... זי האָט אויפגעהויבן צו אים די אויגן, אָנגענומענע מיט שאַרפן גלאַנץ און מיט צערודערונג. זי איז גרייט געווען צו פרעגן דעם חתן, צי האָט ער געהערט די קולות פון די קונים אין טאַטנס שענקל, וואָס האָבן נאַרוואָס ווידער גערופן צו פּאָגראָמען, און צי שעמט ער זיך ווירקלעך צו געהערן צו אַזאַ קלאַס מענטשן, צו קריסטן וואָס דורשטן נאָך אומשולדיק בלוט... ווײַל זי, רחל, קען זיך נישט באַ־

פרייען פון אַ מאָדנער שולדיקייט, ווי פון אַ מיטבאַטייליקטער אין יעדער קליינער עולה, וואָס אירע באַקאַנטע אידישע פריינט באַגייען אַמאָל קעגן אַ נישט־איד... זי שעמט זיך שפּעטער צו קוקן אין בעטיס אויגן, און קריגט זיך מיט דער באָבען, וואַרפט איר פאָר די אידישע חסרונות, וועלכע פאַר־שעמען זי, רחלען...

זי האָט אָבער באַהערשט אין זיך דעם באַגער פון צונויפשמועסן זיך מיטן חתן. גוט געדענקט דעם אויפדערנאַכט מיט צוויי וואָכן צוריק, ווען האָראַסיאָ איז גרייט געווען אַף דעם ערגסטן. ער איז ווי אַ געריירטער פון זינען געלאָפן צו זיי מיט דעם געלאָדענעם רעוואָלווער. אויך דער באָ־בעס חוזק, די שניידנדיקע באַליידיקונג פון יענעם אויפדערנאַכט, ווען זי איז מיטן טאַטן אַהיימגעקומען פון אָוונטברויט באַם חתנס טאַטע־מאַמע — איז נאָך אומגעלאָפן אין אירע חושים און כסדר געשטאָכן, געבריט און איבערגעחזרט: „לעקסט זיי אומזיסט דעם שוויים, רחלע... ווען עישו קומט אריין אין דער „ראָל" פון זיין קריסטלעכקייט, איז די קליפּע זייער אויבערהאַר. הרגענען אידישע קינדערלעך איז באַ זיי אַ יום טוב, אַ הייל־דישקייט... אוי, וואָס די אויגן מיינע האָבן צוגעזען, גאָט איז מיין עדות, אז איך זאָג דעם ריינעם אמת"...

רחל האָט דערפילט אַ קעלט איבערן לייב. דער באָבעס דראָענדיקע בליקן האָבן געלויערט פון דער פינצטערניש אַרויס. דאָס בייזע אויפגעצי־טערטע בערדעלע, דאָס צענויפגעצויגענע צײנלאָזע מויל — האָט ווידער געציטערט, געמאָנט, דערציילט און דערציילט...

רחל האָט ענגער צונויפגעצויגן אַרום זיך דעם גרויען נאַכט־מאַנטל זיך צוגעטוליעט צום חתן, ווי זי וואָלט געוואָלט זוכן באַ אים אַ רעטונג.

— האָראַסיאָ, ליבסטער מיינער — פּלוצים און ווי קעגן אייגע־נעם ווילן די טיפע שטילקייט איבערגעריסן — דו, האָסט קיינמאָל נישט געטראַכט וועגן דעם שוידער פון אַ פּאָגראָם? ווי שרעקלעך דאָס מוז זיין פאַר די פאַרפאָלגטע נעבעך. אַנגסט און גרענעצלאָזער רחמנות איז גע־ווען אין דער צעברויזטקייט פון איר קול. האָראַסיאָ האָט אָנגעשטעלט אַף איר די אויגן אָנגענומענע מיט פאַרחידעשונג און נייגער, אַ טויטע אומהיימלעכע שטילקייט האָט זיך געשפּרייט אַרום זיי. נאָר די קיילעכדי־קע רייפן מיט זילבערשיין האָבן וויברירט איבער די בלייכע אומרויקע פּנימער זייערע, איבער די שווארצע קרויזן און לאָקן און זיך אָנגעשלאָגן אין דעם גלאַנץ פון צוויי פּאָר שווארצע אויגן, וואָס האָבן מיט דעם כוח פון זייער ליבע, געטריבן פון זיך די שווערע שטיקער גרויקייט אָנגענו־מענע מיט אומבאַשטימטקייט...

זי האָט אויפגעהויבן צו אים די שמאָלע ווייסע הענט און זייער צאַרט באַרירט די צעפלויגענע קרויזן, דעם חתנס געזיכט, צו פאַרטרייבן פון אים די אומרו; אַ טרויעריקער שמייכל האָט זיך געשניטן אַרום די זאַנפטע, באַשמעקטע ליפּן אירע און באַנג. יאָ, זי איז אַ שלעכטע. ווייסט זי דען נישט אז האָראַסיאָ מוז האָבן רואיקייט? ער גרייט זיך צו די עקזאַמענעס. זיי וואָלטן גאָר באַדאַרפט אוועק פון דעם מיאוסן ווינקל, זיך איינאָרדנען אַן אייגענע היים, ווייט פון די אייגענע און אַפילו פון די

פרעמדע גוטע פריינט. זי וועט געפינען אביסל פריוואַטע לעקציעס און פאַרגרעסערן די פאַרדינסטן אירע, צוגרייטן אַ באַשיידענע קאָנסולטאַציע פאַר אים. דער עיקר איז, מען טאָר נישט אָפּלייגן אויף לאַנג... וואָס פריער זיי וועלן אַרויסנעמען אַ ביכל און פּטור ווערן פון די צרות אַלץ געזונטער וועט פאַר זיי זיין.

האַראַסיאַ האָט איר אַריינגעקוקט טיף אין דער פאַרטראַכטקייט פון די אויגן און איבערגעריסן די שטילקייט.

— מיין טאַטע שיקט דאַכט זיך, ווידער צוביסלעך געלט קיין איטאַליע... די קונים זיינע מאַכן אים משוגע. זיי געפעלט ניט אַרגענטינע...

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן און צאַרנדיק די אויבערשטע ליפּ געביסן. רחל האָט וואַרעם געשעפּטשעט און אים געטריי דאָס פּנים געגלעט:

— מיר דאַרפן נישט קיינעמס געלט. זאָלן זיי פאָרן פון דאַנען, די אַלע, וואָס טראָגן זיך אַרום מיט פינצטערקייט אין די קראַנקע מוחות, אונדזער לאַנד — האָט זי זייער ערנסט צוגעגעבן — נויטיקט זיך אין געטרייע, אָרנטלעכע מיטבירגער...

ער האָט צוגעלייגט זיין רעכטע באַק צו אירער און געוואָלט אָפּרוען, זיך באַפרייען פון זאָרג און פון פּלענער. דעם גאַנצן אָפּדערנאַכט האָט ער געגאַרט צו קומען אהיים, צופעליק איז רחל צו אים צוגעקומען און אים איז ליב געוואָרן יעדער צערטל אירער, די נאָענטקייט אין וועלכער ער האָט זיך כסדר גענויטיקט.

די מנוחה איז ווידער צעשטערט געוואָרן, אַ בייז, קאָכעדיק קול פון אַ שיכור אין דאָן טשיטשעס שענקל, האָט אַ פאַל געטאָן איבער די קעפּ זייערע:

— הרגעט אידן און זייט פּאַטריאָטן!...

און באַלד נאָכדעם איז אַ געזאַנג געקומען, קולות וואָס דערמאָנען אין ווילדע צעיושעטע האַרדעס, אין מענטשלעכער עחזריות. רחל האָט געציטערט, אַ דורכלויכטיקע גרינקייט האָט זיך געקרומט אַרום אירע ליפּן. די קאָנוואולסיווע טרערן האָבן געדרונגען פון די דערשראָקענע אויגן. ער האָט אַריינגענומען איר קאָפּ אין זיינע הענט און אויסגערופן מיט פאַרביטערונג:

— וואָס טוט זיך מיט דיר, רחל?... ביזט פון זינען?... אָדער עס לויפן דיר נאָך שוואַרצע געשפּענסטער, פונקט ווי מיט דיין משוגענער באָבען?... מיר זיינען אַרגענטינער — האָט ער אָפּגעהאַקט און בייז צוגעגעבן: מאַלע וואָס אַ נאַרישער שיכור בעבעט... דו זאָלסט מיר נאָר אויפהערן לייענען די אַלע מלחמה־נייעס!...

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן, זי באַהאַלטן אין די אָרעמס זיינע און אויפגערעגט אָנגעהויבן אונטערפייפן דעם ניגון פון אַ פריילעכער טאַנגאָ. רחל האָט געצווימט אין זיך דעם שווערן אָטעם, די יסורים, נאָך דער באָבעס חוזק־בליקן האָבן ווי פיילן ווידער אַרויסגעשטעקט פון צווישן די דרימלענדיקע ביימער, זי געבריט, געשטאָכן: דיין שייגעץ, רחל, דיין איוואַנצע, דער אוטשאָנע כאַם — ער שטומט ווען די פּאָגראָמטשיקעס

אין טאטנס שענקל ווערן ווילד... אפשר מיינט ער, דיין איוואנצע, פונקט ווי עס מיינען אַלע גוים, אז מיר, די אידישע מאמעס, ברענגען קינדער אַף דער וועלט כדי זיי, די באַרמהערציקע קריסטן, זאָלן זיך האָבן אין וועמענס בלוט, אין וועמענס טייכן טרערן צו באָדן... איי, גלייב איך זיי נישט!...

זי האָט געפילט דאָס אומרואיקע האמערן פון חתנס האַרץ, געפילט אַז די באָבע איז אומגערעכט, זי האָט אַ ים מיט פיינטשאַפט אין איר האַרץ און וויל אויך דעם אייניקלס האַרץ פאַרסמען און פאַרביטערן. ווען זי שעמט זיך נישט, דערציילט זי דעם חתן אַלץ וואָס די באָבע זאָגט און בעט אַפילו באַ אים פאַרגעבונג; האָט ער דען נישט געוואָלט איינשטעלן זיין לעבן צוליב איר באַליידיקטער ווירדע?... און צי קען ער דען איבעראַנדערשן דאָס דענקען פון קראַנקע, צעקריפּלטע מוחות?...

אויך האָראַסיאָ האָט געטריבן פון זיך די בייזקייט, די תרעומות צו דער כלה: זי איז נאַיוו און קען נישט די לאַנדסלייט אירע... אַ סך פון די לאַנדסלייט זיינען אַליין שולדיק וואָס די אַרגענטינער האָבן זיי נישט איבעריק ליב... אידן האָבן אַ טבע אויפצוּרייסן די אויגן באַ די קריסטן... זיך ווייזן אומעטום מיט דער דעראָבערטער רייכקייט, מיטן גלאַנץ פון צירונג, פון גאָלד און בריליאַנטן. די אַרגענטינער פילן זיך פון דעם געטראָפן. אידן זיינען אומטאַקטיש, שלעפּן אַף זיך דעם יאָך פון מאַרטירער, ווילן זיך נישט אַסימילירן. די ווענט פון געטאָ שמעקט זיי. אַפילו רחלס טאַטע, דער פריידענקער, איז דורכוים אַ פאַנאַטישער איד; ווען ער, האָראַסיאָ, באַמערקט אים די אידישע איינגעשפּאַרטקייט זיינע, שמייכלט ער ברוגז און גיט צו פאַרשטיין. מיר, דאָס אידישע פאָלק, זיינען דער אַזוי גערופענער קריסטלעכער וועלט גאָרנישט שולדיק... מיר קומען נישט מיט קיין העק און מיט מעסערס צווינגען עמיצן צו לעבן דווקא ווי אונדז געפעלט... אויב מיר האָבן נאָך נישט קיין אייגן לאַנד, שעפּט ער אָבער די גאַנצע ציוויליזירטע וועלט די לערע און די עטיק פון די אַלטע אידישע קוואַלן... אויך אַ גאָט, אַ קריסטנטום, האָבן מיר דער וועלט געגעבן... דעריבער זיינען מיר אומעטום שוין אין אונדזער אייגענער היים... ווען מיר קומען אָן אין אַ ניי לאַנד ברענגען מיר אויך אונדזערע גייסטיקע אוצרות און פיזישע כוחות. אונדזערע פעאיקייטן געבן מיר אַוועק לטובת דער נייער היים, מיר גיסן צונויף אונדזער וויסן מיט דער לאַנד־קולטור. איך בין שטאָלץ וואָס די ביבל איז אין פּלאַסטישער קונסט אַפן מיליערם הויז אַוועקגעשטעלט געוואָרן... די אידישע עטיק, — דער אויסדרוק פון אמת, פון אייביקייט... נו, האָבן מיר נישט קיין רעכט צו לעבן לויט דעם אייגענעם שטייגער? מיר זיינען אומעטום געטרייע און אָרנטלעכע בירגער. העלפן גרוים מאַכן דאָס לאַנד. אָבער די מערהייט פון די מלוכה־לייט מאַכן זיך נישט ווייסנדיק... זיי דערציען די פעלקער אין דעם גייסט, אַז דער איד איז כיטרע און עגאָאיסטיש, — דער איד איז אומעטום א פרעמדער... און ווי אַזעלכן דאַרף מען אים אויסנוצן — דער איד איז דאָס מיסט, וואָס דאַרף פעט מאַכן די ערד פון די פרעמדע פעלקער...

— דאָס איז, מיין קינד, גרעניצלאָזער ציניזם, קאַלטע גרויזאַמקייט... גרויל. וואָס פאַר א מאָראַלישעביישפּילן, האָראַסיאָ, ברענגסטו מיר פון דיין קריסטלעכקייט? אין איין לאַנד נאָר לערנט מען דעם מענטש צו זיין קריסטלעך... איינער איז נישט איבעריק דעם אַנדערן... אויב מען טוט קיינעם קיין שלעכטס נישט, — איז נישט פאַראַן קיין גרונט צו זיין צאָרנדיק אַף עמיצנס אויפירעכץ...

האָראַסיאָ האָט געטראַכט, ווידער נישט באַנומען: און וואָס קלאָמערן זיי זיך, די נאַרישע עקשנים, אַף דעם רעכענונג וואָס אין יעדן לאַנד, אין אַלע פאַרוואָרפענע ווינקלען פון דער וועלט, צאַפּלען נאָך די אָפּגעריסענע גלידער פון אַ צעשניטענעם גוף, מענטשן וואָס זיינען אַפילו נישט קיין אָפּשיין פון יענעם גרויסן היסטאָרישן ביבל־פאָלק, אין וועמענס נאָמען מען האָט זיך צו באַרעכטיקן דעם אייגענעם פאַנאַטיזם... מען לאָזט אַרויס מעכטיקע קולות, וואָס טראָגן זיך מיט שטורעם איבער לענדער און איבער ימען, מען רופט איינער דעם צווייטן אויפצוהאַלטן דעם אידנטום... ניין, אַף אַזאַ בלינדן רעכנונג איז שווער צו בויען אַן אייגן לעבן...

די אַלטע, — האָט דער צאָרן אַ ברי־געטון זיין הארץ — זי איז משוגע. יענע וואָך האָט זי אים געפּאַקט אין ווארשטאַט, אָנגעשטעלט אַף אים די בליציקע אויגן, וואָס האָבן געבריט מיט חוזק: אייער טיליגענציע, ראָציע, נעמט איין שטומעניש ווען אייערע ברידער ברענען אין די קאַלכויוונס לעבעדיקע אידישע קינדערלעך... איר שטייט שוין אין אונדזער בלוט ביז איבער די טרייפענע העלדזער אייערע... האָראַסיאָ האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, ווי איינער וואָס וויל עפּעס אראָפּוואַרפן פון זיך. די באַנאַכטיקע שטילקייט האָט געוועקט אין אים אַ טיפן באַנג, אַ בענקשאַפט צו אַנטלויפן ווייט פון יאָסלס שטוב, ער האָט געפילט אַז די אַלטע איז גרויזאַם און וויל אים נאָר ווי־טאָן! ווייל וואָס אייגנטלעך קער ער זיך אָן מיט די דייטשע נאַצים?... ער וואָלט געווען גליקלעך צו לעבן אין אַ וועלט פון מענטשלעכער גוטסקייט, ווי צווישן איין גרויסער משפּחה. נאָר די קראַנקע אַמביציע פון גרויסע רייכטימער האָט משוגע געמאַכט א טייל פון דער מענטשהייט: זיי פאַלן מיט דער צייט, קומען אום אין דער שלאַכט פאַרן רויב... אָבער אַ סך מער פאַלן און ווערן צעטראָטן די קרבנות זייערע...

אים איז געוואָרן פיינלעך דאָס טראַכטן, ער אַזוי געוואוינט געווען צו אַ לייכטן געמיט, געוואוסט אַז רחל איז ווי אַ מאַמע וואָס זאָרגט פאַר דעם צעבאַלעוועטן בן־יחיד אירן, דערלאָזט ניט ער זאָל פון עפּעס ליידן. קיין באַזונדערע לעבנס — איז האָראַסיאָ געווען זיכער — האָבן זיי סיי־ווי־סיי נישט; ער איז אַפּאָלאָ און זי — זיין נאַרציס. יעדער בלעטל פון דער צאַרטער בלום אָטעמט פאַר זיינעטוועגן און נערט זיך מיט זיין אָטעם... די באָבע, קיינער, אַפילו גאָט אַליין, וועלן נישט קענען צונעמען קיין טראָפּעלע ליבשאַפט און געטרייקייט בא רחלען. אַלץ געהערט אים.

איבערהויפּט די לעצטע צייט, זינט די באָבע איז געוואָרן צודרינגלעך צום אייניקל, זי זאָל איבעררייסן די באַציאונגען מיטן חתן — האָט האַראַסיאַ ווידער דערפילט, אַז רחל איז אַ טייל פון זיין לעבן, יעדע פרייע מינוט איז זי געווען אין דער היים באַ אים. זי האָט אליין זיינע דאָקטערשע כאַלאַטן געוואַשן און זיי אין שטייפן קראָכמאַל געפּרעסט. געפּרעסט די זיידענע העמדער און אויך די ווייסע הויזנס, אין יעדן פעלדעלע האָט זי ארייַנגעפּרעסט די גאַנצע מיידלשע פאַרליבטקייט, די געטרייקייט פון אַ מאַמע.

אויך האָט ער אָנגעהויבן פילן, אַז רחל ליידט שטאַרק זינט עס האָט אויסגעבראָכן די איצטיקע מלחמה, די נערוון אירע זיינען געוואָרן אָנגעשפּיצט, ציטערן אויף פון יעדן באַריר ווי די סטרונעס פון אַ פידל, אויך ער האָט אַף זיין אייגן לעבן געפילט דעם שוידער פון דער צייט: דאָס אָנווערן די עלטערע ברידער, די צעבראָכנקייט פון די אַלטע טאַטע־מאַמע — האָט אַ סך מאָל פאַראומערט זיין לעבן. נאָר דער טרויער האָט זיך לאַנג ניט געקענט אָנהאַלטן אין אים... אויך האָט ער געפּרואווט טרייסטן די כלה, טרייבן פון איר דעם טרויער: ס׳איז אַ מלחמה, נישט קיין נייע זאַך אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט. ניט מיר, רחל, זיינען בכוח צו ענדערן דעם שלעכטן וועלט־סיסטעם... זי אָבער האָט ביטער געשמייכלט: דו שטימסט צו, האַראַסיאַ, אַז די וועלט־צינדער זאָלן קוקן אַף די מענטשן ווי אַף גענדז, וועלכע מען מאַכט פעט כדי שפּעטער צו קוילען און אַראָפּשינדן דאָס שמאַלץ, צו מאַכן געשמאַקע מאכלים פאַר זיך...

זי האָט אויפגעהויבן צו אים די שווערע צונויפגעצויגענע ברעם און באַ דעם בלייכן אָפּשיין פון דער לבנה באַמערקט די אומצופרידנקייט אַף זיין פאַרטראַכטן פּנים. רחל האָט חרטה געהאַט פאַר דעם וועלן עפענען דאָס האַרץ אירס, ווייזן דעם חתן די ספיקות און שלעכטע פאַרגעפילן וואָס נעסטיקן דאָרטן. ער איז אַ דאָקטאָר, ער מוז זי ראַטעווען. זי האָט נאָכגעביק געבעטן:

— פאַרגיב מיר, ליבסטער, די מעשוגעתן מיינע... טראַכט בעסער פון לערנען, טראַכט פון אונדזער צוקונפט.

— ביזט מער נישט קיין קינד, רחל, — האָט ער איר טיף אין די אויגן אַריינגעקוקט — מיר האָבן זיך ליב, מיר האָבן די גאַנצע וועלט אין אונדזערע הענט.

ער האָט זיך אויפגעשטעלט און אַריינגענומען רחלען אונטער אַ פאָלע פון זיין דאָקטערישן כאַלאַט, שווייגנדיק און ווידער פאַרטון אין זיין טראַכטן, איז ער לאַנגזאַם געגאַנגען מיט איר צום אַנדערן עק פון גאָרטן, שטיין געבליבן באַם פּלויט און זיך איינגעהערט אין לייכטן אָטעמען פון די פלאַנצן. צעשפּריצטע לבנה־שטראַלן זיינען געפאַלן איבער זיי אין אַ בלויען שאָטן וואָס האָט זיך צווישן די געבויגענע קעפּ פון די ביימער געוויגט. אין גרויען נעפּל האָבן זיך געהויקערט מיט שיטערן גראָז

באַוואַקסענע בערגלעך, קרומע ווענט און אַלטע צעבראָכענע טראָטואַרן, סמנים פון די אָפּגעריסענע געסלעך, ווי אַריינגעשניטענע צווישן די ווינקלען פון אַלטע גוט באַקאַנטע קוואַרטאַלן. דאָרט איז נאָך אַלץ געווען אומריין און פאַרוויכערט. אַ פייכטער פאַרדומפּענער ריח האָט זיך געטראָגן און פאַרשפּרייט זיך ווייטער איבער דער גאַס, אַ ריח אָנגענומען מיט געשטאַנקען פון איבערגעשטאַנענע פיש, פלייש און פון אָנגעצונדענע פּרוכטן און גרינצייג, וואָס זיינען אָנגעלייגט געווען אין די הייף פון די פּרוכט־הענדלער.

אויך די הייף זיינען געבליבן אין זייער אַלטן אויסזען — צוויי און דריי שטאָקיקע די ווענט פון געקאַרבטן צינק און בלעך מיט לאַנגע טירן און פענצטער צו דער גאַס. די נייע מאָדערנע שטיבער אין דער הויפּטגאַס, האָבן אָפּגערוקט אין אַ זייט די אַלטע בלעכענע שטיבער, ווי די יונגע רוקן אָפּ די אַלטע לייט. די ברייטע געשליפענע פענצטער פון די געשעפטן האָבן מיט פאַריסענעם גאַדלעס, מיט ביטל פון אויפגעקומענע נגידים — געקוקט אַף די אָרעמע שטיבלעך פון אויבן אַראָפּ. האָראַסיאָ אָבער, האָט נאָך אַלץ ליב געהאַט יענע שטיבער, אין די אויפדערנאַכטן ווען ער איז מיט רחלען אַרויפגעקראָכן אַפן פלאַטשיקן דאַך (אַסאָטעאַ) פון שענקל, כדי צו כאַפּן פרישע לופט — האָט ער נישט אויפגעהערט קוקן אין יענעם ווינקל. דאָרטן האָבן אַמאָל געוואוינט די טאַטע־מאַמע זיינע, צו אַכט און צו צען פאַרשוין אין אַ שטוב האָבן דאָרטן מענטשן געוואוינט.

דער רעש אין יענעם הויף איז געווען אָן אַ גרענעץ, שכנים האָבן נישט מורא געהאַט, זיך נישט געשעמט צו צעלאָזן זיך אַף די העכסטע טענער אָדער באַם קריגן זיך אָדער באַם דיסקוטירן, די מענער האָבן געזוכט איינער דעם אַנדערן איבערצוצייגן, אַז נאָר זיין לאַנד האָט די שענסטע פּאַנאָראַמעס, די רייכסטע נאַטור־אוצרות, די געזוכטסטע מינעראַלן: אַ סך ערגער האָט דאָרטן געהאַלטן מיט די ווייבער. די אָנגעצויגנקייט האָט כסדר געהאַנגען אין דער לופטן ווי אַ פאַס מיט פּולווער: אַמאָל האָט איינע פאַרנומען דעם גאַנצן שטריק באַם אויסהענגען די וועש און אַמאָל האָט אַן אַנדערער געפעלט אַ שטיקל זייף, וואָס זי האָט פאַרגעסן באַ דער שיסל, אָדער אַ פּעקל בלויס צום וועש, נאָר די גרעסטע רציחות, געשלעגן זיינען אין יענע גרויסע הייף פאָרגעקומען נאָר צוליב דעם קליינוואַרג, די קינדער זיינען שטענדיק געווען צערייצט און אומצופרידן, זיי פלעגן זיך קלאַמערן אַרום די מאַמעס, וואָס זיינען געשטאַנען אין די שמאָלע הילצערנע קיכלעך, באַ די טירן פון זייערע צימערן, אָדער מען האָט זיך געשפּילט אין פערדלעך, געריטן אַף בערשט און אַף בעזימער.

קיין גוטס איז פון דעם שפּילן קיינמאָל נישט אַרויסגעקומען. יעדן טאָג האָט זיך אַן אַנדער קינד אויסגעגליטשט, זיך צעבראָכן אַ פוס, אָדער אַ האַנט, זיך צעבלוטיקט די נאָז, די ציין — דעמאָלט פלעגן זיך

צונויפלויפן אַלע שכנים און כסדר האָט מען געהאַלטן מיט דעם קינה מיט וועמענס מאַמען מען איז געווען מער חבר, אָדער געקענט פירן מיט איר די רחילות וועגן דעם לעבן פון די אַנדערע שכנים, דעמאָלט האָט זיך געשאַפן צוויי לאַגערן, אָנקלאָגערנס און פאַרטיידיקערנס, צום סוף איז געקומען אַ צעמישעניש, ווייבער האָבן אָנגעהויבן זידלען איינע די אַנדערע און באַלד זיינען געפלויגן פעטש, מען האָט זיך דערלאַנגט מיט די וואַש־ברעטלעך איבער די קעפּ און מיט די בעזימער און בערשט, אויך האָט מען געבראָכן שויבן פון די טירן מיט די פענצטער, די קולות האָבן זיך צעטראָגן עט־ווייט.

האַראַסיאַ איז געווען דער ערשטער וואָס פלעגט צעווייסן געבן דער פּאָליציי. ער האָט געשוויצט, געלעקט מיט דער צונג די פייכטקייט אונטער דער נאָז... זשעסטיקולירט מיט די הענט, גערעדט מיט האַרץ, מיט נשמה, זיך געצאָלמט און געשוואוירן מיט אַלערליי שבועות, אַז ער האַלט נישט מיט קיינעם פון די צעהרגעטע צדדים, נאָר ער זאָגט דעם ריינעם אמת... די, וועלכע האָבן זיך געפילט באַעוולהט פלעגן אים באַפאַלן מיט די פויסטן און אויך געלאָפן אויסלאָזן דעם ביטערן צאָרן צו האַראַסיעס מאַמע. דער סוף איז געווען, אַז מען האָט די צעשלאָגענע ווייבער, אינאיינעם מיט די קלענערע קינדער וואָס האָבן געיאָמערט און נישט געוואָלט בלייבן אַליין — אָפּגעפירט אין פּאָליציי־צירקל.

האַראַסיאַ האָט זיך זייער גענומען צום האַרצן ווען די פאַרהאַנדלונגען זיינע האָבן נישט געהאַט קיין דערפאָלג, ער האָט זיך געשוואוירן פאַר דער מאַמען, אַז שוין, זאָלן זיי זיך די נאַרישע ווייבער אויפרעסן לעבעדיקערהייט איינע דער אַנדערער — וועט ער זיך מער נישט אַריינמישן... קוים אָבער איז געקומען די שעה ווען די אויסגעהאָרעוועטע מענער זיינען אַהיימגעקומען פון דער אַרבעט — האָט האַראַסיאַ ווידער געטומלט און איבערגעגעבן די געשעעניש מיט אַלע פונקטלעכקייטן. אַ סך מאָל האָט זיך אים נישט איינגעגעבן צו באַרויקן די געמיטער פון די אויפגערייצטע מענער און טאַטעס, צווישן וועלכע ס׳פלעגן אויסברעכן ערנסטע געשלעגערייען. אפילו טויטע און פאַרוואונדעטע זיינען געווען.

גאָר אַ סך אַרבעט האָט האַראַסיאַ געהאַט ווען ס׳האָט געטראָפן אַ מאָדנער צופאַל בײַ זייערער אַ שכנה, מאַן און ווייב זיינען אַוועק אין קינאָ און איבערגעלאָזט אין וויגל אַ זעקס חדשימדיק מיידעלע. געקומען אַהיים האָבן זיי געפונען דאָס קינד אָן אַ קאָפּ... די מייז האָבן דאָס אויפגעפרעסן... האַראַסיאַ האָט איבערגעגעבן דער פּאָליציי און אויך נייגעריקע פון אַרומיקע גאַסן — וויפל מייז און שטשורעס, ער זעט יעדן טאָג, ווי זיי גייען אום איבער די בעטן און איבער די קינדערשע וויגעלעך... יונגוואַרג האָט געלאַכט, נאָר האַראַסיאַ האָט זיך געפילט דערהויבן, אַ שטיק העלד וואָס וואַקסט אױף די מיסטן פון אָרעמען — לאַ באָקאַ.

דעמאָלט האָבן געוואוינט אין יענע הייף סאַמע גרינע — טערקן און איטאַליענער, שפּאַניער און אידן. אידן זיינען געווען בעל־מלאכות

און גאַסן־הענדלער, שפּאַניער און איטאַליענער האָבן געהאַנדלט מיט פיש און מיט פּרוכטן, נאָר יענע הייזער האָבן געהאַט אַ שלעכטן שם... דאָך זיינען פון דאָרטן אַרויסגעוואַקסן אַ היפּש ביסל געבילדעטע יונגעלייט און מיידלעך; דאָקטוירים און אַדוואָקאַטן, ציין טעכניקער און אויך אַפּי־לו באַדייטנדיקע דיכטער און סענטימענטאַלע גיטאַרע שפּילער. אָבער אויך אַ צאָל אונטערוועלטניקעס, פלינקע גנבים און פרויען הענדלער, פּראָסטיטוטקעס און קינעלע־שפּילער.

שפּעטער, ווען דאָן טשיטשע האָט זיך נישט ווייט פון דאָרטן גע־קויפט אַ שטיקל פּלאַץ און אויפגעשטעלט עטלעכע הילצערנע שטיבלעך צום פאַרדינגען — איז יאָסל דער סטאָלער געוואָרן באַ אים אַ שכן. רחל איז נאָך דעמאָלט געווען אַ קליינינקע, זייער אַ שוואַכע און אַ שטילע. האָראַסיאָ האָט זי ליב באַקומען. ער האָט זי אַ סך מאָל אַרויפגעזעצט צו זיך אַף די אַקסלען און איז אַוועק מיט איר אין יענעם הויף צו זיינע אַלטע חברים און חברטעס. זי האָט מורא געהאַט פאַרן רעש און פאַרן אימפּעט פון די באָרוועסע און אָפּגעריסענע קינדער מיט די מאַמעס, נאָר אַלע זיינען געווען גוט צו איר: מען האָט זייער אַ סך נאָכדערציילט ווי שטאַרק די באָבע היט אָפּ דאָס אייניקל, מען האָט אַפילו געוואוסט צו דערציילן, אַז רחל איז אַ יתומה באַלד פון טאָג ווען זי איז געבוירן געוואָרן.

קליינוואַרג האָט מיט רחמנות בליקן אונטערגעטראָגן דעם בלייכן מיידעלע עפּעס פון אייגענעם שפּילצייג און דערביי באַקוקט דאָס ראָזע געפּרעסטע פּאַרטיכל מיט די געקליבענע שליאַכקעלעך און די שוואַרצע אומרואיקע לעקעלעך אַרום דעם פילבאַרן און שעמעוודיקן פּנים, די ווייַ־בער פון יענעם הויף האָבן נישט געזוכט אַרויסצוגעפינען קיין חסרון אין רחלען, ווי זיי זיינען געוואוינט געווען צו זוכן אין די קינדער פון די שכנישע הויף... זייערע מוטערלעכע הערצער זיינען איבערגעפּולט געווען מיט רחמנות צו דער קליינער, חנעוודיקער יתומה׳לע: דערצו האָט רחל געקוקט אַף זיי מיט אַ מאָדנער אָפּנקייט פון די שוואַרצע, טיפע אויגן אירע, אַ מאָנונג, וואָס האָט אויסגעדריקט תרעומות, עפּעס אַזוינס, פאַר וועלכן די ווייבער האָבן געהאַט אַ טיפן מיטגעפיל... זיי האָבן זיך גע־פילט דערהויבן, ווען רחל האָט זיך געלאָזט אַ גלעט טאָן, אָדער אַ קוש טון.

אַ סך מאָל האָט זי געוויינט, זיך געבעטן אַהיים. האָראַסיאָ פלעגט ווערן בייז, ער האָט געמוזט איבערלאָזן דאָס שפּילן אין „באָליטאַס" אָדער אין באַלעם — מיט די חברים זיינע און זי אַהיימטראָגן. נאָך דער צוטרוי וואָס זי האָט צו אים געהאַט — האָט האָראַסיאָן גערירט. ער האָט געזען ווי רחל היט זיך אויס פון זיינע חברים. אַ כאַפּטע פּריילעכע הפקר־קינדער, וואָס האָבן געקוקט אַף איר ווי אַף אַ מלאכל, וואָס לאָזט זיך נישט אָנרירן מיט קיין פינגער אַפילו. אירער אַ טרער האָט אים גע־רירט. ער האָט געהאַט אחריות ווי פאַר אַן אייגן שוואַך און אומבאַהאָל־פן שוועסטערל.

געוועזן טעג ווען די זיסע לאסט צו זאָרגן פאַר איר איז האָראַסיאָן מיאוס געוואָרן. דעמאָלט איז רחל געקומען אין זיין טאַטנס גאָרטן וואו ער האָט זיך געשפּילט מיט חברים און געקוקט אויף אים מיט אומגליקלעכע אויגן. איינמאָל איז געווען אין איר בליק אַזוי פיל געבעט און פרומקייט, אַז האָראַסיאָ איז געוואָרן אויפגעברויזט פון שרעק און באַוואונדערונג. ער איז געפאַלן פאַר איר אויף די קני און זיך איבערגעצלמט און מורא געהאַט צוצורירן צו איר דעם שווערן צעוואַקסענעם קערפּער זיינעם: מער, רחלע, וועל איך דיך נישט לאָזן אַליין...

ווען רחל איז אַלט געווען אַ יאָר אַכט אָדער ניין, האָט זי זיך זייער ערנסט אַ נעם געטאָן צום לערנען. כסדר אַ פאַרטיפטע איבער אַ בוך מיט לעגענדעס און פאַבולן, האָט זי אויפגעהערט זוכן צו שפּילן זיך מיט האָראַסיאָן. אויך האָט די באָבע אָנגעהויבן האַלטן אַן אָפן אויג אויף האָראַסיאָן, וויפל מאָל ער האָט זיך אַ לאָז געטאָן מיט זיין גאַנצן אומגעצוימטן אימפּעט אינעם קילן ווינקעלע וואו רחל איז פאַרטיפט געווען איבער אַ בוך, — האָט אים די אַלטע אָפּגעשטעלט, מער מיט אַ באַפעלערישן בליק ווי מיטן מויל: — גיי, גיי פון דאַנען!... רחלע וויל זיין אַליין...

ער האָט אָנגעהויבן פיינט האָבן די אַלטע, נאָר דער אימפּעט, דער געזונטער קערפּער, אַ אָנגעלאָדענער מיט ענערגיע ווי אַ פאַס מיט פולווער, האָט ווידער קיין רו נישט געגעבן. האָראַסיאָ האָט זיך דערפילט פריי ווי אַ פויגל. ער האָט פאַרנאַכלעסיקט דאָס לערנען און גאַנצע טעג ווידער איבערגעלעגן צווישן די הפקר־יונגען, די אַלטע חברים. אומגעקראָכן מיט זיי איבער די דעכער פון פרעמדע הייף און אַרויסגעגנבעט די טויבן פון זייערע נעסטן, זיי פאַרקויפט און פאַרשפּילט דאָס געלט אין קאָרטן, אָדער פאַרשיכורט, ער האָט זיך ליב געהאַט צו שלאָגן מיט יונגען אַ סך עלטערע פון אים, זיך געוועט ווער פון זיי וועט אויסטרינקען אַ פלאַש מיט שטאַרקן ווייַן און שפּעטער קענען אָפּלויפן עטלעכע קוואַרטאַלן אָן אָפּצושטעלן זיך...

דער אימפּעט האָט אים נישט געלאָזט לאַנג אויף אַן אָרט. האָראַסיאָן זיינען גיך מיעס געוואָרן די קליינע גנבימלעך און דאָס לויפן. אומעטום איז ער געווען דער ערשטער איבערצולאָזן די כאַפּטע און אַוועק זוכן נייע, ער האָט זיך צוגעלאָנטשעט צום היימישן מיסט צעפירער און אַ לענגערע צייט אומגעפאָרן מיט אים צונויפנעמען די מיסט. שפּעטער געגאַנגען מיט אים אין שענקל און אויך צו ווייבער... שפּעטער האָט ער זיך אומגעשלעפּט מיט די פרוכט־הענדלער, זיי צוגעהאָלפן אַרבעטן און קיינמאָל קיין איין סענט פאַר זיין טירכע נישט געוואָלט נעמען; דערפאַר אָבער איז זיין גרעסטע פרייד געווען, ווען זיי האָבן אים אין די זונטיקדיקע טעג מיטגענומען צו די פערד־געיעגן, אָדער צו די פוטבאָל־מאַטשן, דאָרטן האָט ער נייע קאַנטשאַפט געקראָגן און זיך פאַרדרייט צווישן אַנדערע קרומע וועגן. אַהיים פלעגט ער קומען אין די שפּעטערע באַנאַכטיקע

שעה'ן, זיך אַ וואָרף טאָן אַן אַנגעטועטער אין אַ ווינקל פון דער קיך און אויפשטיין מיטן טאָג. ווידער פאַרשווינדן, אַ סך מאָל האָט ער זיך צוגע־כאַפּט צו דער מאַמעס קניפּל, אַרויסגענומען עטלעכע פּעזעס און זיי אויסגעגעבן אויף לאָטעריע צעטלען און אַנדערע אַזאַרט־שפּילן.

די מאַמע זיינע פּלעגט וויינען אויף דעם זונס שלעכטע גענג, נאָר דער טאַטע האָט זיך נישט געיאָגט אים אויסצוזוכן און אהיימצונעמען. ער פּלעגט אָבער וואַרטן אויף אים ווי אַ פּאַטיינע הונט. האָט ער אים אַמאָל געכאַפּט, איז שווין דעם זונס לעבן קיין צוויי צעבראָכענע סענט נישט ווערט געווען; דער טאַטע האָט אים אַריינגענומען אין די צוויי שטאַרקע הענט, ווי צווישן די אייזערנע ציין פון אַ מויזן־כאַפּער, אים אויפגעהויבן אין דער לופטן און באַלד מיטן גאַנצן כוח צוריק אַ וואָרף געטון אויף דער ערד... אַראָפּגעריסן פון זון די צעפליקטע מלבושים און אים געממיתט מיט אַ גראָבן בייטש־שטעקן, וועלכן ער האָט באַנוצט צו די חזירים... ער האָט אַזוי לאַנג געשלאָגן ביז האַראַסיאָ פלעגט ווערן משוגע. איינמאָל נאָך אַזאַ מבול פון אכזריות, איז האַראַסיאָ אינגאַנצן אַ נאַקעטער, אַ באַדעקטער מיט אָפענע בלוטיקע וואונדן, אַנטלאָפן צו יאָסלען אין וואַרשטאַטל. דער טאַטע, ווי אַ צערייצטער וואָלף, מיט די פון קאָפּ אַרויסגעזעצטע האַלב משוגענע אויגן, איז אים נאָכגעלאָפן... אים אַ נעם געטון פאַר די קרויזן און אהיימגעשלעפּט, אים אַריינגעוואָרפן אין דער גרויסער חזיר שטאַל און פאַרשלאָסן די טיר...

האַראַסיאָס האַרץ האָט געברענט מיט האַס צום טאַטן, דער נקמה־געפיל, די באַליידיקונג, די בושה פאַר יאָסלען, האָט אים משוגע געמאַכט. ער האָט מער נישט געפילט די ווייטיקן פון צעפּאַסעוועטן לייב, אַ כוח פון אַ ריז האָט זיך געריסן פון די אברים זיינע. ער האָט אַראָפּגעכאַפּט די האַק פון דער וואַנט, אָנגעהויבן מיט איר צו האַמערן איבער דער טיר און געשריגן מיט אַ הייזעריקן קול: קום אהער דו שיכור, דו מעשוגענער איטאַליענער... קום, וועל איך דיר אָפּהאַקן דעם משוגענעם קאָפּ...

באַלד האָט ער דערפילט אַ מידקייט אין די הענט, ער איז אַוועק־געפאַלן אויף דער ערד צווישן דער נאַסער באַליגע און געראָוועט ווי אַ נישט דערקוויקלעטער אָקס. סיי די מאַמע זיינע און סיי די שכנים האָבן געהערט זיינע קולות, מען האָט אָבער מורא געהאַט פאַר דאָן טשיטשעס צאָרן. קיינער פון זיי האָט נישט געוואַגט צו גיין אים העלפן מיט עפּעס... די איינציקע וואָס האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט, נישט מורא געהאַט פאַר דאָן טשיטשעס רציחה, איז געווען רחל.

רחל איז בייגעשטאַנען די שרעק פאַר דאָן טשיטשעס רציחה. זי האָט זיך צוגעגנבעט צו דער פאַרשלאָסענער חזיר־שטאַל און דורך דער עפענונג בײַ דער ערד דורך וואַנען עס האָט זיך געצויגן אַ גרינע, געדיכ־טע ריטשקע מיט אומריינקייט פון די חזרים, אים אַריינגערוקט אַ פּעקל מיט עסן אין דער באָבעס אַן אַלטן כאַלאַט... ער האָט געמיינט אַז דאָס איז די מאַמע צו אים געקומען מיט דער פאַרשפּעטיקטער הילף און דאָס

באַליידיקטע הארץ, האָט געהאמערט מיט האַס, מיט איבערמענטשלעכער רציחה. ער האָט צוריק אַרויסגעשטופּט דאָס פּעקל און געברומט: „איך וועל אייך אַלע אויסהרגענען, כ'וועל אונטערצינדן די שטוב".

זי האָט אַריינגערעדט אין דער שפּאַרע פון דער וואַנט:

— אַז דו וועסט זיין אַ שלעכטער, האַראַסיאַ, אַז דו וועסט נישט עסן, וועסטו שטאַרבן, און רחל וועט אויך שטאַרבן...

ער האָט געזען די טרערן וואָס האָבן זיך געפּערלט צווישן די פרומע אַראָפּגעפאַלענע וויעס אירע און געפילט דעם טרויער פון קול, וואַרעמקייט האָט זיך צעשטראָלט אין זיין בלוט און גרעניצלאָזער רחמנות צום שטילן מיידעלע, וואָס פאַרגעסט אים נישט... ער האָט זיך געשעמט צו ווייזן פאַר אירע אויגן, אין זיין נאַקעטער פאַרשעמטקייט, נאָר דאָס גליק האָט האַראַסיאַן געגעבן נייעם כוח. ער האָט אָפּגעריסן אַ ברעטל פון דער וואַנט און אַרויסגעשטעלט רחלען זיין פּנים, אַ רויטס ווי פייער און מיט בלויע געשוואָלענע וואונדן באַדעקט. הייסער שימער פון אַ צערייצטן טיגער איז געווען אין די איבערגעקערטע אויגן זיינע — צאָרן, ליבשאַפט און פאַרשעמונג.

רחל האָט אויפגעהויבן דאָס פּעקל און נישט קוקנדיק אין זיין פּנים, דאָס אים אונטערגערוקט. האַראַסיאַ האָט אַ כאַפּ געטאָן דאָס פּעקל איינעם מיט איר האַנט, צוגעפאַלן מיט די הייסע, קראַמפּהאַפטע ליפּן צו אירע פינגערלעך און זיי געקושט מיט אַ מאָדנעם דורשט, ווי ער וואָלט געזוכט אין זיי טרייסט און גלייכצייטיק אַרויסגעזאָגט וואָס אַזוינס ער האָט אין יענער מינוט איבערגעלעבט. רחל האָט זיך פאַר דער ווילדקייט זיינער דערשראָקן. ראַפּטאָם אַרויסגעצויגן איר האַנט פון זיינער און פאַרלוירן אַריינגעשטאַמלט אין דער שטילער גרויקייט אַרום זיך:

— מען טאָר נישט אַזוי, האַראַסיאַ, עס איז אַ זינד...

ער האָט ווייך און צעוויטיקט געשמייכלט:

— ביסט בייז אַף מיר, רחלע?...

— יאָ! . . .

ער האָט זי שטום אָנגעקוקט. די לויטערקייט פון פּנים, די שווערע פאַרטראַכטע ברעמען, די פּוך שוואַרצע לעפּעלעך, איר גאַנצע פאַרלוירנקייט האָט געוועקט אין אים אַ פרומען געפיל און אַ באַנגער ווידעראַמאָל צו לעבן נאָר פאַר רחלס וועגן... רחל, האָט ער געהערט דערציילן, איז אַ יתומה. זי האָט נישט קיין מאַמען... און ער, האַראַסיאַ, האָט אויך קיינעם נישט... אַלע האָבן אים פיינט... זיין מאַמע קומט אים נישט אָפּראַטעווען פון מאַנס רציחה, אים איז ביטער און שווער צו לעבן צווישן אַזוינע מענטשן. ער וועט אַוועק פון דאַנען און מיטנעמען מיט זיך רחלען.

האַראַסיאַ האָט אַראָפּגענומען דאָס קליינע בלעכענע צלמל פון זיין האַלדז, דאָס ערנסט באַקוקט און באַלד אַ פרומען קוש געטון, דאָס אונטערגעטראָגן רחלען, און זיך געבעטן: — אָט בײַ דעם הייליקן פאָטער

האָב איך געשוואוירן, רחלע, צו זיין אַ גוט אינגל... איצט טו דו אויך אַ קוש... שווער מיר, אַז דו נעמסט מיך פאַר אַ חתן...

בלייכקייט האָט אויפגעציטערט אַרום די שטומע, ברוגזע ליפּן איר־רע און שרעק. זי האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אַף ניין.

— איך גלויב נישט אין דעם. מיין באָבע זאָגט — אַ צלם איז נישט קיין גאָט.

זי האָט זיך אויסגעדרייט מיט דער פּלייצע צו אים, אַריינגענו־מען דאָס פּנים אין די הענט און זיך ביטער צעוויינט... אויך האַראַסיאַ האָט געוויינט.

דעם אַנדערן אינדערפרי איז ער געגאַנגען אין שולע: באַטאָג איז ער געווען בײַ יאַסלען אין וואַרשטאַטל, זיך געלערנט סטאָלעריי. די בושה און די געפאַלנקייט, דער צאָרן צו די טאַטע־מאַמע האָט אים אָבער ווידער אַרויסגעריסן פון דער היים, נאָר מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט ער זיך ווידער געיאַוועט צו יאַסלען. דאָס פּנים, דער האַלדז צעדראַפּעט און די אַלטע מלבושים — איינגעטונקען אין אומריינקייט און צעפליקט, ווי ער וואָלט זיך אויפגעהאַלטן אין אַ שטייג מיט הינט. רחל האָט אַף אים געקוקט מיט אַ צעשטרייטן בליק, אַ אַנגענומענעם מיט בענקשאַפט... אים אַנגענומען בײַ דער רעכטער האַנט און אים פאַרשטופּט אונטער דער טיר. באַלד געבראַכט אַ שיסל מיט וואַסער און זייף מיט אַ ווייסן האַנטוך.

— פאַרוואָס פאַרשאַפסטו צרות דיין כלה? — האָט רחל שטיל געזיפצט, בשעת האַראַסיאַ האָט זיך דעם קאָפּ געוואַשן. — רחלע האָט דעם אַפּעטיט פאַרלוירן, רחלע קען נישט שלאָפן באַנאַכט. זי וועט שטאַרבן...

אַט־אָ די אַלע דערינערונגען האָבן אים ווידער ווי מיט אייזערנע קייטן צו רחלען צוגעקאָוועט. ער האָט מער נישט געטראַכט פון די קאַ־פּריזן. ער האָט צוגעטוליעט איר קאָפּ צו זיין ברוסט און איר שטום אין די אויגן אַריינגעקוקט:

— איינציקע מיינע... מיט וואָס וועל איך דיר קענען פאַרזיסן דיין לעבן?

— האַראַסיאַ, איך האָב מורא אַז דו וועסט מיך פיינט באַקומען...

— שווייג! גאָט, רחלע, האָט דיך באַשאַפן פון מיינעטוועגן... אונ־דזערע טעכטער וואָס דו וועסט מיר געבוירן — וויל איך, זאָלן געראָטן זיין אין דיר.

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן, איר לאַנג דעם טרויער פון די אויגן אויסגעקושט. רחל האָט געזיפצט, האָט געפילט ווי עפּעס נישט דערזאָג־טעס איז ווידער ווי אַן אומזעבאַרע מחיצה העננען געבליבן צווישן זיי... דער באָבעס אומרו, וואָס האָט ווי אַ גרויער שטן נאָכגעפאָלגט — האָט ווידער געהאַמערט אין בלוט בײַ איר, גערופן...

## קאפיטל 4.

# אנדרעס צווייפלט

אנדרעס איז געלעגן אפן בעטל מיט ביידע הענט אונטערן קאפ און פארדגעהט געקוקט אף דער סטעליע. פארלוירנקייט איז געווען אין זיין בליק און בושה. יענער ווידערווילן פון א מענטש וואס איז נישט צוגעוואוינט צו שווערער הארעוואניע און באם ערשטן נסיון ברעכן זיי צוזאמען און שלעפט זיך ווילנלאז אף צוריק... דער פארדרוס האט געפרעסן זיין באליידיקט הארץ. דעם אלטן דאן פאנטשאס אן אור־אייניקל איז געווארן א שלעפ־פערדל... דער בעל־הבית בא וועמען ער ארבעט, שפאנט אים אלע טאג אין די האלאבליעס פון א שלעפ וועגעלע און דער שטאלצער אנדרעס, מוז שוויינן, מוז צעפירן די פרוכטן, מיט גרינווארג צו די קונים.

— דו אנדרעס! — האט אים נאך געקלונגען אין די אויערן דעם בעל־הבית'ס א געשריי — ריר דיך! דו פוילער יונג...

אנדרעס האט פארביסן די אויבערשטע ליפ, אין די אויגן האבן אויפגעבליצט שוואכע, גרינגע פלעמלעך, ווי בא א חיה וואס גרייט זיך ווארפן זיך אפן שונא. ער האט מעכאניש אראפגענומען די גיטארע פון דער וואנט, א פיר געטאן מיט די שפיצן פון די פינגער איבער די אלטע, אויסגעפיילטע סטרונעס. א בינטל מיט קלאנגען, ווי פיל־קאלירנדיקע זונפעדים זיינען פון זיי ארויסגעשפרונגען, זיך צעפאלן איבערן שטיבל, צעיאמערט אין צארטע פארבענקטע טענער. די טענער האבן זיך געהויבן ווי די זילבערנע ים־כוואליעס צו די ווייטע ברעגן, זיך געאיילט צו פארפלייצן ס'הארץ זיינס, דאס אויפגעציטערטע בלוט, בלייבקייט האט זיך געשניטן ארום די אויפגעפראלטע נאזלעכער זיינע און ארום די צעקרומטע ליפן. ער האט פעסטער צום הארצן די גיטארע געדריקט און מיט א פארטייעט קול, וואס איז פון די טיפסטע הארץ ווינקעלעך געפלאסן אנגעהויבן נאכברומען: „נאר דו קענסט מיך טרייסטן און מיך פארשטיין”.

— „גיטארע מיינע, גיטארע, דאס גליק, די ליבשאפט פון אייגענע האט מיך פארלאזט, גיטארע מיינע, גיטארע...

„— בין ווי אן אפגעקרישלט שטיינדל, פונעם אייזערנעם פעלד אין טאל אראפגעפאלן, גיטארע מיינע, גיטארע... ברענג מיר די פליגלען פון אדלער... ברענג מיר דעם אלטן אייזל, גיטארע מיינע, גיטארע. מיט זיי וועל איך גיין אין די בערג, מיט זיי בין איך שטארק און פריילעך, גיטארע מיינע...

„זיי וועלן העלפן פארגעסן דעם ווייטיק, זיי וועלן אוועקטראגן מיינע טרערן צו די שפיצן פון די בערג און מאכן פון זיי זילבערנע קרוינען פאר די נארציסן... די בלומען וועלן וויינען מיט מיר און מיך טרייסטן — גיטארע מיינע, גיטארע”...

וואָס מער ער האָט געשפּילט, אַלץ העכער און לייכטער האָט זיך זיין געמיט איבער די היימישע באַרג־פאַלדן געטראָגן, געשוועבט ווי אַ ווייענדיק וואָלקנדל אין דער אומענדלעכער הימלישער ווייטקייט. אַ גלעטנדיקע טרייסט האָט זיך געבליניעט אין די אברים, מנוחה. ווי אַ קאַלט זומער ווינטל איבער די אָנגעשרפּהטע באַרג־שפּיצן, אַרום זיידנס ראַנטשע.

— „די בערג וואַרטן אַף דיר...״ האָט ער דעם זיידנס קול געהערט, געפילט איבער זיך די לייכטקייט פון די קלוגע אויגן זיינע, די וויס־שפּיציקע ברעמען. אַנדרעס האָט זיך אויפגעזעצט אין בעט מיט ביידע פיס אַראָפּגעלאָזט, אַרויסגעלייגט די גיטאַרע פון די הענט און מיטן אַרבל פון העמד אָפּגעווישט דעם שוויס פון שטערן: — „צום טייפל״... טיף אָפּגעזיפצט — דורך דעם כוח פון קלעפּ ווערט מען אַ מאַן!... אָבער — דעם קלוגן דאָן פינטשעס אַן אור־אייניקל, ער וועט זיך מער נישט לאָזן דערנידעריקן...

ער האָט אַריינגענומען דעם קאָפּ אין ביידע הענט און די באַליי־דיקונג האָט ווידער שטיקער געריסן: נישט געווען צוליב וואָס אוועקצע־וואַרפן די היים, די פריינט און קומען אַהער זוכן גליקן: די רייכקייט, דער גלאַנץ, פון וועלכן דעם זיידנס גוטע פריינט, די טוריסטן האָבן זיך אָנ־דערציילט און אים געהייסן קומען אין דער גרויסער שטאָט וואו זיי וועלן אים, אַנדרעסן, אַ גוטע שטעלע געבן — פון דעם אַלץ האָט זיך אויסגע־לאָזט אַ גאָרנישט... דער כישוף, וואָס האָט אים יאָרן לאַנג געלאָקט, גע־רופן אַהער, דאָס גוטע לעבן, די בריליאַנטן, די גרויסע אויטאָס, ווייבער און וויין, — דאָס אַלץ געהערט צו זיי, צו די פרעמדע... די אויסלענדער. קיין אמת'ע אַרגענטינער, אַזוינע ווי עס איז דער זיידע פּינטשע, האָט ער גאָרנישט געטראָפן... ער וועט זיי דערציילן די חברים זיינע, אַז אויך די גרויסע שטאָט איז פול מיט אָרעמע לייט... ער האָט געזען — קליינע אָפּ־געריסענע שוואַרץ הויטיקע קינדערלעך מיט לאַנגע דאַרע פיסלעך, וואָס וואַלגערן זיך צווישן די שטעלן מיט די וועגענער פון דער מערקאַדע, זיי בעטן אויס די צעפוילטע פרוכטן, בעטלען אַ שטיקל פלייש און אַ פּאָר סענט. ווייבער מיט באָרוועס געשוואָלענע פיס אין הילצערנע שיך — פויזן אום צווישן די וועגענער. גאָט, גאָט!... וויפל אומגליק, וויפל פאַרשע־מונג עס איז פאַראַן אין מיין לאַנד!...

איבערהויפּט האָט אים וויי־געטאָן, פאַר דעם זיידנס באַליידיקטן יחוס, אַנדרעס האָט כסדר געטראָגן בײַ זיך אין בלוט דעם צוגעטיילטן כבוד דעם זיידנס, אויך די באַוואונדערונג פון מענטשן צום זיידנס צווי ליכטיקע אויגן, וואָס דרינגען אַריין אין יעדנס האַרץ און לאָזן זיך נישט אָפּנאַרן... גוטע פריינט רעכענען זיך מיטן אַלטנס חכמה, מיט יעדן אַרויס־געזאָגט וואָרט זיינעם. די שונאים די נישט פאַרגינער, וואָס פילן זיך שפּל אין זיין אָנוועזנהייט — זיי מיידן אים אויס. נאָך אין די יונגע יאָרן, ווען די ווייבער זיינען אויסגעגאַנגען נאָך דעם זיידנס לאַסקעס —

האָבן זיי אים אַ נאָמען געגעבן דאָן פּינטשן — דאָס הייסט: דער שטע־כעדיקער... דער אַלטער האָט זיך זייער געגרויסט מיט דעם טרעפלעכן צו־נאָמען, בּאַ וועלכן אַלע — סיי די אייגענע, ווי די פרעמדע — רופן אים ביז צום היינטיקן טאָג.

ער האָט זיך געפרעסן לעבעדיק און נישט געלאָזט, אַז דער בעל־הבית זאָל זיך איזדיעקעווען איבער אים... אַלע וואָך געביטן דעם בעל־הבית. אין אים האָט געשריגן דעם זיידנס יחות. דערציילט פון אַלע פּופ־ציק אייניקלעך איז אַנדרעס דער גראָטעסטער, איז דעם אַלטנס ליבלינג. פאַרן אַוועקפאָרן, זיינע זיידע און אייניקל געשטאַנען צווישן די בערג — אַרומגענומען מיט בלויע שטיקער וועגט, ווי די דורכזיכטיקע כלה־שלייערן און זיך געזעגנט. דער אַלטער האָט אים לאַנג און וואַרעם באַטראַכט זייער גערירט אין די אויגן אַריינגעטענהט:

— דיין זיידע פּינטשע, זונעלע, האָט צוויי געזונטע דורות דעם פּאַטערלאַנד געגעבן. קיין דאַנק פאַר דעם האָב איך פאַר דעם בּאַ קיינעם נישט געוואָלט. דיין זיידע האָט פיינט אַ נישטיקן געשאַנק. נאָר דעם יחוס מיינעם — האָט אין די אויגן אַ פייער געטון אַ זילבערנער שי־מער — דעם אינדישן אָפּשטאַם — האָט קיינער נישט געוואַגט צו באַ־ליידיקן... דיינע אור־זיידעס, זיי האָבן מיט אַרויסגעשטעלטע ברוסטן פאַרטריבן די פרעמדע, די שפּאַניער און אויך די ענגלענדער פון אונ־דזער לאַנד. קיין גרויסן צוטרוי, מיין קינד, זאָלסטו צו קיינעם נישט האָבן. אין זייער געמיינקייט — האָבן מענטשן אַ גרויסע ענלעכקייט איינער צום אַנדערן. ווען דיר איז גוט, וועלן זיי דיך מקנא זיין; ווען דיר איז שלעכט, וועלן זיי דיך אויסלאַכן. גוטע לייט קענסטו נאָר טרעפן אַף גאָטס ערד...

מענטשן וואָס וואוינען ווייט פון דער נאַטור, זיינען ווייט פון גאָטס חסד און פון ליבשאַפט צו עמיצן... דיינע אייביקע פריינט וועלן זיין — דער מעסער, דער הונט, און די געטאַרע... ווי ביטער דיר זאָל נישט זיין, זאָלסטו דיין ווערדע נישט לאָזן צעטרעטן...

אַנדרעס האָט ערלעך געהאַלטן דעם זיידנס צוואה, געבענקט נאָך יענע גאָלדענע טעג, ווען ער פלעגט זיצן אונטער די פּאַלמען־ביימער בּאַם זיידנס ראַנטשע. ער, אַנדרעס, האָט געשפּילט אַף דער גיטאַרע. אַ סך מאָל זיינען זיך צונויפגעקומען חברים, דער זיידע האָט זיי וואונדערלעכע מעשׂות דערציילט, געשילדערט די בראַווקייט פון די אינדיאַנער, פון זייער פעכטן און בייקומען די געפערלעכסטע שלענג און די ווילדע פייגל פון די ווייטע פּאַמפּעס. די יונגעלייט האָבן צווישן זיך גערעדט פון וועלט־זאַכן, — פון פאַרפירערישע ווייבער,וואָס נאַרן אַריין די נאַיווע מענער אין זומפּ און טרייבן זיי נעבעך צו משוגעת; דערציילט פון די נישט־גוטע, וואָס לעבן נאָך איצט צווישן די ווייטע באַרג־ווינקלען; פון מערד־לעך און בעיקע קאָרטנשפּילער...

זיין הארץ האָט זיך צונויפגעשרומפּן. ער האָט געפילט, אז די גרויסע שטאָט איז נישט פאר אים. דאָרט צווישן אייגענע, אונטערן זיידנס השגחה, האָט ער קיין זאָרג נישט געהאט: עסן און טרינקען איז געווען, קיין דירה־געלט האָט נישט געקאָסט, כבוד און פריינטשאפט איז אים אנטקעגן געקומען...

— ראָסא, ראָסיטא! — האָט ער גערופן — וואו ביסטו ערגעץ אהינגעקומען?... זי איז אריינגעקומען פון קיך מיט א הייסער מאטע אין די הענט. ער האָט אויסגעשריגן:

— מאָרגן, טייערע מיינע, פאָרן מיר אהיים!...

זי איז געבליבן ווי געפּלעפט. אים אָנגעקוקט מיט ברייטע בליקן, אָנגענומענע מיט אומפארשטענדלעכקייט:

— פאַר וואָס, אַלטינקער? דאָ איז אזוי גוט!

דאָסאַן איז ווירקלעך ליב געווען דאָס לעבן אין דער גרויסער שטאָט. אַלע טאָג, ווען דער מאַן איז געווען בא דער אַרבעט, האָט זי פארבראכט מיט דער אַלטער פּילאַר, זיך שטילערהייט אויסדערציילט די היימישע רכילותן, דערציילט פון הייליקע כישופמאכערנס און פון דער הייליקער טערעסיטאַס ניסים. זי איז געווען גליקלעך, וואָס ראָסיטא האָט זי אויסגעהערט אויפמערקזאַם און קיינמאָל נישט געווען ווידערשפּעניק, אויס דאנקבארקייט איר אַ גלעזערנעם בייטשל קרעלן געקויפט, אָדער דעם הייליקן ראָסאַריאָ פון שטיין... אויך די איבערבלייבעכץ פון די טעלער געגעבן ראָסאַן און די אַלטע מלבושים.

ראָסא איז געווען גערירט פון אזא באציונג. זי האָט דערפילט אין זיך די מענטשלעכע חשיבות. אין דער היים, בא דער מומע אנכעליקא, האָט זי פון אַזאַ גוטסקייט נישט געוואוסט... די מומע איז געווען שטרענג און קאַרג. מענטשן האָבן דערציילט,אז אַ בייזע בארג־פרוי מיט א לאנגן פּנים, האָט געפונען ראָסאַן אין אַ קופּע מיסט — באַם טאָל פון איר בארג־וואוינונג, זי אויסגעהאלטן צווישן אירע קינדער ביז זעקס יאָר, אפּן זיבעטן יאָר איז ראָסא געוואָרן א דינסטל בא אַן אַראבער, דעם קלייטניק פון שטעטל, וואָס האָט גענומען פּאר אַ ווייב א יונגע ארגענטינערן. די באַלעבאָסטע האָט יעדן יאָר אַ ניי קינד געבוירן: אַ גראָבס און א שווערס. ראָסא האָט געמוזט אָפּהיטן די קליינוואַרג, אויך וואשן די גרעט זייערע מיט די ווינדלען.

האָט זי זיך אמאָל פארגעסן און גענומען אָן אָנטייל אין דער שפּיל, מיט דער באַלעבאָסטעס קינדער, אָדער גענאשט בא זיי אַ בעסערן ביסן — האָט די מומע אַנכעליקא גלייך געוואוסט און זי איז געקומען צו לויפן, באשטראָפט ראָסאַן, זי געפּאטשט פאר פרעמדע מענטשן אין די אויגן. דעם געהאלט — די זעקס פּעזעס דעם חודש — האָט אויך די מומע צוגענומען, איניינעם מיט די אַלטע שמאטעס — דער באַלעבאָסטעס מתנות.

ראָסאַ האָט געציטערט פאַר דער מומעס אַ בייזן בליק, אָדער דער באַלעבאָסטעס זידלערייען, האָבן געצונדן אין איר בלוט אַ שאַרפֿן האַס. זי האָט נישט געקענט אויסהערן, ווי די באַלעבאָסטע האָט זיך כסדר באַקלאָגט פאַר די רייכע טוריסטקעס, דעם מאַנס קליענטעלע, אַז ראָסאַ איז אַ פוילע און אַ נאַשערן... זי נעמט אומזיסט דאָס געהאַלט... ראָסאַ איז אַ ממזר... די גוטע „מומע” אַנבעליקאַ, האָט זי צווישן מיסט געפֿור־נען... ראָסאַ האָט זיך געהויקערט אין אַ ווינקל, אַ באַשפּיגענע פון די ווייבערס נייגעריקע בליקן און פון די דינע חוזק־שמייכלעך; געמיינט האָט זי, אַז די וועלט באַשטייט פון צוויי קלאַסן מענטשן: איין קלאַס — פון בייזע, קאַרגע באַלעבאָסטעס, וואָס ווערן נישט מיד צו ריידן פון האַרצלאָזע און אומגעטרייע דינסטן, פון די אוממאָראַלישע ליבעס זייערע און פון די קינדערלעך, וואָס וואַלגערן זיך שפּעטער אין די מיסטקאַסטנס. דער אַנדערער קלאַס — פון דינסטן און מעקלערס, פון מומעס וואָס הייסן זיין געטריי און איבערגעגעבן צו די בייזע באַלעבאָסטעס. ראָסאַ האָט געהערט ווי די דערוואַקסענע זאָגן זיך איינס דאָס אַנדערע אַ סך ליגנס. זיי שפּעטן איינער פון אַנדערן און נישט געוואַגט צו דערציילן עמיצן וועגן דעם; דערויף זיינען זיי באַלעבאָסטעס און טראָגן שיינע קליידער מיט שיינע שיך. זי איז אַ דינסט און מוז אַלץ אויסהערן און צוזען, אי־בערטראָגן די שווערע קלעפּ מיט די באַליידיקונגען און שווייגן, שמייכ־לען, זיך נישט מאַכן וויסנדיק..

ווי בא יעדן אומבאַהאָלפענעם, וואָס ווערט געפּייניקט פון עמיצנס גראָבקייט, האָט זיך אין ראָסאַס האַרץ כסדר געגעסטיקט אַ נישט־אויס־לעשבאַרער צאָרן, אַ באַהאַלטענער האַס, וועלכן זי האָט אַ סך מאָל אויס־געלאָזט צו דער באַלעבאָסטעס קליינוואַרג. איינמאָל, באַם האָדעווען אַ קינד, האָט זי אים אַריינגערוקט אין מויל אַ פולן לעפל הייסע קאַשע און אים שיעור אומגעבראַכט. אַ סך מאָל, טראַכטנדיק פון נקמה צו דער באַלעבאָסטע, האָט זי זיך פאַרגעסן און אַרויסגעלאָזט דאָס קינד פון די הענט, אים צעבלוטיקט. פון שרעק איז זי אַנטלאָפן אַהיים, זיך פאַרשטופּן אין אַ ווינקל הינטער דער ראַנטשע און וואַרטן אויף דער פאַר־דינטער שטראָף.

אַ צממיתטע און אַן אונטערדריקטע, פלעגט זי די מומע צוריק־ברענגען צו דער באַלעבאָסטע. ראָסאַ איז געוואָרן שטילער און הכנעהדיק, נאָר אין די ווינקלען פון אירע קויל־שוואַרצע אויגן, האָט שטיל געטליעט אַן אומצוטרוילעך פייערל, אַן אָנגענומענס מיט פאַראַכטונג און מיט הינטישער הכנעה.

דער מאַן אירער האָט נישט פאַרטראָגן די דערהויבנקייט אירע פון דער אַלטערס גוטסקייט. ער האָט זיך געוואונדערט אויף איר ווידערשפּעי־ניקייט. אויך ער איז געוואוינט געווען צו זען דאָס ווייב אַ נאָכגיביקע און הכנעהדיק שטיל, ווי אַ קאַלב. ער האָט זי דורכגעשפּיזט מיט אַ שמייכל, פול אומצוטרוילעכע בליקן און בייסיק אַ זאָג געטאָן:

— „ווער בין איך באַ דיר, ראָסאַ, אַ מאַן, אַ מאַצביל, צי אַ געליב־טרע? האָב איך דען נישט אַרויסגענומען מיט דיר אַ חתונה־ביכל?" — נאָך שטרענגער צוגעגעבן.

ראָסאַ איז געוואָרן רויט און באַלד בלייך. ווי זי וואָלט געהאַלטן באַם חלשן. פאַרלוירנקייט האָט אויפגעטויכט אין די דערשראָקענע אויגן אירע. שרעק — נישט קיין מאַטשאָ, איז דער אַנדרעס. הכנעהדיק צו דער ערד אַראָפּגעקוקט. מיין געזעצלעכער מאַן איז ער. מיט דעם אַלטן איז אַ ציבעלע מיט ברויט — גליק...

דעם ווייבס נאָכגיביקייט האָט געשטאַרקט אין אים די מאַנצבילשע גבורה, די אייגנליבע פון אַ הערשער. ער האָט אַרויסגענומען פון אירע הענט די מאַטע און זופנדיק ווידער צוגעגעבן, שפּאַנענדיק אַהין און צוריק איבערן שטיבל.

— דאָ איז נישט פאַר אונדז, ראָסאַ־לינדאַ, די גרויסע שטאָט, פאַר־שאָלטן זאָל זי ווערן!... האָבן זיך ביטולדיקע פּלעמלעך געטאַנצט אין די אָנגעצונדענע בליקן זיינע — פאַדערט אַ סך געלט. און האָסטו דאָס נישט — לאַכן פון דיר די מענטשן. מ'ען פאַראַכטעט דיך. קיינער קען נישט דיין היימישן אַלטן יחוס.

זי האָט אויפגעהויבן צו אים דאָס פּנים און שטיל צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. שטילקייט האָט זיך געוועבט אַרום זיי. רויטע זון־פּאַסמעס האָבן זיך, ווי זיידענע סטענגעס אַריינגעצויגן דורכן אָפענעם פענצטער, באַ־לויכטן די דין הכנעהדיקע שמייכלעך אויף ראָסאַס באַנגיקן פּנים, זיך איינגעשניטן אַרום די טיפע הין־גריבעלעך אויף די פּוכיק־קינדישע באַקן. זי האָט באַנגיק אַ מורמל געטון:

— אפילו אויף די באַן־בילעטן, האָט דער דאָן אַנדרעס קיין געלט נישט... וועלן מיר אפשר אַהיימגיין צופוס?

זי איז אַנטשוויגן געוואָרן און מיט ברייטע בליקן, אָנגענומענע מיט דערוואַרטונג צום מאַן געשמייכלט. ער האָט זיך האַסטיק אַ טראַג געטאָן צום טירל. אַראָפּגעכאַפּט דעם אַרבעטס־רעקל, וואָס האָט געהאָנגען דאָרט און אַרויסגענומען פון קעשענע אַביסל קליינגעלט, סאַמע ניקלענע מטבעות, זיי אוועקגעלייגט אויף דער אויסגעשפּרייטער דלאָניע. די אומ־רואיקע בליצן פון זיינע אויגן, די דריי טיפע קאַרבן אויפן שטערן, אַלע זיינע חושים האָבן געציילט איינמאָל און נאָך אַמאָל...

ער האָט פאַרוואָרפן דעם קאָפּ אויף אַרונטער און אומרויק די צע־פלויגענע קויל־שוואַרצע האָר געשויבערט... גרויע כמאַרעלעך האָבן זיך געשפּרייט אַרום די מויל־ווינקלען, דערשלאָגנקייט, באַלד אָבער איז צע־ברויזונג אויפגעגאַנגען אין די אויגן, זיכערקייט:

— איך וויל אָפּנעמען דעם רעשט פון חודש דירה־געלט, וואָס מיר קומט, וועט שוין זיין קליינע מיינע! — מיט פרייד אין ראָסאַס פּנים אַריינ־געשמייכלט — אויף אַ באַן־בילעט פאַר דיינעטוועגן! און איך — ס'איז זו־מער — האָט ער וואָוויליוונגעריש אַמאָך געטון מיט דער רעכטער האַנט

און אַראָפּגעלאָזט די מטבעות אין קעשענע פֿון די הויזן. — איך וועל מיך אַרויפֿכאַפּן אויף אַ וואַגאָן־דאַך... סע מאַכט נישט אויס... יונגעלייט האָבן ליב אַזאַ לייכטע אַוואַנטורע...

ער האָט נישט געוואַרט אַפֿן ווייבס ענטפֿער און נישט אויף איר צושטימונג, נאָר גיך, ווי ער וואָלט מורא געהאַט, אַז עמיצער וועט אים אָפּהאַלטן אויסצופֿירן דעם באַשלוס, וועלכער האָט שוין וואָכן־לאַנג גענעסטיקט אין זיין האַרץ — זיך אַ טראָג געטון אין הויף אַריין צום שענקל

געדעמפּטע היץ איז געשטאַנען אין שענקל. פֿון די פֿילקאָלירנדיקע פּאַפּירענע צעפּלעך, וואָס האָבן איבער דער רויטער נידעריקער סטעליע געהאָנגען, באַשפּיגענע מיט ווייסע און געלע פֿליגן־פּינטעלעך. פֿון די גרויסע שוואַרצע טישן, אַרום וועלכע עטלעכע פֿאָרט־אַרבעטער האָבן געשפּילט אין קאָרטן, פֿון די צוויי גרויסע פֿעסער פֿון פּראָסטן ווייִן — האָט אויף אַנדרעסן פּלוצים אַ ווייע געטון מיט אַ היימישן ריח. זיך דערמאָנט אין שענקל, וואו ער האָט אַ סך מאָל דעם אויבנאָן פֿאַרנומען. אַנדרעס איז געשטאַנען אויף דער שוועל. די בליקן זיינע האָבן געלויערט פֿון איין טיש צום אַנדערן, נאָר קיינער פֿון די שפּילער האָט אים נישט באַמערקט. דער מענטשן־טומל, די שאַרפֿע ריחות פֿון געפֿעפֿערטע עסנס, זיינען אים געקראָכן אין דער נאָז, געוועקט דעם אַפּעטיט און אויך אַ באַגער אויסצופּיינען זיך פֿאַר עמיצן.

הינטער דער טיר, בא אַ הויך טיש, האָט ער באַמערקט ניקאָלאַסן, אַ בחורל פֿון אַ יאָר פֿינפֿאונצוואַנציק. דעם פּראַוואָסלאַוונעם גלחס אַ זון. אַ מיטלוואוקסיקער, אַ טרוקענער, מיט אַן איינגעפֿאַלענער ברוסט, אַ באַגראָבענער אין זיך; דער שמאָלער קאָפּ, ווי אַ נישט אויסגעצייטיקטער קאַבאַק, עטוואָס צום רעכטן אַקסל אויסגעבויגן, ווי ער וואָלט זיך אָנגעשטרענגט אויפֿצוכאַפּן עמיצן אַ רוף. אַרום די טיפֿע גרויע קאַרבן פֿון ברייטן מויל, און אַרום דעם באַזאָרגטן שטערן, ווי פֿון אַ זקן, אַרום די טיפֿע, אומהיימלעך פֿינצטערע אויגן־לעכער, זיינען דינע זילבערנע שמייכעלעך אומגעלאָפֿן און אים אַן אומבאַשטימטן אויסזען צוגעגעבן.

דער אַנדערער, וואָס איז געזעסן באַם זעלבן טישל, איז געווען פּריץ, דער דייטש, וואָס האָט געוואוינט בא דאָן טשיטשען אין אַן אונטער־שטיבל און איז געווען ניקאָלאַסעס אַ נאָענטער חבר. פּריץ איז אַ הויכער און אַ גלייכער, ווי אַ טעלעגראַף־סטאָלב. די אויגן זיינע קליינע, מוטנע און גרוילעכע, ווי פֿון אַ קראַנקער קאַץ. אַנדרעס האָט זשעדנע אַ קוק געטון אויף די פֿלעשער מיט ביר אַפֿן טישל און די באַליידיקונג האָט אים ווי אַ שווערע מאַסע געדריקט. אין היימישן באַרג־שטעטל וועט קיינער נישט לאָזן דאָן פּינטשעס אַן אור־אייניקל שטיין בא דער טיר. אך אַנדרעס, אַנדרעס! גאוה האָט אַ פֿינקל געטון אין זיינע אויגן. ער האָט ברייטלעך אַריינגערוקט די הענט אין דער הויזן־קעשענע און זיך אַ שפּיל געטון מיט די ניקלענע מטבעות.

— ניקאָלאַס האָט אים אַ רוף געטון מיט אַ האַנט:

— ברענג, אַנדרעס, דיין גיטאַרע. דער הער פּריץ איז אַנטציקט פון דיין שפּילן.

אַנדרעס האָט וואַרעם געשמייכלט און אַ טיפע דאַנקבאַרקייט האָט אַ כוואַליע געטון אין זיין האַרץ. ער האָט פאַרגעסן, אַז ראָסאַ האָט פיינט ניקאָלאַסן און אויך פּריצן, וועמען זי האָט אַ נאָמען געגעבן על היפּאָ־פּאָטאַמאָ. ער האָט פאַרגעסן, אַז ער אַליין האָט זיך כסדר אויסגעהיט פון די צוויי פּאַרשוינען, וואָס האַלטן זיך גרויס און זיינען כסדר אָפּגעזונ־דערט פון דאָן טשיטשעס הויזגעזינד און אויך פון די היימישע קונים אין שענקל. ניקאָלאַס האָט אים אָנגענומען אונטערן אָרעם און אַוועק־געזעצט אַף אַ בענקל לעבן זיך — אַ פּאַטש געטון מיט די טרוקענע הענטלעך, די דינע שמייכלען אַרום די מויל־קנייטשן, און די אייגעלעך האָבן נחתדיק איבערן שענקל געלויערט.

— דאָן טשיטשע, דערלאַנג אַהער אַ פלאַש וויין, אַ פּאָר פרישע „לאַנגאַניסעס" און ברויט.

אַנדרעס איז געוואָרן רירעוודיקער. די גאווה אין אים האָט אויפגע־שפּילט. ער האָט אַרויסגענומען די מטבעות פון קעשענע און זיי מיט אַ באַלעבעסלדיקער הנאה אַפן טישל אַוועקגעלייגט:

— די ערשטע פּאַרטיע צאָל איך!

דאָן טשיטשע האָט דערלאַנגט די באַשטעלונג און ניקאָלאַס האָט אָנגעגאָסן צוויי גלעזער מיט וויין — איינע פאַר זיך און די צווייטע פאַר אַנדרעסן.

— טרינק, ברודערל, — האָט ער אויסגערופן, אַ הויב טוענדיק זיין גלאָז אין דער לופטן — פאַרן געזונט פון אונדזערע אַלטע יחתנים, די אינדיאַנער...

ער האָט באַלד צוגעבויגן דאָס קעפּל צו אַנדרעסן און לעבהאַפט געפרעגט:

— געפעלט אייך כאָטש די גרויסע שטאָט? האָט איר שוין געזען דעם זאָאָלאָגישן גאָרטן? דעם באַלנעאַריאָ?..

אַנדרעס האָט אים שטום און ערנסט באַטראַכט; נישט געוואוסט צי ניקאָלאַס חוזקט פון אים, אָדער ער איז אויפריכטיק. ניקאָלאַס האָט אים דורכגעבויערט מיט דער אַלטקייט פון שטערן. — פלינק ברודערל דאַרף מען זיין. מיר זיינען די אמתע אַרגענטינער — שאַרף צווישן די מעסערדיקע ליפּעלעך געזייעט — מיר דאַרפן נאָר וויסן ווי אַזוי אויפ־צופירן זיך...

אַנדרעס האָט אַ קליין זיפּצל געטאָן און געטרונקען איין גלאָז וויין נאָך דער אַנדערער. אַ זיסע מידקייט האָט זיך איינגעביסן אין זיינע גלי־

דער, דער ווײַן האָט געשלעפּערט דעם מוח, ער האָט טרויעריק אין ניקאָ־לאַס אויגן אַרוננגעמורמלט:

— מיר געפעלט זי נישט, די גרויסע שטאָט... איך פאָר אַהיים.

— און דאָ, ביסטו נישט בײַ דיר אין דער היים? — איז ניקאָלאַס געוואָרן אויפגעבראַכט — איך, דײַן לאַנדסמאַן, דײַן גוטער פרײַנט, איך וועל דיר באַזאָרגן!...

אַנדרעס האָט אים אָנגעקוקט מיט אַ צעמישטן בליק, און אָנגענור־מענעם מיט אומצוטרוי...

אַ קלײַן, טרוקן מענטשל, מיט אַ רויט נעזל, ווי אַן איבערגעצײַ־טיקטע גרויסע פלוים, האָט זיך צו ניקאָלאַסן צוגערוקט אַ ווײַנענדיק, מיט די גראָבע געשוואָלענע ליפּן געגאָוועט:

— זאָג אים, דאָן טשיטשען, ער זאָל מיר געבן נאָך איין פלע־שעלע, איינס און מער נישט!... באַלד וועט זיך ענדיקן די מלחמה. גרויס איטאַליע וועט די חובות פון אַלע גוטע לאַנדסלײַט אָפּצאָלן...

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן און אין אַן אויסגעבויגענער פּאָזע זיך געהויקערט אינעם לאַנגן, צעריסענעם ראָק, זיך געקראַצט און זשעדנע די סלינע געשלונגען.

ניקאָלאַס האָט אַ דערשטיקטן ברום געטאָן:

— די אידן האָבן שוין באַלד צורעכט געמאַכט דײַן אימפּעריע, אידיאָט איינער!

ער האָט זיך אויפגעשטעלט, אַרויסגענומען פון בוזים־קעשענע אַ שטיק „קאַבילדאַ", אַ פּאַשיסטיש בלעטל און אָנגעהויבן פון איר אַרויס־צולייענען:

— „אייראָפּע ברענט אונטער די גרויזאַמע קלעפּ פון די אימפּע־ריאַליסטן — די אידישע באַנקירן, קאָמוניסטן, דער קרעמלין, דער איד רוזוועלט און די ענגלענדער — אַלע האָבן זיך פאַרייניקט: זיי זײַנען די שונאים פון דער מענטשהייט... זיי ווילן אומברענגען די העלדישע קעמפער, די באַפרייער פון דער וועלט־קנעכטשאַפט: די דײַטשן..."

ניקאָלאַס האָט אויפגעהויבן דאָס פּנים און מיט גרינע, שאַרפע בליצלעך אין די שווימענדיקע אייגעלעך צום עולם געקוקט. עטלעכע פּאָר אויגן האָבן זיך אויפגעהויבן צו אים און שטום געוואַרט — ניקאָלאַס איז געווען אַ שטיק פּראָפּאַגאַנדיסט זייערער, נאָר די לעצטע צײַט איז זײַן פּרעסטיזש געפאַלן, די נביאות זײַנע זײַנען נישט מקוים געוואָרן.. ער האָט אַ פּאָר מאָל אין וואָך גערעדט פאַר די קונים פון דאָן טשיטשעס שענקל, זיי ווידער געזוכט צו באַגײַסטערן, צו מוטיקן און כאָטש זיי האָבן זיך נאָר טיילווייז צוגעהערט צו זײַנע הייסע דרשות — איז אָבער אַ אומ־צוטרוי אומגעגאַן צווישן זיי. די פאַקטן, דער אמת — האָט גערעדט קלאָר: היטלערס אַרמייען זײַנען ווי די משוגענע הינט צעקוועטשט גע־

וואָרן אַף די רוסישע פראָנטן, זיך צעלאָפן ווי די פארסמטע מייז וואוהין די אויגן האָבן זיי געטראָגן. אויך האָבן זיי מיט חרפה און ווייטיק געלייענט אין די צייטונגען וועגן די איטאַליענישע סאָלדאטן, וואָס ווילן מער נישט דינען דעם פאַשיזם און אַנטלויפן מאַסנווייז פון די פראָנטן.

ניקאָלאס האָט ארויסגעפילט דעם ביטל פון זיינע צוהערער וואָס האָבן אים פריער ממש פאַרגעטערט, געשלונגען יעדעס וואָרט זיינס, ווי טייערע מארצעפּאנעס... די בלוטיקע נקמה־דורשטיקייט האָט נאָך מער געבריט דאָס בייזע הארץ, דאָס בלוט, ער האָט אויפגעהויבן די הענט קעגן זיי און געדראָעט מיט געבייזלטע פויסטן:

— די אידן, דעם גרוזין... מיר וועלן זיי ווייזן. — הייל היטלער!

— בראוואָ, בראוואָ! א, או. א או!

די קולות פון זיינע צוהערער האָבן געשטארקט אין אים דעם גלויבן אין זיינע אייגענע כוחות, די צוויי אייגעלעך ווי שווארצע טיפּע פלעקן, האָבן אַפּירגעלויערט פון אונטערן שטערן, זיך איינגעגעסן אין זיינע חסידים און ער האָט פאַרגעזעצט: — אין דער טראַגישער וואָך האָבן די אידן אוועקגעגנוועט עטלעכע קריסטלעכע קינדער, וועלכע האָבן זיך געשפּילט אַף פלאַסע לאַוואזשע, זיי נעבעך געקוילעט און באַנוצט זייער בלוט צו די פסח'דיקע געבעקסן...

זיין קול איז געווען אומהיימלעך און היסטעריש, דער עולם, וואָס האָט שוין געהערט פון אים די זעלבע דרשה צום טויזנטסטן מאָל, איז געבליבן שטיל און אומצופרידן. אַנדרעס איז געווען זייער אומרויק, זיין הארץ האָט געצאַפּלט פון שרעק. אין זיין לאַנד זאָל פאַרקומען אַזא מערדערישקייט — דאָס האָט ער נישט געוואוסט...

ניקאָלאס האָט ווידער א צעפיר געטאָן מיט די הענטלעך, געוואָלט א געשריי טון, נאָר די אַלטע פּילאר האָט זיך א שווער סאַפּנדיקע אריינגעשטעלט אין דער אָפענער טיר, די גרויסע מיט האָר באַוואַקסענע בראָדעווקע אַף דער באָרד האָט געציטערט — טשיטששע, אַלטע בהמה — האָט זי מיט א ציטערדיק קול צום מאַן א געשריי געטאָן — הייס זיי פאַרשטומט ווערן, די שיכורים. אונדזער אינגל איז נאָר וואָס אהיימגעקומען, ער האָט זיי פיינט, די ליידיק־גייער... זי איז אַנטשוויגן געוואָרן און צוגעוואָרפן צו ניקאָלאסן די בייזע בליקן אירע. ער האָט זיך ראַפּטאָם אַראָפּגעלאָזט אַפן בענקל און שווער געסאָפּעט.

דער שיכורער פארשווינדל האָט זיך צוגעשארט צו איר און געוויינט:

— איך בין א נאָענטער פריינט פון בעניטאָ מוסאָליני — האָט ער אָנגעהויבן קלאַפּן מיט די פויסטן אין זיין טרוקענער, מיט שטויב באַוואַקסענער ברוסט — די אידן לאָזן נישט דעם דוּכן טשיטששעלע, ער זאָל מיר נאָך איין פלעשעלע געטרויען, איינס און ניט מער...

די פריילעכע געלעכטערס פון עולם זיינען איבערגעהאקט געוואָרן, ווייל האַראַסיאַ איז אריינגעפאלן אין שענקל. צערייצטקייט האָט זיך מער־סערדיק געשניטן אַרום זיינע זאנפטע, פיין געשניצטע ליפן. די אויגן ווי צוויי שאַרפע בליצן האָבן זיך איינגעשטאָכן אין ניקאָלאס איינגעשרומפּן גופל... די אַלטע האָט אַ נעם געטאָן דעם זון פאַר ביידע הענט און מיט איר מאמישער גוטסקייט, אין זיין בלייך געוואָרענעם פּנים אריינגעטע־נהט — לאָז אים לויפן, זונדעלע מיינס... האָב רחמנות אף דיין אַלטער מאמען...

אַנדרעס האָט געזיפצט מיט צווייפל און צעמישונג.

---

## קאַפּיטל 5

# א באַגעגעניש

— הייל היטלער! — האָט פריץ אַ קלאַפּ געטון מיט די צונויפגע־נומענע שיך און אַ הויב געטאָן זיין פויסט קעגן אנדרעסן. — הייל היט־לער! — האָט זיך אנדרעס אין זיין גאַנצער לענג אויסגעצויגן און צוגע־גאנגען צום טירל, גענומען פריצן אונטערן אָרעם און אים צוגעפירט צום קאסטן, וואָס האָט געדינט פאַר אַ באַנק צום זיצן. פריץ האָט זיך .באַ־קוועם אוועקגעזעצט, אַרויסגענומען אַ גרויס נאָזטיכל פון קעשענע און אָפּגעווישט דעם שוויים פון שטערן און פון האַלדז. — האָסטו פינקטלעך אויסגעפירט מיינע באַפעלן? נאָך אַ לענגערן שווייגן, דאָס געלע מאסקע־פּנים אַף אַנדרעסן אָנגעשטעלט — ביסטו פונקטלעך?...

— אויסגעפירט, אויסגעפירט! — פרייד און גרעניצלאָזע גאווה האָט אויפגעטויכט אַרום אַנדרעס מויל און אין די אויגן — אַפילו צווישן אונדזערע שונאים, די אידן, האָב איך אונדזער פּראָפּאגאנדע געטיילט...

— פריץ האָט אַ אומצופרידענעם מאַך געטאָן מיט דער רעכטער האנט און בייז געבורטשעט:

— גיי צום טייוול, דו שווארצער דרעקע...

— אַ דאַנק, אַ דאַנק, הער באַראָן — האָט אַנדרעס מיט אַ פאַר־כאַפּטן אָטעם אָפּגעענטפערט און זיך אַרױפגעלאָזט אַף דער שעפּסענער פעל באָם בעט מיט אַ שטומער געהאָרכזאמקייט אין די אויגן און ווידער אַף פריצן געקוקט, געוואַרט אַף נייע באַפעלן. שטילקייט האָט זיך אָפּגע־זעצט אַרום אים און זאָרג. דעם פריערס שווייגן האָט אים וויי־געטון. מיט טיפער זאָרג אין די קניִיטשן אונטער די צעשראָקענע אויגן זיינע, האָט זיך ניקאָלאס אַריינגעשטעלט אין שטיבל, זיך זייטיק צוגעשאַרט צו פריצן:

— הייל היטלער!...

ראָסאַ, וואָס איז געשטאַנען באַם בעט, האָט זיך הכנעהדיק אַ נויג געטאָן און איס אונטערגערוקט אַ שטרויען בענקל, דאָס איינציקע שטיק נייע מעבל פון שטוב: זאָל דאָן ניקאָלאַס זיצן. און זי האָט זיך ווארעם צעשמייכלט. דאַנקבאַרקייט איז געווען אין איר בליק, זי האָט געוואוסט, אַז די צוויי נייע פריינט דעם מאַנס, וואָס קומען אַהין כמעט יעדן אָפּדערנאַכט, זיי האָבן איר אַ נייע האָפענונג געבראַכט. צוליב זיי איז דער מאַן איר נעוואָרן אַן אַנגעזעענע פערזאָן און ער וויל שוין מער נישט אַהיימפאָרן. צוויי מאָל אין וואָך איז ראָסאַ, אָפּן מאַנס באַפעל, אריין צו פּריצן אין שטיבל און אויפגערוימט, איבערגעצויגן דאָס בעט. דער מאַן האָט איר געזאָגט: פּריץ איז אַ באַראָן, אַ אידעאַליסט, ער וויל אויסלערנען די אָרעמע ארגענטינער אָפּצונעמען דאָס לאַנד בא די פרעמדע... די וואָס האָבן זיך אַהער אריינגעכאַפּט. איר האָט נאָר געוואונדערט, פאַרוואָס אַנדערעם האָט זיך אויסגעהיט מיט דער נייער פריינטשאַפט פון רחלען מיטן חתן... זי האָט אינסטינקטיוו אַ קוק געטון אַף פּריצס צוויי לאַנגע פּיס, די אויסגעצויגענע, ווי צוויי צוגעטשעפּעטע דרענגער און דאָס האַרץ האָט איר אַ ציטער געטאָן. זיינע מוטנע בליקן זיינען ווי פוילע, איבערגעפרעסענע ווערים אומגעקראָכן איבער די קינדישע בריסטלעך אירע, וואָס האָבן ווי צוויי נישט אויסגעצייטיקטע עפּל אָפּגעגלויערט פונעם דינעם קאָפּטעלע. זי האָט גיך די בליקן אירע צו דער איקאָנע אריבערגעטראָגן און זייער שטיל אַמורמל געטאָן:

— גאָט, הייליקע מוטערל... באַשיץ מיך...

דאָס קינדישע געבעט אירס האָט פּריצן אַ גרילץ געטון אין אויער. ער האָט איבערגעטראָגן די בליקן אָפן אַלטן, פאַרשטויבטן יעזוס אָפן טיש און זיי באַלד געווענדעט צו דער איקאָנע. דאָס געלע פּנים איז געבליבן רואיק, נאָר אין אים האָט אַ ריפּע געטאָן דאָס בלוט, זיך געהויבן צום קאָפּ ווי אַ צעברויזטע כוואַליע און געצונדן די געהירן. פון דער איקאָנעס שטילן גליקזעליקן פּנים, פונעם רויטן צעבלוטיקטן שניט אַף דער ברוסט פון יעזוס, פון די קילע, פייכטע ווינקעלעך, אָנגענומענע מיט ריחות פון אַלערליי געבענטשטע גראָזן, פון די ברייטע שפּאַרעס אין דער אַלטער נידעריקער סטעליע — האָט אַף אים פּלוצים אַ ווייע געטון מיט פּחד און טויזנטער פּאָר אידישע אויגן, ווי הייסע פלאַקער־שפּיצן זיינען אים באַפאַלן, אין יעדער פּאָר אויגן האָט פּריץ געזען אַן אַנדער קאָליר און אַן אַנדער כוח, אַ באַדייטונג, וואָס האָט אים צעמישט. די שווארצע אויגן זיינען געווען אַזוי טיף און צעברויזט, ווי אויפגעריסענע וואָלקנס, וואָס רייסן זיך אריין אין סאַמע מיט פון דער וועלט און פאַרברענען זיי... די ברוינע אויגן האָבן געלויערט אַף אים מיט אַ מאָדנעם שטומען געדולד, מיט בייסיקער פאַראַכטונג.. די בלויע, אָנגענומענע מיט איבערמענטשלעכער זויבערקייט, מיט גלויבן... די מילך־ווייסע — מיט בלוטיקן געלעכטער, מיט טויזנט קללות...

אַ קאַלטער שווייס האָט אים באַגאָסן מיט אנגסט. ער האָט צעשפּילעט דעם קאָלנער פון העמד און געווישט דעם פאַרשוויצטן האלדז און באקן, נאָר דער אָטעם זיינער איז געוואָרן שווער, ווי ער וואָלט זיך געשטיקט. ער האָט דערפילט אַרום האלדז דעם כוח פון טויזנטער פינגער, הייסע און קנאָכיקע, וואָס ברעכן אים איבער דעם גאָרגל, שטעכן אים מיט די לאַנגע נעגל ווי מיט שפּיזן... פּריץ האָט זיך ראַפּטום אָפּגעשטעלט, אַ צעמישטן קוק געטון אַרום זיך, אַ כאַפּ געטון פון טיש דעם שטיינערנעם יעזוס, אים אויפגעהויבן אין דער הויך און מיטן גאַנצן כוח אים אַ שלייַדער געטון אַף דער ערד:

— דאָנערוועטער! איך וועל אים טויט־שלאָגן, דעם יודאַש...

ראָסאַ האָט זיך ווי אַ פאַרוואונדעטע חיה אַ וואָרף געטאָן צו דער ערד, אויפגעהויבן דעם צעקלאַפּטן גאָט אירן, אינגאַנצן אַן אויפגעצאַפּלטע, אַ בלייכע, אַריינגערעדט אין פּריצס צעטראָגענעם פּנים:

— באַ גאָט, הער באַראָן, טוט נישט קיין שלעכטס דעם הייליקן פאָטער אונדזערן...

דער לאַנגער ברייט־צעוואַקסענער גוף זיינער האָט זיך שווער און מעכאַניש געהוידעט אַף די צענומענע פיס. ער האָט אַ דריי געטאָן מיטן פויסט אין דע לופטן:

— טאָט־שלאָגן, מוזט מען דעם יודאַש!...

אַנדרעס האָט אַף אים געקוקט מיט הייסן גלאַנץ פון די צעמישטע בליקן, אָנגענומענע מיט שטוינונג. ראָסאַ האָט מיטן שפּיץ פון פאַרטוך געהאַלטן אין איין אַרומווישן דעם צעקלאַפּטן קאָפּ פון איר גאָט און דאָס אָפּגעריבענע, געפיינִיקטע פּנים. זי האָט שטיל געוויינט... פּריץ איז צו זיך געקומען, מידקייט האָט זיך געטוקט אין די אויגן, פאַראַכטונג אין די גראָבע צוויי ליפּן, די נאָזלעכער האָבן אַלץ געציטערט, ווי באַ איינעם, וואָס האָט זיך אויפגעכאַפּט פון אַן עפּילעפּטישן אָנפאַל... די זינלאָזע שרעק איז שטילער געוואָרן, זי האָט זיך אַריינגעגנבעט און זיך פאַרשטעקט, אין די צעשרויפענע קעמערלעך פון זיינע צעטראָגענע געהירן און שטילערהייט, ווי אַ פאָטיינע הונט געוואַרט אַף דער ערשטער געלעגנהייט, זיך געגרייט ווידעראַמאָל אַרויסצורייסן זיך פון די שוואַרצע, באַקוועמע נעסטן, ווידער אַ באַפאַל טאָן דעם באַלעבאָס, פלאַקערן ווי מיט טויזנטער קלאָגליכט, נאָך מיט מער רציחה, מיט ווילדער הנאה אים אָנזאָגן טויזנט שוואַרצע בשורות...

ניקאָלאַס, וואָס האָט די גאַנצע צייט געקוקט אַף פּריצן, האָט מיטאַמאָל באַקומען געדעמפּטע פלעמלעך אַף די טרוקענע באַקן.

— דער הער באַראָן — האָט ער האַסטיק אַריינגעשיפּעט אין די בליצן פון אַנדרעס אויגן — איז אַ מבין אַף פּלאַסטישער קונסט... אים געפעלט נישט, ווייזט אויס, די אַרבעט... — ער האָט זיך אַ קער געטאָן און פרייִדיק איין האַנט אין דער צווייטער געריבן, — מעגסט אַ קוק טון, אַנדרעס, וואָס פאַר אַ וואונדערשיינע הייליקע בילדער ער האָט געמאַכט!...

אַנדרעס האָט אים שטום אין פּנים אַריינגעקוקט; דער נאַטירלע־כער אומצוטרוי צום שטאָטישן מענטש איז געוואָרן שטאַרקער, געוואָרנט פאַר דער דאָזיקער באַנגעגעניש...

פריץ האָט אָנגעהויבן שפּאַנען איבערן שטיבל, פעסט זיינען געווען זיינע אומזיכערע טריט. ווידער געפּאַכעט מיטן פויסט אין דער לופטן און אָנגעהויבן זינגען מיט אַ טיף־גריזלצנדיק קול:

— וויר איז גוט, וויר איז גוט — ווען פון מעסער רינט דאָס יודן־בלוט...

אַנדרעס מיט ראָסאַן, וואָס זיינען געוואוינט געווען מיטצוזינגען מיט די נייע פריינט, האָבן זיך אומהיימלעך איבערגעקוקט, געוואַרט, ווער פון זיי וועט זיין דער ערשטער צום אָנהויבן זינגען. נאָר ניקאָלאס האָט זיי וואַרטן נישט געלאָזט, ער האָט אַ כאַפּ געטון אַנדרעסן פאַר אַ האנט און אויך ראָסאַן און זיי מיטגעשלעפּט ווי אין אַ שדים־טאַנץ, קייכנדיק מיט אַרויסגעשטערטשעטע אומהיימלעכע אויגן.

— אַ גוטן אָוונט אייך, שכנים!... — האָט ניקאָלאס ווי דורך אַ הויכריידער האַראַסיאַס קול דערהערט און ער איז ראַפּטום געבליבן שטיין. אַנדרעס איז אַ צוטומלטער צוגעשפּרונגען צום אָפענעם פענצטערל און דאָס געפּרואווט פאַרמאַכן, נאָר האַראַסיאַ, וואָס איז געשטאַנען פון וויי־טנס, האָט זיך אַ לאָז געטאָן צום שטיבל און לאַכנדיק צו אַנדרעסן געטענהט.

— איך קום פון מיין רחלען. איך בין דאָ צופעליק פאַרביי און גע־וואָלט אַריינגיין, נאָר איך הער מען זינגט, מען טאַנצט, — האָב איך נישט געוואָלט שטערן: — און מיט פּשטות צוגעגעבן:

— וואָס מאַכט ראָסאַלינדאַ?

זינט יענעם אויפדערנאַכט ווען ניקאָלאס האָט זיך צעדרשנט אין טאַטנס שענקל, האָט האַראַסיאַ מער אים נישט געזען, אויך מער נישט געטראַכט פון אים — נישט צום גוטן און אויך נישט צום שלעכטן: גע־שטילט דעם אייגענעם צאָרן מיט אַרויסווייזן דעם ביטול צום געוועזענעם חבר, איז האַראַסיאַ ווידער געווען רואיק און פאַרטון אין זיינע אייגענע זאַכן. אויך האָט ער נאָך פון דעמאָלט אָן אַנדרעסן מיט זיין ווייבל ניט געזען און נישט געוואוסט אַף ווי ווייט יענער איז אַריינגעפאַלן אין דער איפּושדיקער נעץ פון די נאַצים...

שוין אַ היבשע עטלעכע יאָר זינט האַראַסיאַ האָט אויפגעהערט צו נעמען ערנסט, דעם געוועזענעם חבר זיינעם, דעם זון פון פּראָוואָסלאַוו־נעם גלח. אַ לאַנגע צייט האָט געטליעט אין אים אַ פיינטשאַפט צום חבר, דעם יחתן, און שפּעטער האָט ער וועגן אים אינגאַנצן נישט געטראַכט. נאָך אַלס קליין אינגל האָט שוין ניקאָלאס דערפילט אַף זיך די קללה פון זיין מיאוסן אויסזען. ער איז דעמאָלט געגאַנגען מיט רחלען און מיט האַ־ראַסיאַן אין איין שולע. זי האָט אים שטענדיק אויסגעמיטן, נישט געלאָזט ער זאָל איר אַמאָל אָנעמען פאַר אַ האַנט באַם אַריבערגיין די גאַס, אָדער

טראָגן איר שול־טאַש ווען זיי זיינען געגאַנגען פון אָדער אין שול. האַראַסיאַן ווידער, האָט רחל שטום אונטערגעטראָגן איר ווייז־פינגערל, ער זאָל דאָס האַלטן, אויך דעם שול־טאַש אים געטרויעט, זי האָט געטיילט מיט אים גלייך אַף גלייכ די זיסע מאָן־קיכלעך, וואָס די באָבע האָט געבאַקן. אַ סך מאָל אין די ווינטער חדשים ווען ס'איז געווען קיל, פלעגט זי ארומבינדן דעם נראָבן שאַליק אַרום האַראַסיאָס האַלדז, ער זאָל זיך חלילה נישט פאַרקילן... זומער אים געהאַט ער זאָל נישט עסן צופיל אייזקרעם, ווייל די באָבע אירע זאָגט, אַז ס'קען שאַטן צום האַלדז.

אין ניקאָלאַסן האָט געשרפעט די קנאה, דער האַס און די אייפערזוכט פון קריפּל צום געראָטענעם... טויזנטער נקמה־געפילן האָבן זיך אויסגעגבריט אין זיין שווארצן, אומגעזונטן אינסטינקט... און ווי יעדער פחדן — האָט ער קיינמאָל נישט געוואגט אַרויסצעווייזן די פיינטשאַפט צום חבר, נאָר זי געלאָזט נעסטיקן באַ זיך אין הארצן, זי געהאָדעוועט ווי אַ בייזע שלאַנג, וועלכע וועט מיט דער צייט פארסמען דעם חברס פרייד און גליק...

איינמאָל האָט ער אפילו יאָ געוואגט אַרויסצואווייזן די קנאה, מיט אַ סך דינע אומשולדיקע שמייכעלעך אַרום די שמאָלע מעסערדיקע ליפּן, האָט ער צו האָראַסיאָן אַ זאָג געטאָן:

— העכערע בילדונג, האָראַסיאָ, אַ טיטל, איז נישט צוגעפּאַסט פאַר יעדן איינעם. דיך ציט ערגעץ אַנדעש. נאָר זי, דיין קליידל וויל דיך דורכוים מאַכן פאר אַ געבילדעטן מאַן!... אַנדערש שטייט איר ניט אָן, דער כודיא...

האָראַסיאָ האָט אים גלייך אַפן אָרט אָפּגעענטפערט מיט אַ פויסט איבערן פּיסק און די אמביציע אין אים איז גראָדע געוואָרן רייכער... דער ווילן צו דערווייזן דעם יחסנישן חבר, אַז אויך קינדער פון פשוטן פאָלק זיינען פעאיק צו ווערן דאָס צו וואָס זיי האָבן ווירקלעך אַ באַרוף — האָט זיך צעשאָלט אין זיין בלוט, אים מיטגעריסן. ער האָט אָנגעהויבן לערנען פלייסיקער און גענומען ערנסט זיין צוקונפט. זיינע חברים האָבן דערפילט זיין כוח און אַ סך מאָל געקומען, ער זאָל זיי אַרויסהעלפן מאַכן די שווערע אויפגאַבן.

איינמאָל זיינען אין האָראַסיאָס צימערל געווען עטלעכע חברים, אַלע רייכע צעבאַלעוועטע זינדלעך, וואָס האָבן זיך נישט געאיילט צו לערנען צופיל און געמוזט אָנקומען צום חבר, ער זאָל זיי, פאַר עטלעכע פּעזעס, צוגרייטן צו די עקזאַמענעס. די אַלטע פילאַר האָט זיך אריינגעשטעלט אין טירל און מיט איר נאַטירלעכער הכנאה אין די אויגן, אַ קוק געטאָן צו די געלערנטע יונגעלייט, זיך פאַרנויגט פאַר זיי און מיט אַ מאַמעשער וואַרעמקייט שטיל געבעטן, פירנדיק פאַר זיך מיט די צוויי רויטע, געשוואָלענע, אויסגעהאָרעוועטע הענט:

— זאָלן די סטודענטן זיין אזוי גוט און אריינגיין אין עס־צימער! די מאַמע האָט געגרייט אַ היימישע פּיצא.

דרך ארץ און גליק איז געווען אין איר קול.

האַראַסיאַ האָט אויפגעכאַפּט דינע שמייכלעך אַרום די שטומע פאַרשלאָסענע מײלער זייערע, חוזק. ניקאָלאַס, וועלכער איז אויך דאָרטן געווען, האָט אַ צעפּיר געטון מיט די קורצע הענטלעך זיינע און זיך צע־כיקעט מיט אַ דין קוויטשיק קולעכל: „זאָלן די סטודענטן אַריינגיין אין עס־צימער"...

האַראַסיאַ האָט אים שוין ניט געלאָזט פאַרענדיקן. דאָס בלוט אין אים האָט זיך געצונדן ווי לאַוועס מיט פייער, ער האָט ראַפּטום אַ כאַפּ גע־טאָן ניקאָלאַסן פאַרן האַלדז, אים עטלעכע מאָל אַ זעץ געטאָן מיט אַ פּוס איבערן טרוקענעם הינטן און ווי אַ בינטל שמאַטעס אים אַרויסגעוואָרפן פון שטוב, זיך אויסגעגלייכט און מיט פייער שפּריצנדיקע אויגן, אָנגענור־מענע מיט פאַראַכטונג צו די לאַכנדיקע חברים געקוקט:

— פאַרנעמט אייך פונדאַנען — האָט דאָס קול זיינס אַ דונער געטון — צווייִדייטיקע הינט...

פון דעמאָלט אָן האָט ער אָנגעהויבן פאָלגן יאָסלס עצות: לאָז זיך אָפּ, האַראַסיאַ, פון גאַנצע טשאַטעס מיט חברים... יעדן טאָג וואָס דו פאַרלירסט נעבן זיי — האָט ער אים געטריי געוואָרנט — וועט זיך מער נישט אומקערן... ווען עמיצער גייט צו אַ באַשטימטן ציל — מוזן די שפּאַן זיינע זיין פעסטע און געזונטע. פאַרנאַכלעסיקן אָן אַרבעט — איז באַגיין אַ זינד קעגן זיך אַליין...

ער איז מיט טיפן גלויבן געגאַנגען אַף די וועגן וואָס יאָסל האָט אים יעדן טאָג אָנגעוויזן. האַראַסיאַ האָט באַוואונדערט יאָסלס איינזאַמ־קייט און געהאַט צו אים אַ געפיל פון אַכטונג און אויך פון רחמנות, אַרויס־געפילט, אַז יאָסל קען זיך מיט לייב און לעבן אַוועקגעבן יעדן איינעם, וועמען עס איז אים נאָענט און באַ קיינעם פון זיי אַפילו קיין דאַנק נישט מאָנען... ער האָט אינגאַנצן איבערגעריסן מיט די יחסנישע זינדלעך, צו וועלכע ער האָט סיי ווי קיינמאָל קיין גאָר גרויסן צוטרוי ניט געהאַט, ווייל זיי האָבן אים באַ פאַרשידענע געלעגנהייטן בכיוון דערמאָנט אין זיין אָפּשטאַם, אין זיין טאַטן, וואָס שיכורט און שלאָגט די מאַמען.

ניקאָלאַס ווידער, דעם פּראַוואָסלאַוונעם גלח'ס זונדל — ער האָט געוואָלט אַריבערשטייגן יעדן איינעם פון זיינע חברים און נישט געקענט, אים האָט מען אָבער געדולדעט אין די העכערע קלאַסן צוליב זיין טאַטנס פּראָטעקציע... ער איז געווען אַ צו גרויסער חוצפּה'ניק, דער בעל־יחסן, זיך אויפגעפירט שלעכט צווישן חברטעס... און נאָך עטלעכע סקאַנדאַלן וואָס זיינען דורך אים פאָרגעקומען, האָבן אים די לערער געמוזט אַרויס־טרייבן פון קלאַס... פון דעמאָלט אָן האָט אים האַראַסיאַ זייער זעלטן באַגעגנט, נאָר די קלאַנגען וואָס האָבן זיך איינגיכן פאַרשפּרייט צווישן די שכנים, וועגן דעם האָט אים שוין זיין מאַמע ליב געהאַט איבערצוגעבן מיט אַלע חנען און פּונקטלעכקייטן...

און קיינע קלאַנגען וועגן דער אויפֿירונג פֿונעם יחסנישן זונדל, — האָבן נישט געפֿעלט: צוריק מיט אַ פּאָר יאָר איז די געגנט אויפֿגעריסן געוואָרן פֿון אַ סקאַנדאַלעבל, וועלכן מען האָט נישט געקענט אויסבאַהאַלטן, אַפֿילו אונטער די סגולות פֿון הייליקע געבענטשטע גראָזן און אָפּשפּרעכעכץ... אַ פּאָר רייכע, פּארזעסענע מוידן, דעם טאַטנס געטרייסטע דאַוועניר — זיינען אַוועק צו דער פּאָליציי און זיך באַקלאָגט: ניקאָלאַס פֿירט זיך אויף נישט לייטיש מיט די יונגע מיידלעך, וואָס קומען אין די זונטיקס זיך מתוודה זיין פֿאַרן הייליקן פֿאָטער... ער פֿאַרומווירדיקט גאָטס הויז... ניקאָלאַס איז נעלם געוואָרן, ס'איז אויך נישט געווען צו וועמען צו ריידן. מיט חדשים שפּעטער, האָט ער זיך געיאָוועט, אַן אויסגעפּאַשעטער, מיט ביטערע גנבישע שמייכעלעך אַרום די פֿינצטערע אויגן־לעכער. די אַלטע פֿילאַר האָט געוואוסט צו דערציילן דעם זון, אַז ניקאָלאַס איז געווען באַ זיך אין דער היים... ער אַרבעט נישט און לעבט פֿון זיין טאַטנס פֿאַרדינסטן ווי אַן אמת'ער גראַף...

ניקאָלאַס האָט אַלץ מורא געהאַט פֿאַר זיין געוועזענעם חברס געזונטער זיכערקייט אין זיך. ער האָט אים נישט געוואָלט באַגעגענען צוויישן די נייע פֿריינט, באַ וועלכע, ווי אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער, ניקאָלאַס, האָט אַ שיינעם אָנזען געהאַט, נישט אַזוי צוליב זיין פּערזענלעכער חשיבות, ווי צוליב דעם טאַטנס געטלעכער גרויסקייט... ער האָט געוואָלט וויי־טאָן האָראַסיאָן, איז ער לייכט ווי אַ טכויר געשפּרונגען צום פֿענצטערל און אַריבערגעצישעט איבער אַנדרעס קאָפּ:

— פֿון דער כלה קומט מען איצט?... פֿון אידישן קאַליקע — חוזק איז געווען אין זיין קול און קרענקלעכע הנאה.

האָראַסיאָ האָט זוניק געשמייכלט, דער רעכטער קין, די ווייסע, גלייכע צוויי שורות ציין — האָבן געשמייכלט.

— אָבער אין דיינע יאָרן ניקאָלאַס, מעג מען שוין אומגיין מיט אַ מויד... מען מעג שוין האָבן אַ מויל צום קושן...

קאַלטע שטומקייט האָט זיך געהאַמערט אַרום ניקאָלאַס קאָנוואולסיווע מעסערדיקע ליפּן, פֿאַראַכטונג צום חברס מאַנסבילישע שיינקייט האָט אים אינגאַנצן צעשמעטערט. האָראַסיאָ האָט אַריינגעשטעלט דאָס פּנים אין פֿענצטערל, אַ צעשיינטס און אַ נייגעריקס. פֿריצס שטומע שעסקע־פּנים האָט אים אַ ווייע־געטון, אַנדרעס מיט ניקאָלאַסן האָבן זיך אָפּגערוקט אין אַ זייט און פֿריץ האָט זייער אָרט פֿאַרנומען. ביידע האָבן זיך אַ ווײַלע אָנגעקוקט, אומהיימלעכקייט האָט זיך געוויייעט אַרום האָראַסיאָס מויל און חידוש. פֿריץ האָט אים דערלאַנגט די האַנט און זי באַלד צוריקגענומען און אַ אָנגעבויגענער אַף די עלנבויגנס אַריינגערעדט אין האָראַסיאָס פּנים:

— פאַרוואָס זאָל דער דאָקטאָר אויך נים זיין צווישן אונדז?... גלויבט נישט דער הער דאָקטאָר אין דער אויסדערוויילטקייט פון אונדזער דייטשן גייסט?...

פאַריסנקייט איז געווען אין זיין קול און גלויבן. האַראַסיאַ האָט ברייט און זאָרגלאָז געשמייכלט. זינט דער דייטש האָט געוואוינט בא דאָן טשיטשען אין אַ אונטער שטיבל, האָט האַראַסיאַ גערעדט מיט אים נישט מער ווי אַ פּאָר מאָל. פריצס פאַריסנקייט האָט אים דערמאָנט אין די אַמאָליקע חברים און געוועקט אין אים פּאַרדרוס. ער האָט ליב געהאַט צו זען פריצס גרויסקייט און אַ סך מאָל זיך געוואונדערט אויף יענעמס זי־כערקייט ווען וועלט הערשאַפט פון דייטשן פאָלק... האַראַסיאַ האָט שוין לאַנג זיין אייגענע אינערלעכע וועלט אויסגעהאַמערט אין זיך, ער האָט זיין אייגענעם קוק אויף מענטשן... די גרויסקייט אַרום די עלנטע קראַנקע פון דער שפּיטאָל סאַלע וואו ער האָט פּראַקטיצירט, יענע איינזאַמע מענ־טשן, וואָס זיינען ווי פאַר דער געזונטער וועלט נישט מער ווי אָראָפּגע־פאַלענע בלעטער פון אַ בוים — זיי האָבן אים געהאָלפן דערקענען די מענטשלעכע שיפלעס... ער האָט געזען אז די מערהייט פון די מענטשן זיינען אין זייערע שוואַכקייטן זייער געראָטן איינס אינעם אַנדערן...

לויטערקייט — האָט ער אָפּגעמאַכט בא זיך — איז נישט מער ווי די וויזיע, דער חלום פון די צאַרטע שרייבער און פּאָעטן. דער חלום פון די קינסטלער... זיי לעבן אין אַ וועלט פון ראָזע וואָלקנס און זעען קיינמאָל נישט די געזונטע און די קראַנקע ערדישקייט... אין דער ווירק־לעכקייט איז דער מענטש אומבאַהאָלפן און צעשראָקן, די מערהייט פון די קראַנקע, וועלכע ער האָט געזען, האָבן זיך געשראָקן פאַרן אָפּעראַציע־טיש און פאַר די אינסטרומענטן, האָבן פאַרלוירן דעם קוראַזש, וועלכן זיי האָבן געהאַלטן אין איין לויבן... אַלע ווערן ווילנלאָז, נאַכגיביק, ווי די קליינע קינדער... אַ סך האָבן נאָך דעם מוט צו פרעגן דעם דאָקטאָר, צי די אָפּעראַציע איז נישט קיין געפערלעכע, און צי איז נישט בעסער זי אָפּצולייגן אויף שפּעטער?...

נאָך אַן אָפּעראַציע ליידן אַלע קראַנקע גלייך. זיי באַקלאָגן זיך און זיי זיינען איינגעגעסן. זיי פאַרלירן די בושה, די אייגענע פערזענלעכקייט. ווייטער פון די אייגענע יסורים, פון אייגענעם קראַנקן גוף גייט זיי נישט אָן און זיי זיינען נישט ביכולת צו זען... אַ סך פון די קראַנקע, אפילו די געפערלעכסטע, עקשנען זיך איין באַם איינעמען די רפואות. זיי מאָ־נען עסן און טרינקען, באַטש זיי ווייסן, אַז מען וועט זיי סיי־ווי נישט נאָכגעבן. ער האָט איינגעזען, אַז יעדער מענטש קאָן ווערן געבראָכן, ווען די ליידן זיינע גייען אריבער די גרענעצן...

וואָס מער אַ מענטש צווישן די קראַנקע האָט אַנטפּלעקט פאַר אים זיין אינערלעכן וויי און שטום געבעטן אַ קליין ביסל מיטגעפיל, אַלץ מער האָט אים האַראַסיאַ ליב באַקומען, זיך דערנענטערט צו אים, אויסגעהערט

יענעמס פאַמיליען צרות, די אנטוישונג אין אַ ליבע, וועגן דער פיינלעך־שטילער און אייביקער בענקשאַפט וואָס מאַטערט אָן רחמנות און פירט נאָר צו איינזאַמקייט און צו טרערן... האָראַסיאָ האָט דעמאָלט ווייך און באַנגיק געשמייכלט, גוט־ברודעריש געקלאַפט דעם קאָנפידענט זיינעם איבער דער פלייצע:

— אַ מאַן דאַרף מען זיין!... נישטאָ קיין שלעכטס וואָס זאָל דויערן הונדערט יאָר... נאָר אין זיך האָט ער באַדויערט, וואָס דער קראַנקער איז אַ זיכערער קאַנדידאַט אויף אַ קעסטל... און וואָס ער, האָראַסיאָ, באַ זיין בעסטן ווילן קען אים נישט אַרויסרייסן פון די קאַלטע נעגל פון טויט...

ער האָט איינגעגעסן דעם קלאָרן בליק זיינעם אין פריצן און זייער ערנסט אונטער דער ווירקונג פון יענעמס פּאַריסנקייט אָפּגעענטפערט פעסט:

— די ביאָלאָגיע און די לאָגיק — די צוויי וואַקלדיקע עקסטרעמען — זיינען דער גלייכגעוויכט פון דעם מענטשלעכן מין און קיין איינער פון זיי — וועט קיינמאָל נישט דולדן עמיצנס בייטש איבער זיך... ווייל עס איז קעגן די נאַטירלעכע געזעצן... די אמת׳ע מענטשלעכע גרויסקייט — טיף און מיט באַדייטונג צוגעגעבן — באַשטייט נאָר פון דערהויבן צו אַ העכערער מדרגה אויך די מענטשן... מאַכן אַזוי, אַז דער מענטש זאָל דערפילן דעם ווערט פון זיין אייגענער פּערזענלעכקייט... און זאָל נישט ליידן פון קיין מינדערוויכטיקייטס קאָמפּלעקסן...

פריץ האָט אויף אים געקוקט מיט אַ קאַלטן בליק, אַ אָנגענומענער מיט אומפאַרשטענדלעכקייט, ער איז נישט געוואוינט געווען, אַז עמיצער פון די אַרגענטינער, צווישן וועלכע ער האָט זיך געפונען און צווישן זיי זיין תורה פאַרשפּרייט — זאָל אים וואַגן אָפּצוענטפערן אויף אַזאַ אָדער אַנדער אופן... יענע האָבן אים שטום אויסגעהערט און בלינד אויסגעפאָלגט יעדן באַפעל. פריץ האָט אומגערן געשטאַמלט גלאָצנדיק מיט די צוויי צילילאָנע קוקערס ווייט איבער האָראַסיאָס קאָפּ:

— אַ פּאַטריאָט מוז מען זיין!...

— גערעכט, און וואָס הער פריץ, באַשטייט דער דייטשער פּאַטריאָטיזם?

— „אפשר אין דעם אויסקוילען אַ האַלבע וועלט מיט מענטשן?״ בעס האָט אַ שפּראַץ געטאָן פון האָראַסיאָס אויגן און פּאַרוואָרף, אויך דאָס קילע זומער ווינטל, וואָס האָט זיך געוויקלט אַרום אים האָט באַנגיק געגלעט האָראַסיאָס רעכטן קין און זייער סודות־פול עפּעס אין אויער איינגערוימט... געשמייכלט פון דער מאָדנער באַגעגעניש...

---

קאַפּיטל 6.

# דבורה באַשולדיקט

יאָסל איז אַרויסגעקומען פון וואַרשטאַטל און נאָכגעשלעפּט נאָך זיך אַ לאַנגע גומענע קישקע צו באַוואַסערן דעם גאָרטן. דער הויף איז נאָך איינגעהילט געווען אין שווערע, גרויע שטיקער פּאַרע פון אינדער־פריערדיקער אויפוואַכונג. נאָר דער הימל האָט ווידער געהאָנגען איבערן גאָרטן אַ ברונזער מיט אַ איבערגעברענטן בליץ און אויפגעריסענעם אינ־געווייד, מיט מאַכטלאָזער פּאַרטייעטקייט ווי פון אַ איבערגעהאַרעוועטן אָקס.

יאָסל האָט אָנגערוקט דאָס שוואַרצע, קיילעכדיקע שפּאַנישע היטעלע (בוינע) אויף דער רעכטער זייט פון קאָפּ און אָנגעהויבן באַשפּריצן די פאַרחלשטע רויזן און די צוויי רייען קורץ אונטערגעשוירענע ביימלעך. די קילע וואַסער־שטראָמען האָבן זיך צעוויכערט אַרום אים, פאַרקראָכן ביז אַרויף צו די קוטשעראַווע בייטן, וואָס האָבן זיך געשלענגלט אַרום די שטאַמען פון הויכן פייגן־בוים און מיט פריידיק־געזונטער לופט אָנ־געפולט דעם אַרום.

די רויזן האָבן פאַרשפּרייט די זאַנפטע געוואָרענע ליפּן צעעפנט גע־שמייכלט צו יאָסלען, זיך געחנדלט: אַ דאַנק, אַ דאַנק...

ער האָט זיך שטיל אַרומגעקוקט און אַ פרייד איז אין אים אויפגע־גאַנגען. האָט אַרויסגעלייגט די וואַסער־קישקע אויפן גראָז און איז אַוועק אין וואַרשטאַטל צו זיין אַרבעט. ערשט דאָרטן, באַם אַרבעטס־טיש, האָט ער געפילט, וועט אויפגיין אין אים די אמתע מנוחה. אַזאַ מאָדנע חשיבות צו זיך אַליין, אויף דערהויבנקייט, אויף וועלכער נאָר ער, יאָסל דער סטאָ־ליער, דער קאַליקער — קען זיין דער איינציקער מבין...

אַ געזונטער ריח פון האָבליוועקעס און פון פאַרב, איז אים אַנטקעגן געקומען, דער נייער אינהאַלט פון זיין לעבן...

ער האָט אַ נעם געטאָן דאָס ברוינע אַרבעטס־פאַרטעך און אַראָפּ־גענומען פון דער וואַנט די לינקע האַנט זיינע, וועלכע ער אַליין האָט אויסגעשניצט, פון אַ שטיק דעמבענעם האָלץ. אין איין זייט איז די האַנט געווען פון אַ רונדיק שטיק מיט אַזאַ אויסגעהוילט מולטערל, אין וועלכן יאָסל האָט אָנגעשפּאַרט דעם קין, כדי די אַנדערע טייל פון דער האַנט, וואָס האָט געהאַט אַ ברייטע דלאָניע, מיט פיל שווערע, צעשפּרייטע פינ־גער, זאָל בכוח זיין צוצוהאַלטן דאָס שטיקל אַרבעט, וואָס ער האָט מיט זיין רעכטער האַנט געדאַרפט אויספאַרטיקן..

ער האָט זי פאַרזיכטיק אַוועקגעשטעלט אויפן שטיקל אַרבעט די האַנט, אָנגעשפּאַרט דעם קין אויפן מולטערל און באַלד האָבן די לאַנגע איינגע־איבטע פינגער זיינע, פון דער רעכטער האַנט, פלינק אַריינגעשטעקט די קליינע, וויים־באַקנעפּלטע טשוועקלעך אַרום אַ לעדערנעם זיצל פון אַ

דיוואנטשיק פאר קינדער און זיי אויך ארומגעקלאפט. א ווארעמער שמייכל, אן אנגענומענער מיט נצחון, האט זיך צעווייעט ארום זיין מויל, ארום דעם פארשעמטן טרויער אין די בלויע אויגן: — יאסל דער קאליקע, איז נאך נישט קיין אויסגעשפילטע קארט..

א סך מאל, אין די שטילע פרימארגנס, ווען יאסל האט זיין גאנצע פאך־קענטעניש ארייגעלייגט אין דער ארבעט, האט ער פארגעסן, אז די הילצערנע האנט האט א גרויסן חלק אין זיין צופרידנקייט מיט זיך אליין; ער האט גאר געמיינט, אז די אלטע צייטן זיינען קיינמאל נישט אוועק, ווען ער איז געווען פון די ערשטקלאסיקע סטאליערס און טאקער ארבעטער; זיין ארבעט האט געהאט א שם; מען האט גערעדט פון זיין ארבעט, סיי אין זיין אייגן געבוירן־שטעטל, וואו ער האט געארבעט, אזוי אויך אין די ארומיקע שטעטלעך פון דער ווייטער אוקריינע.

די באלעבאטישע זין און טעכטער האבן נישט געוואלט באשטימען דעם זמן פון זייערע חתונות, ביז זיי האבן זיך נישט פארשטענדיקט מיט יאסלען, דעם פערווי־מייסטער, וועלכער האט זיי צוגעזאגט צו מאכן די מעבל און טאקע ארייינצולייגן אין דעם זיין גאנצע קענטעניש, זיין פיינעם, איידעלען געשמאק...

אפילו די שוויגער זיינע, האט יאסל געוואוסט, די גרויסארטיקע, זי וואס האט אים קיינמאל נישט ארויסגעזאגט וועגן אירע געפילן צו אים, איז פארכאפט געווארן פון זיין פאך־קענטעניש. און אמאל — געזען די שניצערייען זיינע אף א בעט פון טייערן ניסן־האלץ און זיך נאכגעפרעגט אף אים, דעם ערשטקלאסיקן מייסטער. ער האט אפילו צוגערעכנט, זיין חתונה האבן מיט רחלען, דבורהס איינציקע טאכטער, דער שוויגערס מבינות אף זיינע קונסט־ארבעטן...

אין די ערשטע חדשים נאר, אלס גרינער, האט יאסל געהאט פארלוירן דעם גלויבן אין זיך... געפילט, אז ער איז א קאליקע, א מענטש, וואס האט אנגעוואוירן זיין ווערט... קיינער פון די סטאליער־באלעבאטים, וואוהין ער איז געקומען בעטן ארבעט — האט אים צו קיין ארבעט נישט געוואלט צולאזן. ער פלעגט אויפשטיין מיטן טאג צוגלייך, אוועק אין צענטער, קויפן א „פרעסע" און איז געווען פון די ערשטע צו ווארטן בא דער טיר פון באלעבאס... אהיים פלעגט ער קומען א שטילער, אראפגעפאלן בא זיך און א פארשעמטער. די שוויגער האט אים צוגעגעבן מוט, נישט געלאזט אים זיין געפאלן בא זיך: מיט דיין מינדסטן נעגעלע — עקשנותדיק אים געגעבן צו פארשטיין — ביזטו נאך בכוח, קינד מיינס, אויפצוטאן א סך מער, א סך שענערס, ווי זיי דארטן, די יאטיבעדאמס... מיינע שונאים זאלן אזוי לעבן צי זיינען זיי, די ברויט־געבערס, מבנים אף דיר..

און כדי צו דערווייזן דעם איידעם, אז ער איז פארט געבליבן אן ערשטקלאסיקער ארבעטער אין אירע אויגן — האט די אלטע דבורה פארבויגן פון איר איינגעבוירענעם שטאלץ און איז, אן דעם איידעמס צושי־

מונג, אוועק צו אירן אַ לאַנדסמאַן, אַ מעבל־פאַבריקאַנט, און געבעטן בא אים ארבעט פאַרן איידעם.

אין איר היים־שטעטל, וואָלט די פרומע דבורה זיכער נישט געהאַט צו טאָן מיט אַזאַ לאַנדסמאַן; דאָרטן האָט מען אים גערופן מיכעלע סטראַמפּ, מחמת סיי זומער, סיי ווינטער איז געשטאַנען אַ פּייכט קאָנאַווקעלע בא אים אונטערן נאָז... דערצו איז מיכעלע געווען אַ וואוילער יונג, אַ שלעגער, מיט ברייטע פּלייצעס און שווערע הלאָניעס, ווי די פּראָניקס. די באַלעבאַטישע אידן מיט די אידענעס, וואָס זיינען צוליב פאַרשיידענע סיבות אריינגעפאַלן אין אומחן פון מיכעלעס צוויי קאָסאָקע גנבישע אייגעלעך, האָבן מורא געהאַט פאַר זיין שאַרפער צונג, נישט אַזוי פאַר דעם אייגענעם כבוד, וועלכן ער האָט ליב געהאַט צו פאַרברענען, ווי פאַר דעם כבוד פון די צניאותדיקע טעכטער זייערע...

אידן האָבן געוואוסט, אַז צווישן די אייגענע פון זיין חברה, האָט מיכעלע געשפּילט דעם ערשטן פידל — איז געווען דער טאָן־געבער און „באַשיצער" פון די אָרעמע דינסט־מיידלעך, יתומות און פון די טרעגער און בענדאַזשניקעס פון שטעטל. האָט אַ באַלעבאַטישער איד שלעכט באַהאַנדלט זיין וואַסער־טרעגער, אָדער דעם האָלץ־העקער, אָדער ווען אַ אידענע האָט שלעכט באַהאַנדלט איר דינסט־מויד — האָט מיכעלע סטראַמפּ קיין עוולהס נישט געקענט פאַרליידן. ער האָט שוין נישט גערוט; פלעגט זיך אומדרייען אַף דער אַנדערער זייט טראָטואַר קעגניבער יענעמס געוועלב, צואוואַרפן אַהין די צוויי קאָסאָקע אויגן און גרייטן דעם שולדיקן צו „משפּט"... האָט זיך מיכעלע נישט געקענט דערוואַרטן אַף דעם קרבן, האָט ער אים געפּאַקט ערגעץ אין אַ ווינקל פון אַ הינטער־געסל, ווען יענער איז געגאַנגען פון שול, אָדער פון דער פּרייטיקדיקער שוויץ־באָד...

אנטלויפן פון מיכעלען איז קיין רייד נישט געווען. ער האָט געהאַט אויסדויער און אין אַ סך פאַלן האָבן אים די אידן, מעשה היימישע מענטשן, אריינגערופן צו זיך אין געוועלב, בשתיקה אריינגערוקט אַ זילבערנעם קערבל אין דער האַנט און מיכעלע איז געוואָרן רואיק... זיין אויגאַף־אויג מיט אים אַליין, ערגעץ אין אַ טונקל ווינקל, האָבן אידן מורא געהאַט. מיכעלע האָט אַריינגעצויגן דעם גרויסן קאָפּ צווישן די אַקסל, אַריינגעטאָן איין האַנט אין דער אַנדערער, און ווי אַ טעלעגראַף־סלופּ, זיך צעוויגט היין און צוריק — פאַרשטעלט דעם וועג און מיט דער שפּיץ צונג אָפּגעלעקט די פייכטקייט פון אונטער דער נאָז... סטייטש, דו אַזוינער און אַזוינער... ווי וואַגסטו שלעכט צו באַהאַנדלען די אָרעמע יתומה, נעבעך...

דעמאָלט האָט מיכעלע באַקומען בא דעם צום טויט־דערשראָקענעם באַלעבאָס אַ גאַנץ דרייערל און טויזנט שבועות, מיט צוזאָגעכצער, אַז מער וועט זיך אַזוינס נישט איבערחזרן...

חתונה געהאט האָט ער ווי א גרויסער בר־מזל, מיט ברײנע דער מויד, דבורהס א דינסט — אַ הויכע, מיט צוויי מענעריש צענומענע אקסלען פון א פורמאַן און מיט אַ קאָפּ ברוינע האָר, געדיכטע, ווי האַרטע דרעטלעך און מיט הייסע, ברוינע אויגן. ברײנע האָט געהאלטן פון איר אייגענער גבורה און זיך פאַר קיין זאַך נישט אָפּגעשראָקן. זי האָט ליב געהאט צו גיין צופוס פון איין דאָרף אין אנדערן. אין די שבתים אוועק צופוס אין א נאָענטן שטעטל צו פריינט און אהיימגעקומען צו דבורהן אין דאָרף שפּעט באנאכט.

ברײנע האָט נישט געהערט די וואָרענונגען פון דער באַלעבאָסטע: אַ מענטש טאָר זיך נישט שפּילן מיטן שטן... אַ מויד דאַרף אָפּהיטן דעם כבוד אירן...

איין מאָל האָט מען ברײנע די מויד געפונען אין וואַלד נישט ווייט פון דאָרף, אַ פארחלשטע און אַ צעקלאַפּטע. קיינער פון אירע באַקאַנטע, אויך נישט די באַלעבאָסטע, האָבן זיך געקענט דערוויסן פון איר ווי אזוי ס'איז געקומען צום אומגליק... ברײנע איז געוואָרן שטום און בייז. נאָר די פרומע דאָרפס־ווייבער האָבן נישט דערלאָזט, אז אַן אָרעמע אידישע טאָכטער, אַ יתומה, זאָל זיך ארומטראָגן מיט איר בושה און אויסגיין ווי אַ ליכט. דבורה האָט בישתיקה, איניינעם מיט די פרומע חברטעס אירע, צוגעגרייט אַ חתונה, אויסשטייער מיט אביסל נדן פאַר ברײנעס וועגן...

געצי דער שדכן, אַ זשוואַווע אידל, מיט אַ גרוי קאַמעץ־בערדל, האָט אָפּגעזוכט מיכעלע סטראָמפּ און אים אויסגעזאָגט דעם גרויסן אמת... ער איז איינגעגאַנגען אָפּן שידוך און פאַרן באַקומענעם נדן איניינעם מיט זיין יונג ווייבל אוועקגעפאָרן קיין ארגענטינע. ברײנע די מויד, האָט די ערשטע צייט אַ פּאָר בריוו צו דבורהן געשריבן, איר אויסדערציילט וואָס פאַר אַ טייערער מאַן מיכל איז און אַז גאָט וועט וועלן, וועט זי, ברײנע, קיין חרטה נישט האָבן אויף די באַגאַנגענע פעלערן...

אַזוי איז דאָס טאַקע געווען. פון מיכעלע סטראָמפּ איז מיט דער צייט געוואָרן: דאָן מיגעל — על מועבלערא. און אויך יאָסל האָט דער־פילט, אַז די קראַפט פון געלט איז שטאַרקער פון אַ שלעכטער פאַרגאַנ־גענהייט; אַז געלט ווישט אָפּ די פלעקן אַ סך ריינער, ווי דער שטאַרק־סטער בענזין...

דאָן מיגעל האָט געקוקט אַרום אין אַרבל פון יאָסלס פּידזשאַמע און די צוויי קאָסאָקע אייגעלעך, אָנגענומענע מיט רויטלעכע ניצהונדיקע פלעמלעך — האָבן זיך געוויגט הין און צוריק.

— דאָ איז אַ גאָלדן לאַנד, יונגערמאַן. ער האָט גרויסהאַלטעריש אַ גלעט געטאָן דאָס פולע בייכל, וואָס האָט אַרויסגעשפּאַרט פון אָפּענעם אַרבעטס־כאַלאַט. נאָר אויסטויגן דאַרף מען זיך... „טיליגענציע" — האָט זיך מיכעלע אַ קלאַפּ געטאָן איבערן שטערן — אָט דאָס ווער עס האָט, דעם איז גוט און וואויל...

און ער האָט זיך אַ שטעל געטאָן קעגניבער יאָסלען אַף די שפּיץ פון די פינגער, כדי אויסזען העכער, מענערישער און דערביי אַרויסגעשטעלט די ברוסט מיט דער גאָלדענער קייט, וואָס האָט זיך געצויגן פון איין קעשענע צו דער אַנדערער פון זיין ווייסער וועסט. דאָס אַלץ — האָט ער נאָך אַ ווײַלע שווייגן ווידער אַ זאָג געטאָן, און אַ ווייז געטאָן מיט די קורצע אויסגעכאָליעטע הענטלעך צום אונטער־הויף, וואו צענדליקער סטאָליער אַרבעטער האָבן אין אַ גרויסן וואַרשטאַט געאַרבעט — אָט דאָס אַלץ — מיט מיין אייגענער טיליגענציע דאָקאַזשעט... אמעריקע גנב...

יאָסל האָט געקוקט אַף אים מיט שטווינענדיקע אויגן, אָנגענומענע מיט אומניחהדיקייט:

— דאָס אַלץ, סעניאָר מיגעל, האָט נישט קיין שייכות מיט מיין באַזוך דאָ. לאָזט מיך נאָר צו צו אָן אַרבעטס־טיש און איר וועט זען. קיין קאָנטראַקט בעט איך נישט... וואָס אייגנטלעך שטייט אייך דאָ צו דערלייגן, האַ?..

— גייט שוין, גייט! — האָט זיך מיכעלע אונטערגעטענצלט, ווי אָן איבערגעפרעסענער זשערעבעץ — איין קלייניקייט, צולאָזן אַ קאַליקע צו אָן אַרבעטס־טיש. איין קלייניקייט... יאָסל האָט אַ ציטער געטאָן. דאָס וואָרט קאַליקע האָט אים געהאַמערט איבערן קאָפּ, געריסן שטיקער פון די אברים. מיכעלע האָט ווייטער געשמייכלט ברייטלעך, אַרויסגעצויגן אַ פּאַפּירן צענערל פון הויזן־קעשענע, דאָס אַ ווײַלע געצערטלט צווישן די פינגער, אויס דער אַלטער געוואוינהייט; ער האָט אַ פיר געטאָן מיטן שפּיץ צינגל אונטער דער נאָז, וואו ס'איז געשטאַנען אַ רויטער, נאַסער לישיי און מיט געמאַכטער פרומקייט אויסגעצויגן די האַנט צו יאָסלען:

— נאַט, נעמט דערווייל צו... מיין סעניאָרא, זאָל געזונט זיין, וועט שוין אין דער ווייבערישער סאָסיעדאַד אַ רייד טאָן וועגן אייער שוויגער...

יאָסל איז געוואָרן אומרואיק. דאָס שטיקל אָרעם אין אַרבל פון דער פּיזשאַמע האָט געצאַפּלט. אַלץ אין אים האָט זיך געבונטעוועט. ער האָט אַ געשריי געטאָן:

— אַרבעט, דאָן מיגעל, האָט איר צוגעזאָגט דער שוויגער, נישט קיין קיצבה!...

מיכעלע האָט אַרויסגענומען פון שופלאָד אין שרייב־טיש אַ קליין וויזיט־קאַרטל מיט גאָלדענע אותיות, דאָס באַקוקט מיט ליבשאַפט מיט די לאַכעדיקע קאָסאָקע אייגעלעך און אַרויסגעציילט די ווערטער:

— אַז איר ווילט נעמט מיין טאַרכעטל. מיט מיין נאָמען, מיט מיין פּראָטעקציע, וועט איר אין די גרעסטע סאָסיעדאַדן אויפגענומען ווערן.

פון דעמאָלט אָן האָט יאָסל אויפגעהערט זוכן אַרבעט בא זיין פאַך. די פאַרביטערונג האָט אים געפייניקט, געוועקט דעם ווייטיק און תרעומות צו דער מערדערישער וועלט, וואָס האָט אים נישט אומגעבראַכט מיט איינמאָל, נאָר אים געלאָזט צאַנקען אין אייביקער געפּאַלנקייט, אין שטורמען צער פון אַ דערנידעריקטן... נאָך וואָכן פון הונגער, האָט יאָסל קעגן

זיין איינענעם ווילן, געמוזט ווערן א סוחר. ער האָט אָנגעהאָנגען בא זיך אף דער איינגעפּאַלענער ברוסט, א שמאָל קעסטעלע מיט ביליקע זייף און פּודער, גומענע זאָקן־בענדלעך, שלייקעס, ראַזיר־מעסערלעך, שוואַוואַקס און אנדערע קלייניקייטן. אים איז געווען זייער שווער אָנצוקלאַפּן אין פאַר־מאַכטע טירן, אָנצובאָטן זיין סחורה. טיף אין זיינע אברים האָט גע־שרינן די באַליידיקונג, די בענקשאַפט צום ארבעטס־טיש. זיין לעבן האָט אָנגעוואוירן יעדן זין. נאָר די אחריות פאַר דער שוויגער מיט דער צוויי־יאָריקער רחל, האָט אים אין די אינדערפריען אַרויסגעטריבן אף דער גאַס, אַרומגיין און נישט וואַנן אויסצורופן די גוטסקייט פון זיין סחורה...

א סך מאָל איז ער שטיין געבליבן אף א ראָג פון א רוישיקער גאַס און מיט שטומע בליקן געקוקט אף די רעשיקע פאַרבייגייער. מענטשן האָבן אים באַמערקט. די לויטערקייט פון זיין בליק, דער ווייסער קאָפּ פון א זקן האָט געווען די אויפמערקזאַמקייט. יאָסל האָט יעדן טאָג זיין ביסל סחורה פאַרקויפט. נאָר די בושה, דער ווייטיק, האָט אַלץ געדריקט דאָס האַרץ. מען קויפט בא אים אויס רחמנות... יאָסל, דער ערשטקלאַסיקער סטאָליער און טאָקער־אַרבעטער — איז געוואָרן א בעטלער...

ער האָט אָנגעהויבן דאַרן. און פּונקט ווי ער האָט געבענקט און גע־טרוערט נאָך זיין האַנט, וואָס די פּעטליורע כוליגאַנעס האָבן אים אָפּגע־האַקט, אַזוי האָט ער אויך געבענקט נאָך זיין פאַך. ער האָט געטרויערט אף די שפּלות, אף אן אונטערגעבראָכן לעבן, וואָס מוז שלעפּן אף זיך די לאַסט פון מענטשלעכער גרויזאַמקייט. געקומען איז יאָסל צו זיך ערשט, ווען ער האָט אָנגעהויבן אַרבעטן. ער האָט אויסגעשניצט פאַר זיך די היל־צערנע האַנט און זיך אָנגעהויבן לערנען פון דאָסניי... זיין גאַנצע נשמה, דעם פליים — אין יעדן שטיקל אַרבעט אַריינגעלייגט. ער האָט אַליין צוגעשניטן קליינע שטיקלעך האָלץ, זיי געשניצט און געטאָקט; אויסגע־צערטלט יעדעס שפּעלטעלע און ווינקעלע פּונקט, ווי א מאַמע צערטלט און גלעט מיט ליבשאַפט די יונגע אברימלעך פון איר ערשט געבוירן קינד. די שוויגער איז פון אים נישט אָפּגעטראָטן. זי האָט אים געהאָלפן אויס־פאַרבן די אַרבעט: בעטלעך און דיוואַנטשיקלעך, קליינע פיין געשניצטע פערדלעך און הינטעלעך — אַלץ חנעוודיקע שפּילצייג פאַר קליינע קינ־דערס וועגן און אים געמוטיקט:

— זעסטו שוין, מיין קינד, אז דער וואָס לעבט אייביק פאַרלאָזט דיך נישט... אָט פאַרדינסטו דיר ווידער דיין שטיקל ברויט...

די אַרבעט האָט יאָסל נישט געוואָלט פאַרקויפן אין די הורטאָוונע קלייטן. ער האָט אָנגעהאָנגען אף זיין אַקסל א בינטל מיט שפּילצייג און זיי פאַרקויפט אין די פאַרוואָרפענע ווינקעלעך פון די אָרעמסטע געסלעך. פאַר עטלעכע סענט, האָט יאָנסל געוואוסט, קען ער ברענגען א סך פרייד אין א קינדיש האַרצל. אים האָט געצויגן נאָר גוטס צו טאָן; צו זיין א נוצלעכער מענטש, איינער, וואָס מוז לעבן צוליב די שוואַכערע און א סך אומגליקלעכערע, ווי ער אַליין איז געווען.

איין מאָל האָט ער אַריינגעשטעלט דעם קאָפּ אין טירל פון א ברייטן הילצערנעם טויער, א געפּלעקטן און באַשריבענעם מיט אַלערליי צאַצקעס פון פיל־קאָלירנדיקע קרייד.

— גיי פון דאַנען, דו רוסאַ — האָט אַ דין קוויטשענדיק קולעכל אַ שלאָג געטאָן אויף אים — דעם גאַנצן טאָג קריכט איר אַהער אַזוי ווי די הינט, שווינדלער!...

אַ ברייטע צעגאָסענע פרוי מיט ציוירענע קליבעס, ווי צוויי פולע מולטערס מיט איבערגעפּרעסענער ראָטשענע — האָט זיך אַ לאָז געטאָן

א ברייטע צעגאָסענע פרוי מיט צעיוירענע קליבעס, ווי צוויי פולע טערס מיט איבערפּרעסענער ראָשטשענע — האָט זיך אַ לאָז געטאָן צום טויער. די צוויי שווער געשוואָלענע פיס אירע, דאָס גרינע קלייד פון ביליקן וואָל מיט געלע און רויטע קעסטלען, די שוואַרץ־גרויע, דינע צעפּלעך אַרום דעם רונדן קאָפּ פאַרלייגט ווי צוויי קאָדעס פון גרויסע שטשורעס, דער גראָבער געלער האַלדז און נאַקן צווישן די קיילעכדיקע אַקסלען אַריינגעמויערט דער לויזער נאָכהענגענדיקער גוידער, א באַשמירטעער מיט ווייסע שמינקע, דער אַרויסרופערישער בליק, אַ אָנגענומענער מיט כיטרע פּלעמלעך — האָט דערוועקט אין יאָסלען אַ געפיל פון אומצוטרוי און עקל. ער האָט איר אַנטקעגנגעשטעקט אַ פיין געשניצט פערדל און האַלטנדיק אויף איר אַ רואיקן בליק א זאָג געטאָן — נאַ, בעל־הביתטע, וועסט דאָס אויסשטעלן אויפן קאָמאָד. נאָר לאָז מיך אַריין אין הויז...

זי האָט אויף אים אַ צווייִדייטיקן קוק געטאָן, אַ אָנגענומענעם מיט נאָכגיביקייט, גיריק אַ כאַפּ געטאָן דאָס פערדל פון זיינע הענט און געלאַכט מיט א געמאַכטער זיסקייט אין דינעם קולעכל אָנגענומענעם מיט קאַרגשאַפט:

— די רוסאָס וואָס וואוינען דאָ, זיינען אָרעמע רוחות. וואָס גרינגער וועסטו בא זיי מאַכן?

יאָסל איז שוין געשטאַנען אין מיטן פון הויף, אַן אַרומגענומענער פון די גרויע צעלעכערטע ווענט און פון עטלעכע קליינע הילצערנע קיכן מיט קויטיקע זעק איבער די טירלעך, וואָס האָבן זיך עלנט נעבן די טירן פון די צימערן געהויקערט, פאַרהאַנגענע מיט קויטיקע ליילעכער, אָדער מיט צעפּוילטע פאָרהאַנגען פון שטרוי. די היץ האָט געברענט, איניינעם מיט אַ הייסער פאַרע איז אויפגעגאַנגען אַזאַ געשטאַנק, וואָס האָט געריסן אין האַלדז. גרויע פּנימער אומצופרידענע האָבן אַרויסגעקוקט דורך די עטוואָס אויפגעהויבענע פאָרהאַנגען און באַלד האָבן זיך אויגן צו אויגן א טראָג געטאָן, זיך דורכגענומען איינס דעם אַנדערן, און ווידער מיט פרעמדקייט אין דער ווייטקייט געצילט...

יאָסל האָט פאַרשטאַנען אַז ער געפינט זיך אין איינעם פון יענע גרויסע הויפן, וואו עס וואוינען די אָרעמסטע שיכטן און די אויפזעערן הערשט איבער זיי מיט אַ אייזערנער האַנט. פון אַנדערן עק הויף, האָט זיך געהערט דאָס הירזשען פון אַ פערד און צוויי גרויסע קי מיט טרוקענעם קויט אויף די

שפּיצן פון זייערע עקן, זיינען געלעגן אונטער אַ בלעכענעם דאַך אויף אַ קופּע שטרוי און צייללאָז געקוקט מיט די זאַטע קוענע אויגן. אַ לאַנגער רינג־שטאָק מיט גרינעם איפּושדיקן וואַסער האָט זיך געטראָגן. פון דער גרויסער שטאָל אַרויס און איז אַריינגעפּלאָסן אין טיפן גרוב מיט וואַסער בײַ דער וואַנט אונטערן טויער. אהין אין יענעם גרוב, האָבן די שכנים פון יענעם הויף צונויפגעגאָסן די קויטיקע וואַסער און אַ סך מאָל, כדי נישט צו פאַר־לירן צייט מיטן לויפן צום אָפּטריט אין אַנדערן עק פון הויף, אויך די נאַכט־טעפּלעך אַריינגעגאָסן...

טעג און וואָכן איז די גרוב הינטערן טויער געווען פול. די ריחות פון צעפוילונג האָבן זיך איינגעגאָסן אין די הערצער פון די שכנים, פאַרסמט די לונגען, דעם אָטעם. נאָר קליינוואַרג איז צופרידן געווען מיט דעם „טייך”. נישט האָבנדיק קיין אַנדער פאַרברענגעכצער, האָבן זיי ווי מחנות פייגל אַרום אַ נבלה — געפּויזעט אַרום טייך, אָדער געטאַנצט אין אים ביז איבער די פּופּיקעס, זיך געביסן איינס דאָס אַנדערע, אויסגעדראָפּעט די אויגן פאַר אַ באַקוועמער שטיקל אָרט. די מערהייט פון די מאַמעס זייערע, אמערסטן שפּאַניער און איטאַליענערנס, וואָשן גרעט און ראַמען בײַ די רייכע באַלעבאָסטעס. די קינדער זיינען געוואַקסן אויף די קופּעס מיט קויט און אונטער די האַרטע קלעפּ פון דער שטרענגער אויפזעערן.

אַרום טייך איז פּלוצים שטיל געוואָרן, פון איבעראַשונג האָט קליינ־וואַרג פאַרגעסן אינעם שפּילן. די אויסגעשניצטע צאַצקעס אויף יאָסלס אַקסל — האָבן גערעדט צו זיי אין אַ מאָדנער וואונדערלעכער שפּראַך, אַ לשון, וועלכעס יענע קינדער האָבן מער געפילט ווי פאַרשטאַנען... קיין מוט צו מאָנען עפּעס האָבן די קינדער נישט געהאַט. אַ מאָדנע דערשלאָגנקייט איז געווען אויסגעגאָסן אויף די בלייכע, דערשראָקענע פּנימער, אַנגסט. אַ יאַטל פון אַ יאָר זעקס מיט שוואַרצע הונגעריקע אויגן, איז אַרויסגעקראָכן פון גרוב און מיט באַזאַכטקייט אין די טריט זיך צו יאָסלען דערנענטערט, שטום און נייגעריק באַקוקט די פערדלעך, אַ זיפץ געטאָן און אויפגעהויבן צו יאָס־לען דאָס פּנים, אַ באַדעקטס מיט אַ מאָדנער רייצבאַרקייט:

— גיב מיר אַ פערדל, זיידע!

יאָסל האָט אָפּגעזיפצט און פאַרלוירן געשמייכלט:

— ווי אַזוי ווייסטו, קליינער, אַז איך בין אַ זיידע?

ערנסט האָט אויפגעטויכט אינעם אינגלס אויגן, פאַרטראַכטקייט:

— ווייל דו האָסט אַ ווייסן קאָפּ — האָט דאָס אינגל נאָך אַ ווײַלע שווייגן שטיל אָפּגעענטפערט.

ווי אַ מאַכנע שוואַלבן האָבן זיך די קינדער אַ טראָג געטאָן צו יאָס־לען, געמוטיקט פון זייער חבר, וואָס האָט דער ערשטער געוואַגט צו בעטן אַ צאַצקע, פאַריסן די פאַרדריפּעטע נעזלעך, די זשעדנע און מיט בענק־שאַפט אָנגענומענע אייגעלעך, געשריגן מיט קינדערשן צאַפּל:

— מיר איינס,

— מיר אַ פערדל, גרינער.

— אַ מיר אַ שטולעכל,
— מיר אַ בעטעלע.
— אַ מיר אַ בענקעלע.

די אויפזעערן וואָס איז געווען פאַרנומען באַם ארומגלעטן די באַקו־מענע מתנה, האָט ווידער אויפגעהויבן די אויגן צו יאָסלען, מאָדנע טיפע און קיילעכדיקע אויגן, אָנגענומענע מיט הינטישער הכנעה און געמאַכטער פרומקייט.

— אָט זעסטו שוין, גרינער, ווי מען מוז זיי האַלטן אין די הענט — די דאָזיקע ווערעמלעך, אָרימענקע שוואַלבן נעבעך...

יאָסל האָט נישט געהערט אירע ווערטער, זיינע בליקן האָבן געהאַנגען איבער אַ קראַנק קינד, אַ אינגעלע פון אַ יאָר פינף, וואָס איז געזעסן באַם זוים פון גרוב, דאָס פּנימל זייער שמאָל און טרוקן, אָפּן הויכן שטערן און אונטער די אויגן, שוואַרצע אָנגענומענע מיט שרעק — זיינען געווען טיפע קאַרבן ווי אָפּן פּנים פון אַ קראַנקן זקן. אַ קרענקלעכע היץ האָט זיך גע־טוקט אינעם קינדס בליקן, אומבאַהאָלפנקייט און איבערמענטשלעכע אומ־ניכעדיקייט... אויך אַרום דעם צעעפנטן מויל — האָט גערוט אַ דערשטיקט געוויין, רחמנות.

יאָסל בליקן האָבן, ווייזט אויס, געעווקט אין קינד דעם צוטרוי צו די גרויסע, די שטאַרקע פאַר וועלכע מען מוז מורא האָבן און ער האָט דער־פילט אין זיך אַ נייעם כוח... זיך פּלוצים אויפגעהויבן און מיט ברייט־צעוואַקלטן שפּאַן פון אַ שיכורן — זיך אַ לאָז געטאָן צו אים. די אויפ־זעערן האָט אים מיטן רעכטן פוס דעם וועג פאַרשטעלט און אַ קאַלטן קוק געטאָן אינעם קינדס אויגן. דאָס קינד האָט ווידער דעם מוט פאַרלוירן, די שוואַכקייט איז צוריק געקומען. ער האָט אַ אָפּגעהאַקטן זיפץ געטאָן און זיך נעפּרוואווט אָנכאַפּן אין די פאַלדן פון דער אויפזעערנס קלייד.

— וואוהין קריכסטו, דו וואָרעם, דו גרינער, דו רוסאָ!...

און זי האָט אים מיט דער רעכטער קני אָפּגעשטופּט פון זיך, דאָס קינד האָט אויפגעהויבן די צוויי געלע, טרוקענע הענטלעך ווי די שטעקעלעך, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט אָנכאַפּן אין דער לופטן, האָט זיך איבערגעקערט און אריינגעפאַלן אין גרוב.

עס האָט זיך געהערט אַ דערשטיקטער מרוקע און באַלד איז ווידער גע־וואָרן שטיל. יאָסל האָט זיך אַ בויג געטאָן און אַרויסגעכאַפּט דאָס פאַר־חלושטע קינד, אים געבלאָזן אין די אויערן, אין מויל. קליינוואַרג מיט שוואַרצער שרעק אין די אויפגעריסענע אויגן זיינען געשטאַנען אַרום אים און נישט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט זיך.

דער אויפזעערנס צוויי געפאַרבטע, גראָבע באַקן, ווי די פּעטע גענ־דזענע בייכער, האָבן געציטערט. זי האָט פאַרלעגן אַ שמייכל געטאָן און אריינגערעדט אין די רויטע צעפּאַרפּעטע וואָלקנס פון הימל:

— ער איז נעבעך אַ קראַנקער, דער קליינער וואָרעם, האָט קיין כוח נישט אויפצוהויבן זיך. זעט איך אים דאָ אַוועק, צווישן די קינדער, איז אים

ליבער. זיין מאמע, די „עקסטרעמיסטא" — האָט זי סודותפֿול צוגעגעבן — איז אַרעסטירט. דעם טאַטן דעם אַנדאַלוס — האָבן אונדזערע אויטאָריטעטן צוריקגעשיקט קיין שפּאַניע.

זי איז אַנטשוויגן געוואָרן, אַנגעשטעלט אַ נעבעכדיק פּרום פּנים אַף יאָסלען, אַ קוש געטאָן די נעגל פֿון אירע צוויי גראָבע פֿינגער און ווידער די אויגן צום הימל אויפֿגעהויבן, אָפּגעזיפֿצט מיט געמאַכטער פֿרומקייט:

— זאָל ער, אונדזער דערלייזער, דער הייליקער פֿאָטער, בעטן פֿאַרן אָרימען וואָרעם נעבעך.

יאָסל האָט געציטערט. דאָס צאַפּלענדיקע אינגעלע אַף זיין איינציקער האַנט, האָט ווידער דערמאָנט, אַז די וועלט איז אַ ים מיט אומשולדיקע טרערן. זיין אייגענער עלנט האָט זיך צונויפֿגעגאָסן מיטן עלנט, מיטן פֿאַרשטיקטן מרוקען פֿון אַ קינד, וואָס נויטיקט זיך אין עמיצנס השגחה, אַ ביסעלע רחמנות. זיין בענקשאַפֿט נאָך דעם אַמאָליקן לעבן, נאָך דער געזונטער האַנט, וואָס פּעטליורעס מערדער האָבן אים אָפּגעהאַקט, איז אַ ווייַלע שטילער געוואָרן. אַלץ אין אים האָט איצט געשריגן, געמאָנט: ראַטעווע, ראַטעווע אַן עלנט קינד...

ער האָט אַנגעשטעלט אַף איר די בליקן, שטילע אַנגענומענע מיט ווייטיק, מיט דערשלאָגנקייט:

— אַז איך וועל אייך צאָלן, וועט איר קאָנען אָפּהיטן דאָס קינד?

אירע אויגן זיינען געוואָרן לעבעדיק און חניפֿה־שמייכעלעך האָבן זיך צעווייעט אַרום די גראָבע אָנגעדראָלענע ליפּן אירע:

— דאָ איז אַמעריקע, פֿאַר געלט, קריגסטו אַלץ...

און זי האָט אים אַנטקעגנגעשטעלט די רעכטע דלאָניע:

— אָט אַ דאָ וועל איך אים האַלטן...

אַ שטיק צייט, האָט יאָסל געהאָלפֿן מיט קליינע סומעס — אויך דעם קינדס מוטער וואָס איז באַפֿרייט געוואָרן. שפּעטער — ווידער דערפֿילט די אייגענע שפֿלות, די פּיין, וואָס האָט געשריגן פֿון יעדן אבר, ער האָט זיך אויסבאַהאַלטן פֿון מענטשן... זיך נייגעריק צוגעקוקט — צו דער וועלט און צו איר קיין צוטרוי נישט געהאַט... געפֿילט אַז עפּעס מוז ער ווידער אָנהויבן צו טאָן, כדי נישט צו לעבן ווי אַן אָפּגעריסענער גליד פֿון אַ צעטראָטענעם גוף און — נישט געגלויבט אין זיינע אייגענע כוחות: אַ קאַליקע... אַ מענטש פֿון עטלעכע און צוואַנציק יאָר מיט אַ ווייסן קאָפּ האָר פֿון אַ זקן: ...אַ מענטש וואָס האָט צוגעזען די גרעסטע מענטשלעכע אכזריות — האָט זיך געפֿילט אומעכטיק שוואַך — קעגן דעם ים פֿון שלעכטס, וואָס פֿלייצט איבער דער וועלט... ער האָט נישט געהאַט קיין אַמביציע פֿון רייך ווערן... ליב געהאַט צו לייענען מאַרקסן, ענגעלסן — זיך געגריבלט אין בערגסאָן פֿילאָזאָפֿיע — וועגן דער מענטשלעכער פֿרייד... אַ סך געלערנט פֿון שפּינאָזאַס עטיק... יעדע פֿרייע שעה — פֿאַרבראַכט באַם רייניקן און באַגיסן דעם גאָרטן, אָדער גערעדט מיט דער שווינגער, זיך דערמאָנט פֿון יענע גאָלדענע טעג אין דער אַלטער היים...

זינט היטלערס סם האָט אָנגעצונדן די וועלט — האָט אין יאָסלען ווי־דער א געשריי געטאָן — דער גלויבן אין א נייער וועלט... ער האָט מיט אַלע כוחות געטריבן פון זיך דעם פעסימיזם, זיין בלוטיקע פאַרגאַנגענהייט, וואָס איז מיטגעגאַנגען מיט אים, האָט ער געטריבן פון זיך...

ער האָט אָנגעהויבן אויפשטיין מיט צוויי שעה פריער און מיטן גאַנצן ברען, וואָס איז אויפגעגאַנגען אין אים — געמאַכט אביסל אַרבעט און די פאַרדינסטן פון די דאָזיקע שעהן אָפּגעגעבן צו שטיצן די רויטע אַרמייען...

אָט־אָ־דאָס אַלץ, איז אים אין יענעם שטילן פרימאָרגן געקומען אפן געדאַנק, ער האָט א דערלייכטערטן זיפץ געטאָן, געפילט אז ער איז מער נישט קיין אָפּגעבראָכן צווייגל פון גרויסן וועלט־בוים... ער איז דאָ. זיין האַרץ, זיין בלוט צאַפּלט און פיבערט... אַלע חושים, די נערוון — וואַרטן און לעבן — קוקן אַרויס אַף דעם ליכט, וואָס וועט פאַרצוקן די שוואַרצע כמאַרעס.

ער האָט אויפגעהויבן די הילצערנע האַנט און ווי ער וואָלט איר גע־וואָלט אויסדריקן א דאַנק פאַר דעם מיטהעלפן אים צו ווערן אַן אַרבע־טער — מיט ווייכקייט אין קול שטיל געמורמלט:

— הענטעלע, הענטעלע מיינס... יאָסל דער סטאָליער איז נאָך נישט קיין אויסגעשפּילטע קאָרט... ער וועט נאָך דערלעבן צו זען א געפּגרטן דעם שונא ישראל... די שוויגער איז מיט דריבנע טריטלעך צוגעלאָפן צום טירל און ניט מיט איר געוויינלעכער נאַימות'דיקייט פון א מענטשן, וואָס האָט שוין לאַנג אויפגעגעבן די ערדישע גליקן, אים דעם גוט־מאָרגן געזאָגט. אומ־רו האָט זיך געפלעמלט אין דער לויטערקייט פון איר בליק אַף די איינ־געפאַלענע באַקן:

— יאָסל, יאָסל!... האָט זי דערשראָקן א זייע געטאָן צווישן די ציין

— וואו איז רחל?... דאָס בעטל איר שטייט נאָך פאַרבעט.. יאָסל.

ער האָט אויפגעהויבן צו איר דאָס פנים, א רואיקס, דער שמייכל האָט נאָך אַלץ געשוועבט אַף זיין פנים:

— „ערגערט אייך נישט, שווינער, רהל שלאָפט אין מיין צימערל, בא מיר אפן בעטל...

— מילדקייט איז געווען אין זיין קול און מנוחה.

זי האָט אַף אים געקוקט מיט אומפאַרשטענדלעכע בליקן, און די צע־ברויזונג האָט זיך געריסן פון די אברים, זיך געשניטן ווי שאַרפע מעסער־לעך אַרום צום אויפגעציטערטן בערדעלע, זיך א צעוואַקל געטאָן און בי־טער מיטן קאָפּ צוגעשאָקלט:

— וואָס פאַר א נייע גענג פירט מען איין אין מיין שטוב, יאָסל?...

— דו אַליין העלפסט איר צו, דעם עקשן, משומד אַראָפּצונידערן אין זומפּ...

דער איידעם האָט ווידער אָנגעהויבן אַרומגלעטן די הילצערנע האַנט, די אומצופרידנקייט האָט זיך ריגזעדיק געצונדן אין זיינע אויגן. נאָר דבורה האָט זיך פון אים קיין וועזן נישט געמאַכט; געפילט, אז יאָסל איז

אומגערעכט, אים די זינד פארגיבן נישט געקענט. אויך די שטומקייט זיינע האט דבורהן טיף באליידיקט. זי האט זיך א שטעל געטאָן אף די שפיצן פון די פינגער כדי אויסצוזען העכער און שטארקער, מיט א מאָנענדיק קול אין יאָפלס שניי־ווייסן קאָפ אריינגעטענהט:

— גענוג בין איך שוין אָפגעקומען אף דער וועלט... יענע וועלט, די אמת'דיקע — אים מיטן וויז־פינגער א דראָע געטאָן — זי געהערט מיר, איינגאנצן מיר!...

— קיינער, שוויגער, גייט בא אייך נישט אויסכאפן יענע וועלט!...

— וואָס? ניין?... אויך די רו פון אונדזער צדקות ווילט איר צונע־מען!... זאָל זי דאָרטן האָבן דעם ליכטיקן גן־עדן...

דבורה איז אנטשוויגן געוואָרן און מיט א דורכלייכטיק בלייך פנים, מיט צאָרן אין די אויפגעבליצטע אויגן אפן איידעם געקוקט.

יאָפל איז געווען אומרואיק. דאָס שטיקל אָרעם אין ארבל פון דער פידזשאמע האט אָנגעהויבן צאפלען, דער שוויגערס טענות האָבן געשטאָכן ווי הייסע נאָדלען אף אייטערדיקע וואונדן. ער האט ארויסגעלייגט אפן ארבעטס־טיש זיין הילצערנע האנט און זייער שטיל אין דער שוויגערס אויגן אריינגערעדט:

— היינטיקע קינדער פרעגן בא קיינעם קיין עצות נישט, אנדערע מיידלעך אף רחלס אָרט — מיט וואָרענונג צוגעגעבן — וואָלטן נישט אויסגעליטן אזויפיל... זיי גייען אוועק צום חתנס עלטערן... אָדער מען דינגט זיך א צימער און פארטיק...

נאָך וואָס זאָלן מיר מאכן פון אונדזער אייגן בלוט און פלייש — א שונא?...

דבורה איז אף א הינטערווײַלעכטס אָפגעשפרונגען אָן א זייט, ווי זי וואָלט מורא געהאט, אז דעם איידעמס מאָדנע טענות וועלן פאלן אף איר ווי א שטיק טמאה, זי האט זיך איינגעשרומפן אין שווארצן שאל, וואָס האט צעפלויגן אף אירע שפיציקע אקסלען געהאנגען, אין די אָנגעגרייטע קנייטשן אפן ביינערדיקן פנים האָבן אָנגעהויבן גליווערן, זיך קראמפהאפט אין א קרענקלעכער בלויקייט געמינעט, פון די אויפגעבליצטע אויגן האט זיך גע־ריסן איבער מענטשלעכע גבורה, דער כוח פון אירע דורות, וואָס לאָזן זיך נישט אומברענגען!

— זי וועט נישט גיין צום שלאָב, די טאָכטער דיינע! — האט זי פעסט א ברום געטאָן — דאָרטן אויבן — מיט די אויגן א וויז געטאָן צו די בלויע כמארעלעך פון הימל — איז פאראן דער וואָס לעבט אייביק... א שטארקערער פון דיר מיט דיין טאָכטער... א שטארקערער פון טשיטששעס שייגעץ... ער ווייסט, — אז כמעלניצקעס אָן אייניקל טאָר נישט נעמען רחלען פאר א ווייב... ער ווייסט!...

זי איז אנטשוויגן געוואָרן און מיט א ציטערדיקער האנט אָפגעווישט די צונויפגעצויגענע טרוקענע ליפן, ווי זי וואָלט געווען מיד פון אזוי פיל

ריידן... יאָסל האָט זי אָנגעקוקט מיט אַ פאַרלוירענעם בליק און ווידער באַוואונדערט דער אַלטערס בטחון.

דער דרך ארץ צו איר איז נישט פאַרמינערט געוואָרן. ער האָט גע־פילט אַרום זיך די תרעומות אירע, ווי דאָס פרומע קול פון ירמיהו הנביא, וואָס האָט אין נאָמען פון גאָט אַ סך שטראָף רייד די זינדיקע קינדער פון ישראל געזאָגט, געוואָרנט פאַר גאָטס שטראָף, וועלכע וועט ווי אַ שאַרפע שווערד אַראָפּלאָזן איבער זיי...

יאָסל האָט נישט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט זיך, אים איז שווער געווען צו שווייגן און נאָך שווערער — אַרויסצוזאָגן דער שוויגער דעם ריינעם אמת... איינמאָל פאַר אַלעמאָל — א סוף מאַכן צו אירע אומזיסטע טענות, וואָס ברענגען נישט קיין פרייד און קיין געזונט, סיי איר, דער שוויגער אַליין און אויך אים, מיט רחלען. נאָך שווערער איז געווען זיין געמיט, ווען ער האָט דערזען אָנקומען האָראַסיאָן, אַ געשטרעקטער מיט די צעפלויגענע קרויזן און מיט אַ דין לייבל אָן ארבל, אַן אַרומגענומענער מיט שטיקער קילן ווינט און מיט פרייד אין די ווייסע ציין. די אויגן זיינע האָבן וואַרעם געשמייכלט — א הייסע מאַטע האָט ער געבראַכט יאָסלען. די אַלטע האָט אַ צעשטרייטן קוק געטאָן צום איידעם און באַלד די בליקן האָראַסיאָן אַנטקעגן געסילעט. שוין זייער לאַנג, אַז דבורה האָט מיט אים נישט גערעדט. זי האָט דווקא יאָ חשק געהאַט זיך דורכצושמועסן מיט האָראַסיאָן... ער האָט זי אָבער אויסגעמיטן, זי פיינט געהאַט פון גאַנצן האַרצן, זי נישט געוואָלט באַגעגענען כדי זי זאָל אים נישט פאַרסמען די מינוטן וואָס ער האָט פאַרבראַכט מיט רחלען. ביידע, סיי די באָבע ווי אויך האָראַסיאָ האָבן געפילט, אַז דער לעצטער שטרייט וועט מוזן קומען... אַ געפערלעכער וועט ער זיין דער שטרייט, אַ בלוטיקער און יעדער איי־נער פון זיי איז געווען זיכער אינעם זיג...

די אַלטע האָט אויפגעהויבן צו אים דאָס ריגזעדיקע בערדעלע, וואָס האָט שטום געוואָרנט... יאָסל האָט אומניכעדיק אַ זופּ געטאָן פון דער מאַטע, וואָס האָראַסיאָ האָט אים דערלאַנגט און מיט באַדויערן אָף דער שוויגער געקוקט. ער האָט געפילט אָף ווי ווייט זי איז פון איר אייניקלס וועלט, די באָבע וויל נישט פאַרשטיין, אַז רחל איז נישט צוגעבונדן צו דער היים — נישט די פרומע דערציאונג אירע און נישט זיינע, דעם טאַטנס פרייע געדאַנקען — האָבן אָף איר געהאַט אַ השפעה. רחל, האָט ער גע־וואוסט, האָט ליב אירע חברים און חברטעס — רעדט זייער שפּראַך און האָט קיינמאָל נישט געהאַט קיין ווילן צו דענקען אַנדערש, ווי עס דענ־קען אירע נישט אידישע אַרגענטינער פריינט. ער האָט נאָר נישט באַנומען פאַרוואָס די דרויסנדיקע וועלט איז געווען אַ סך ווירקזאַמער און האָט געקענט צונעמען בא אים דאָס איינציקע קינד...

אין מינוטן פון עלנט, פון בענקשאַפט נאָך זיין האַנט, נאָך דעם אומ־געבראַכטן ווייב, דעמאָלסט האָט יאָסל געפילט די אינערלעכע פוסטקייט זיינע, געפילט אַז רחל, דאָס איינציקע קינד פעלט אים אויס... ער דאַרף מיט

איר שמועסן... אַ סך זאַכן איר דערציילן און זי ווידער דערנענטערן צו זיך, צו איר מאַמעס אָנדענק... נאָר כסדר האָט דער קלאָרער פאַרשטאַנד זיינער גובר געווען די שוואַכקייט, דעם געפיל; די אַלטע וועלט איז קראַנק און איבערגעבראָכן אויף צוויי, אַ טיפער אָפּגרונט, אַ שוואַרצער — שטייט צווישן זיי — דער אַלטער און דער נייער וועלט... און די אַלטע צעפּרעסענע זיילן ווילן זיך נישט אונטערגעבן... זיי ווילן איינשלינגען די שטראַליקע זון וואָס שפּרייט זיך מעכטיק איבער דעם וועלט אָפּגרונט, צינדט די געבוי־נענע און מיט שוואַרצן קרעפּ איינגעדעקטע קעפּ פון די פּרוכט ביימער, וועלכע צייטיקן זיך אין שווערן צושטאַנד...

און זי ציטערט און פּלאַטערט די אַלטע וועלט, קריצט מיט די ציין און רעוועט אַרויס פון שוואַרצן אָפּגרונט, פּויזעט אין טייכן מיט צעשוימ־טן בלוט און רופט מיט מיליאָנען ריזן קולות נאָך הילף... קלאָגט, שלאָגט זיך מיטן קאָפּ אין די פאַרבלוטיקטע ווענט — בעט גערעכטיקייט בא דער מענטשהייט — מען זאָל איר העלפן אויפהאַלטן די אכזריות, די פּאָן פון טויט און פון אומקום...

און די איינציקע טאָכטער איז ווי אַ שוואַך ביימעלע אויפגעוואַקסן אויף די אַלטע חורבות פון דער אומבאַשטימטער צייט און זי פּלאַטערט צום לעבן ווי אַ שמעטערלינג אַרום אַ זונען־שטראַל! זאָל זי גיין, רחל, וואוהין דער שטראָם וועט זי מיטרייסן... דורך איר איינגענעם זוכן, דורך דעם פּאַלן און ווידער אויפשטיין — וועט דאָס איינציקע קינד דעם גלייכן וועג אויס־געפינען — זיך באַהעפטן מיטן אמת, מיט די געפּייניקטע און דערני־דעריקטע...

אַזוי האָט ער אַ סך מאָל צו דער שוויגער געטענהט. נאָר האָראַסיאָן האָט יאָסל ליב געהאַט. ער האָט געקענט אַלע שוואַכע זייטן זיינע און גע־וואוסט, אַז רחל וועט זיין בא אים גליקלעך, ווייל האָראַסיאָ האָט אַ ריין האַרץ, באַגייט פּעלערן לייכט און קינדיש, ער קען אָבער זיין ברייטהאַרציק און לויטער — אַ סך מער ווי עס קענען אַנדערע יונגעלייט, וואָס זיינען פּאָרזיכטיקער פון האָראַסיאָן און באַגייען אפשר ווינקיצער אינגלישע נאַ־רישקייטן... אים איז געפעלן געווען האָראַסיאָס גלייכגילטיקייט צו דער אַלטער, געמיינט, זי וועט אים איבערלאָזן אַ בייזע, אַ ברומענדיקע, ווידער וויינען און תהילים זאָגן... גאָט בעטן...

נאָר דבורה האָט דאָס מאָל נישט נאָכגעגעבן. זי האָט זיך אַ שטעל געטאָן אויף די שפּיצן פון די פינגער און דאָס צונויפגעצויגענע ציינלאָזע מויל האָט אויפגעציטערט.

— אומזיסט ראַציע טשאַטעוועסטו אויף מיין שטוב, אויף מיין איינציק קינד... דו וועסט זי נישט צונעמען בא אונדז, — מיט ערלעכן גלויבן אַריינגעבליקט אין די צעשמייכלטע אויגן זיינע — שלאָג זי דיר אַרויס פון זינען... ער האָט זי אָנגעקוקט מיט ברייטע בליקן, אָנגענומענע מיט שטוינען, געזען, ווי דאָס טרוקענע בערדעלע דער באָבעס האָט אונטערגע־טאַנצט ווי אַ ציטער שפּילקע און פון די קלאָרע אויגן — רייסן זיך שטי־

קער כוח, ווי דער כוח פון אַ צעבראָכענעם אָדלער, וועלכער פּרוּווט צום לעצטן מאָל די מעכטיקייט זיינע, רייסט זיך אַף געוואַלד אויפצוהויבן צו די ווייטע, ווייטע וואָלקנס...

— גלויב מיר ראַציע — האָט די אַלטע געפּרוּווט אויסנוצן זיין שטומקייט — איך בין דיר חלילה נישט קיין שונא, אָסור... מסתמא איז אַזוי באַשערט געווען... קיין גרויסע גליקן — נאָך צודרינגלעכער אין זיין פּנים אַריינגערעדט — גלויב מיר הייליק — ווערסטו אין מיין קינד נישט אָנווערן... עט, עט, עט, — אַ מאַך געטאָן מיט אַ הענטעלע — לאָז זיי לויפן די אידישע ווייבער... — עס קער נישט. מיין קינד, דער קרבן צו דעם מזבח!...

בלוטיקער חוזק און גרויע שטיקער קעלט, ווי שאַרפע מעסערלעך — האָט זיך געצונדן אין זיינע אויגן. די שטאַרקע, פיין מוסקולירטע הענט, די געדיכטע קרייזלעך אַף דעם ברייטן, געזונטן ברוסט־קאַסטן, זיין אַטלעטישע געשטערעקטקייט — האָט מיט ריזן־כוח, מיט דער זיכערקייט פון יוגנט און געזונטקייט — געשפּעט איבער דער באַבעס איינגעשרומפּן גופל, וואָס פּרוּווט זיך ראַנגלען מיטן טויט...

די אַלטע האָט זיך נאָך העכער אַ הויב געטאָן אַף די שפּיצן פון די פינגער און מיטן כוח פון איר גלויבן, פון איר גאָט, וואָס וועט זי נישט פאַרלאָזן, אים אַ ביטלדיקן בליק אָפּגעגעבן: — „מיין קינד איז אַ שוואַכינקע, אַ שטילע. דו ביסט קיין בייז אויג אַ מאַנסביל, אַ ריז... זוך דיר דיינס גלייכן... באַלד איז דאָס קול אירס געוואָרן ווייכער און בעטנדיקער:

— מיר האַלטן סיי־ווי נישט בא אַ שידוך טאָן מיט איר...

אַ חוזק שמייכל האָט אויסגעצאַנקט אַרום זיין מויל און אַרום די שווערע, צונויפגעצויגענע ברעמען. די שאַרפע בליקן ווי די פיילן האָבן זי דורכגעבויערט:

— וואָס האָט איר צו אונדזערע לעבנס, אַלטע פּייניקערן?... רחל איז אַ מלאך! קיין שום אַנדער קינד וואָלט פון אייך נישט אויסגעהאַלטן די משוגעתן!... צאָרן און פאַראַכטונג האָט געבושעוועט אין זיין האַרץ, ער האָט זיך מער נישט געקענט באַהערשן, נישט געהערט יאָסלס געבעט, אַז מען דאַרף די אַלטע נישט נעמען ערנסט... האַראַסיאַ האָט זי אַ פּעסטן נעם געטאָן פאַרן רעכטן אָרעם און נישט מיט זיין קול צאָרנדיק געברומט:

— פאַרוואָס ווילט איר מיך נישט פאַר קיין איידעם? צי בין איך אַמאָל געווען שלעכט צו אייך?... פאַרוואָס האַסט איר מיך?...

זי האָט זיך ראַפּטאָם אַרויסגעריסן פון זיין האַנט און זייער געלאַסן אָפּגעענטפערט:

— איך קען דיך נישט נעמען פאַר קיין איידעם, ראַציע, ווייל מיין וועלט, מיין קינדס וועלט איז אַן אַנדערע... אַ גוי וועט קיינמאָל נישט קענען פאַרשטיין, וואָס די אידישע וועלט הייסט.

זי איז אַנטשוויגן געוואָרן און ביידע האָבן זיך מיט די אָנגעצונדענע בליקן דורכגעבויערט. די בלייכע זון וואָס איז געהאַנגען איבער די שפּיצן

פון די בוימער, האָט זיך קעציש געשאַרט אַרום זיי, דערמאָנט אינעם אָנקום פון אומדערטערגלעכן הייסן טאָג, האַראַסיאַ האָט אומגעדולדיק אַ צענעם געטאָן ביידע הענט און בייז געציטערט:

— קומט באָבע צו רחלען, זאָל זי אליין אויסקלייבן... מיר וועלן שוין זען מיט וועמען פון אונדז ביידע זי וויל פאַרבלייבן...

ער האָט זיך אויסגעדרייט מיטן רוקן צו איר און זיך געלאָזט צו רחלס צימערל, נאָר דבורה איז אים דעם וועג פאַרלאָפן, אים מיטן ווייז־פינגער פאַר דער נאָז אַ פּיר געטאָן, און געוואָרנט:

— גיי פון דאַנען, זאָג איך דיר, דו הײַדאַמאַק... סע מוז אַמאָל אַ סוף נעמען צו די צרות מיינע, צי ניין?

— פאַרנעם זיך, דו אַלטע, מיר זיינען פרייע מענטשן, געזונטע!

— אַ זון, אַ ברודער פון די פייניקער ביזטו!... — דאָס האָט דבורה מיט אַ פרעמד קול אַ געשריי געטאָן — אַ שותּף צו פּעטליורען, צו כמעלניצקין!...

ער איז שטיין געבליבן און ביטער געלאַכט. געמיינט די אַלטע איז משוגע געוואָרן. יאָסל איז צוגעגאַנגען צו איר אַ שטילער, אַן אַראָפּגע־זעצטער און זייער שטיל געטענהט:

— גענוג, שוויגער, איך בעט אייך, וואָס איז האַראַסיאַ שולדיק?..

— שולדיק, שולדיק, יאָסל!.. אַלע זיינען זיי שולדיק. ביז איבער די טרייפענע העלדזער באָדן זיי זיך אין אונדזער בלוט — האָט דאָס קול אירס ווי אַ שטיל געוויין אויפגעציטערט, זיך פאַרשטעקט צווישן די בייטן און צווישן די שטומע בלעטער פון די ביימער, גערופן און גע־מאָנט: שולדיק, שולדיק...

---

קאַפּיטל 7

## ווידער די באָבע מיטן אייניקל

הייסער שימער האָט געבלאָנדזשעט אין רחלס בייזע בליקן, דער־וואַרטונג. אירע חושים האָבן אויפגעכאַפּט יעדעס וואָרט פון דער קריי־געריי צווישן האַראַסיאָן מיט דער אַלטער. דאָס בלוט אין איר האָט זיך אַ ריס געטאָן צום אויסגוס, אין אַ פאַרצווייפלטן שיגעון. די אַלטע האָט זיך צופיל צעוויקלט, וועט באַלד אויך צו איר, צו רחלען צרייינלויפן און ווידער אָנוויען מיט בייזקייט, מיט אומעט און מיט אימהדיקן קלאָג־ניגון פון איוב, וואָס דערמאָנט כסדר אין טויט, וועקט אין איר אַ גע־וואַלדיקע דערשלאָגנקייט... וואָס וויל זי פון אים, די משוגענע?...

די ראָזע פאַרב אויף די שמאָלע באַקן, איז באַהויכט געוואָרן מיט א דורכזיכטיקער בלייכקייט, ווי בא איינעם, וואָס האַלט באַם חלשן. זי האָט דאָך געוואָלט אויסמיידן אַ קריגערײַ מיט דער באָבען, איז שוין געווען מיד פון אויסטענהן זיך מיט איר, געפילט אַז די טענהס וועלן במילא צו קיין ציל נישט פירן און מוירע געהאַט פאַר זיי, מוירע געהאַט פאַר די אייגענע באַליידיקטע געפילן, וואָס מאָנען גערעכטיקייט. דאָס געפייניקטע בלוט האָט אַ האַמער געטאָן און זי פון בעטל אַראָפּגעטריבן. זי האָט אָפּגעאָטעמט דורך די צעשפּרייטע נאָזלעכער, ווי אַ צערייצטע חיה און פאַרזיכטיק איבערגעדרייט דעם שליסל אין לאָך. נצחון האָט געשמייכלט אין אירע בליקן:

— וואָס האָסטו מורא פאַר איר, רחל נאַר?... נישט באַדאַרפט זיך אויסבאַהאַלטן — האָט די באַליידיקטע איינגליבע ווידער גערודערט. ווער האָט אַ רעכט צו הערשן איבער דער ליבע פון חתן־כלה, ווער?... אַנווייזן אַ שעה פון פאַרברענגען?...

זי האָט זיך אויסגעדרייט מיטן רוקן צום טירל און אַ צעשויבערטע, ווי אַ פאַרפאָלגטע הון, זיך ווידער אויסגעצויגן אַפן בעטל, זיך איינגע־וויקלט אין ליילעך, אַז קיין האָר פון קאָפּ האָט זיך נישט אַרויסגעזען און מיט איינגעהאַלטענעם אָטעם ווידער געוואַרט. אַ טיפע שטילקייט האָט גערוט איבער איר, אַן אָנגענומענע מיט וואָרענונג:

— אומזיסט דיין טירחה, רחל, — די אַלטע וועט נישט נאָכגעבן!..

כעס האָט ווי לאַוועס מיט פייער אַ פּלאַץ געטאָן אין בלוט, געצונדן דאָס האַרץ, דעם מאַרך פון די ביינער. אויך דאָס אייניקל וועט נישט נאָכגעבן!... איין מאָל זיין אויסגעהאַלטן און פאַרשפּאָרן צו זיין גרוויזאַם. זי וועט איר זאָגן, דער צעדרייטער: מען אַנטלויפט פון איר ווי פון אַ שוואַרצער קראַ, וואָס ברענגט נאָר טרויער, געוויין און טויזנט שוואַרצע בשורות...

אין דעם איז די שטילקייט איבערגעריסן געוואָרן. די קלאַמקע האָט עטלעכע מאָל אַ שפּרונג געטאָן אהין און צוריק. דער באָבעס ציטערדיק קול האָט זיך ווי קאַלטער ווינט דורך די שפּאַרעס אַריינגעריסן: רחל, רחלע־ע־ע!

רחל האָט מיט די הענט פאַרשטעלט די אויערן, רוגזהדיק געגראָבן דאָס פּנים אין קישן:

— שריי, משוגענע, צעזעצטערהייט...

— מאַך אויף די טיר דו עקשן, משומד! וועסט נישט אַריינלאָזן מיט גוטן, וועל איך אויפברעכן די טירל, אָדער אַריינקריכן דורכן פענצ־טער. צאָרן איז געווען אין דער אַלטערס קול און יענע איבערמענטשלעכע גבורה פון גערעכטן און געפייניקטן, וואָס פילט, אַז די שעה פון דער־לייזונג דערנענטערט זיך... יעדע רגע פון אייניקלס שטילקייט האָט גע־וועקט אין איר דעם כעס, די באַליידיקונג. פּלוצים האָבן זיך די צוויי־דאַרע אויסגעהאָרעוועטע הענט אַ הייב געטאָן און די פויסטלעך, ווי איי־

זערנע שטיינדלעך, האָבן אָנגעהויבן האמערן איבערן טירל. ווען די הענט זיינען מיד געוואָרן, האָט זי אָנגעהויבן קלאַפּן מיט אַ פוס און באַלד מיטן אַנדערן.

דאָס טירל האָט אַ קערכץ געטאָן. עס האָט זיך געהערט דאָס איינברעכן פון די אַלטע איבערגעטריקנטע ברעטלעך און דבורה איז אינאיינעם מיט די ברעטלעך אריינגעפאַלן אין שטיבל, זיך ראַפּטאָם אויפגעהויבן, געקוקט אַרום זיך מיט אַ צעמישטן בליק, ווי זי וואָלט אַליין נישט באַנומען איר אויסבראָך פון כוח. מיטן שפּיץ פון דער אויפגעבונדענער פאַטשיילע האָט זי אָפּגעווישט דאָס דורכזיכטיקע בלייכע פּנים, דאָס רוגזהדיק פאַריסן און אונטערטאַנצנדיקע בערדעלע. זי האָט זיך אויסגעגלייכט און איבערגעטראָגן די בליקן צום אייניקל. פאַרלוירנקייט האָט געוויייעט אַרום איר. די פּאַטשיילע, אינאיינעם מיטן ווייסן טשעפּיק, זיינען געווען אויסגעדרייט, אַראָפּגערוקט אַף אַ זייט און פון הינטערן לינקן אויער, העט ביז אַרויף צום מוח, האָבן זיך אַרויסגעזען עטלעכע רויטע, בלויע, טרוקענע וואונדן, ווי פאַרהאַרטעוועטע אָדערן, אַרומגעוואַקסענע מיט בינטלעך קורצע, ווייסע האָר — דאָס זיינען געבליבן סמנים פון פּעטלורעס מערדער.

די אַלטע האָט אָפּגעזיפּצט. טיפער באַנג איז אויפגעגאַנגען אַרום צינגלאָזן, איינגעפאַלענעם מויל, חרטה.

— שיין, דבורה, שיין... כעס פּאַסט פּאַר „זיי"... איין שטאַרקער איבער אַלע שטאַרקע,.. איין חכם איבער אַלע חכמים..

די געפאַלנקייט, די חרטה האָט זי ווידער געלייטערט און דערהויבן, זיך עטוואָס באַרואיקט און ווידער גרייט געווען צו טאָן נאָר גוטס און אויך אין ווידערשפּעניקן אייניקל נאָר די גוטע אידישע מידות דערוועקן, זי איז צוגעגאַנגען צום בעטל, אַרויפגעלייגט די הענט אַפן אייניקלס קאָפּ, לייכטע, בעטנדיקע, ווי צוויי ווייסע פּרידנס-טויבן:

—זיי נישט בייז, קינד מיינס, אַז אַן אַלט פערד רייסט זיך אַרויס פון די האָלאָבלעס, טאָר מען נישט דערלאַנגען מיט דער בייטש איבערן קאָפּ... עס איז אַ זינד...

זי איז אַנטשוויגן געוואָרן און די טיפע קנייטשן אַפן שטערן, דורכגעוועבטע מיט זון-פּעדימלעך, האָבן געשמייכלט מיט אַ מאָדנער נאָכגיביקייט, מיט חכמה, באַלד ווידער די שטילקייט איבערגעריסן:

— נו, קינד, טאַקע ברוגז? איי, איי! זיך אַ צעוויג געטאָן אַהין און צוריק — אַ „גזלן" די באָבע, האָ? האָט דיר צופּגעשניטן אַ שטיק פון דער נייער קאַפּאָטע... נו, אדרבה, ווייז מיר דו דיין מענטשלעכקייט. פאַרגיב מיר אַן עוולה... דעק נאָר אָפּ דיין פוּיערישן קאָפּ, איין קוקעלע שענק דער „שלעכטער" באָבע און שוין בין איך פון יענער זייט טיר... שוין וועסטו מיין דוך נישט פילן...

דער אַלטערס נאָכגיביקייט, די חרטה, האָט רחלען געשראָקן און צעטומלט. זי האָט געוואָלט פּטור ווערן פון יענער גוטסקייט, וואָס איז

דער באָבעס שטאַרקסטער געווער און פאַלט אַף איר ווי אַ שווערע לאַסט. האָט זי רוגזהדיק אַ באַוועג געטאָן מיטן קאָפּ און אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דער באָבעס הענט. דבורה האָט ביטער געשמייכלט, צושאָקלענדיק מיטן קאָפּ:

— אוטשאָנע באַרישניעס מעגן זיין אביסל איידעלער... דאָרטן, רחל, אין די הויכע קלאַסן, האָט מען דיך אויסגעלערנט חוזקן און פאַרשעמען אַ זקינה, האַ?...

צאָרן און ביטול האָט אַ רעווע געטאָן אין רחלען. „מרוקעט ווי אַ נישט דערקוילעטער אָקס".

— יאָ, די באָבע האָט זי ווידער באַזיגט. סיי איר פרומקייט, די עקשנות, די איבערמענטשלעכע געטרייקייט, איז די לעצטע צייט נישט צום אויסהאַלטן. די באָבע וועט זי דערשטיקן צום טויט..

רחל האָט דורך פאַרשטשעמטע ציין אַ דערשטיקטן זיפץ געטאָן, אַ געבראָכענעם. די באָבע האָט אַרויפגעלייגט די הענט צו זיך אַפן ברוסט־קאַסטן, דעם איינגעפאַלענעם, ווי אַ קיילעכדיק אויסגעהוילט ברויט און זייער שטיל אַ זייע געטאָן צווישן די ציטערדיקע ליפּן:

— וואָס הייסט אַ קינד איז אַזאַ חצופה... בלייבט מיט אים אין גאָרטן ביזן העלן טאָג? פון וועמען, רחל, האָסטו דאָס געלערנט, האַ? און זאָל זיך דיר אויסדאַכטן, דו עקשן משומד, אַז נישט די באָבע רעדט צו דיר נאָר „זי", די מאַמע זיינע, דער גולם מיטן שווערן, אַנגעזויפּטן טרעלבויך — יענער וועט מען אַוודאי גרויס כבוד אָפּגעבן. דער „מאַמען" וועט מען נישט האָבן די העזה צו ווייזן דעם זייט־זשע־מוחל...

רחל האָט שווער געסאָפּעט. די באָבע וועט נישט נאָכגעבן. — האָבן די יסורים געזויגט דאָס האַרץ — וועט מיט ליידיקן פון איניקל נישט אוועקגיין. זי האָט אָפּגעדעקט דאָס פּנים און די טיפקייט פון די ברענענדיקע, שוואַרצע אויגן, ווי אַנגעצונדענע אָפּגרונטן, האָט אַ ברען געטאָן איבער דער באָבעס פּנים, איבערן גאַנצן לייב און לעבן; געשמיסן, געטריבן פון זיך ווי מיט אייזערנע פרענטעס.

— איך וועל דיר נישט דערלויבן — האָט זי צאָרנדיק אַ ברום געטאָן — צו באַליידיקן מיין חתנס מאַמע. יענע איז מיר טייער! איז מיר אייגענער פון דיר, דו בייזע, ביטערע אידענע. גיי פון דאַנען, גיי!..

צלהכעיס איז געווען אין רחלס קול — וואָרענונג.

דער אַלטערס טרוקן בערדעלע האָט זיך צאַפּלענדיק צעטאַנצט. די בלויקייט פון די אויגן איז געוואָרן גרין און אומעטיק ווי שטיקער בין־השמשות. די ליפּן האָבן זיך שוואַך געקרימט:

— כ'האָב גאָרנישט געוואוסט, מיין קינד, אַז די טשיטשקיכע איז דיין איינציקער מליץ יושר... אַזאַ גרויסער האַרץ־פריינט..

די אַלטע איז אַנטשוויגן געוואָרן. דער אומעט פון די בליקן צום אָפענעם פענצטערל איבערגעטראָגן, דאָס פּנים דורכזיכטיק בלייך, ווי באַם זאָגן די קינות. ס'איז קענטיק געווען, אַז דעם איניקלס פרעמדקייט, די

באַליידיקונג, האָט נאָך מער געלייטערט און געהייליקט איר באַטריבט געמיט, זי נאָך מער דערנענטערט צו איר גאָט, צו איר גלויבן.

— ביז ווען נאָך, אַלמעכטיקער, וועסטו מיך שטראָפן? מיר הייסן אָפּקומען פאר זייערע זינד?... פארשעם נישט, דערבארעמדיקער טאטע, די לעצטע טעג און וואָכן פון מיין געפייניקט לעבן.. אף דיר בין איך זיך סומך, פיר מיר ארויס מיין איינציק געדעכעניש פון עשום הענט... גיב זי מיר אָפּ צוריק...

זי איז אנטשוויגן געוואָרן, זיך אַ שטעל געטאָן אף די שפּיצן פון די פינגער, ווי צום אויפהויבן זיך צו די בלויע, צערויזטע כמארעלעך אפן הימל און מיט א טיפקייט אין קול אָנגעהויבן בעטן:

— אויב גאָט, איך בין נישט ווערט דיין גענאָד, גיב איך זי דיר אָפּ צוריק — און מיט פרומער רעזיגנאַציע צוגעגעבן — נעם אונדז ביידע אונטער די פליגל פון דיין געטלעכער השגחה...

רחל האָט געקוקט אף איר מיט שרעק. ארום די אויפגעצאפּלטע ליפּן האָבן זיך געשניטן פּראָסטיקע קארבן, פאראכטונג, אַ באַגער פריי צו ווערן פון דער אַלטערס אָנפאלן, פונעם דעספּאָטישן ווילן. דאָס בלוט האָט אַ רעווע געטאָן אין איר, זי אויפגעריסן פון אָרט, אַ געשריי געטאָן אין דער באָבעס פארטראָגן פּנים:

— גיי פון דאַנען! מערדערן... די אייפערזוכט מאַכט דיך משוגע!

דבורה האָט געקוקט אף איר מיט אַ רואיקן בליק, אָן אָנגענומענעם מיט בטחון און מיט אַ הימלישער קלאָרקייט. אזוינע בליקן האָט זי כסדר באַם אומקערן זיך אהיים, נאָכן אָפּזאָגן תשליח... שטילקייט האָט זיך אָפּגעזעצט ארום זיי — דערוואַרטונג. דער אומעט אין די גרויע, אויס־געצויגענע ווינקלען, דאָס קליינע ביבליאָטעקל, דאָס נאכט־טישל, די צוויי קיילעכדיק ווייסע בענקלעך, דאָס צעשיטע טירל — אַלץ האָט געקוקט אף זיי מיט געצווימטן אימפּעט, מיט שרעק.

פּלוצים זיינען רחלס בליקן, ווי צוויי שווארצע שטיקער נאכט, צו־געפאַלן צו די וואונדן אין דער באָבעס קאָפּ, שרעק האָט פון זיי געשריגן און אינסטינקטיווער עקל... מיטאמאָל האָט זי דערפילט, אז אָט די וואונדן, די אייביקע בושה פון דער מענטשלעכער געפאַלנקייט, וואָס די אלטע האָט אַ לעבן לאַנג אויסבאַהאַלטן, זיינען פארבונדן מיט דער שטומקייט וועגן איר מאַמעס טויט. דער כעס אף דער באָבען האָט זי אָבער צע־טומלט און פון וועג אַראָפּגעפירט. רחל איז גרייט געווען אָנצונעמען דער באָבעס קאָפּ, אים אָפּדרייען אינאיינעם מיט די שרייענדיקע וואונדן.

— שעמסט זיך גאָרנישט צו ווייזן אף דער ליכטיקער שיין אזא „שיינעם" קאָפּ?...

טויטע ווייסקייט האָט אויפגעציטערט ארום דבורהס פארשפּיצט גע־וואָרענער נאָז און אַרום בערדעלע. זי האָט אָפּגעגאָסן דאָס אייניקל מיט אַ דינעם, ביסיקן שמייכל און זייער גלאַסן געענטפערט:

— שטייט דיר אפשר נישט אָן די משפּחה, רחלע? קענסט גיין גע־זונטערהייט צו דיין טשיטשקיכע... מיט איר, אז דו וועסט כוליגאַנעווען זוי מיט מיר, וועט זי דיך אַף דריי שפּענדלעך ארויסמאַרדעווען...

— דיך באָבע, דו איינגעגעסענע שלאַנג — האָבן רחלס אויגן אַ שפּריץ געטאָן מיט שוואַרץ־גרינע פונקען, ווי אַן אָנגעגליט אייזן אונטער דער שווערער קאָוואַדלע — דיך וועט מען פון אומעטום ארויסמאַרדעווען... אַ אומצוטרויילעכן מענטש האָט קיינער נישט ליב. דיינע אייגענע צוויי הענט גלויבסטו נישט... און היינט — די שיינע לאָקן דיינע... די גאַנצע וועלט איז דיין שונא — האָט בראַנדיקע היץ אַ בּרען געטאָן אין די חוזק בליקן. מיין חתנס מאַמע קען מיך גוט, וועט נישט חושד זיין אַ געמיינקייט...

די אַלטע האָט זיך נישט דערקענט. דער אָפּענער צאָרן, די ליבשאַפט צו דער אַלטער פּילאַר, אַף וועמען דבורה איז געווען אייפערזיכטיק ביז ווילדקייט, דער שפּאָט איבער אירע אַלטע וואונדן, די אָנגעזאמלטע יסורים אין דעם פארשלאָסענעם האַרץ, וואו אַ קאַסטן מיט הייליקייטן האָבן זיך, ווי לאַוועס מיט פייער פון אַן אויפגעריסענעם באַרג אַ צינד געטאָן אין איר, זיך גזלניש איבער די געפּייניקטע אברים געטראָגן — נישט נאָר דאָס אייניקל צו פארשרפען, נאָר אויך די גרויזאַמע וועלט־באַזיצער, וואָס קענען אויסוואַרעמען אין זייער טראַכט אַזויפיל אומגליק און שפלות, אַז אַ מענטשלעך האַרץ זאָל זיך באָדן אין טרערן און קיין כוח נישט האָבן ארויסצוגעבן פאַר עמיצן, זיך צו באַקלאָגן..

זי האָט די פינגער פון די הענט פארבראָכן, זיך אַ שטעל געטאָן אַף די שפּיצן פון די פינגער און דורך באַהאַלטענע טרערן אין די ווייסע בלויע שטילע כמאַרעלעך אריינגעשעפּטשעט, ווי זי וואָלט אליין אַ געליי־טערט כמאַרעלע געוואָרן:

— פארשאָלטן זאָל ווערן דאָס ליכט פונעם טאָג, ווען איך בין געבוירן געוואָרן.

זי האָט באַלד פון איר אייגענעם, נייעם איוב אַ קלאָג געטאָן:

— אַ קללה, גאָט, זאָל זיך אראָפּלאָזן אַף די רוצחים, וואָס האָבן מיין קינד פון דער וועלט פארשניטן. אַ קללה אַף דעם שוואַרצן טאָג, וואָס דו האָסט מיר אַ שונא פאַר מיין קינדס לעבן געשענקט...

זי איז אנטשוויגן געוואָרן. שוויים האָט באַדעקט דאָס איינגעשרומ־פּענע פּנימל, צערייצונג. רחל האָט באַהאַלטן דאָס פּנים אין די הענט און ביטער געוויינט. אַ קול, וואָס האָט זיך געטראָגן פון די טיפסטע נשמה־געוועבן. די באָבע האָט אין אייניקלס געבויגענעם קאָפּ, אין די צוקנדיקע אקסלען אריינגעזיפצט:

— גיי נישט צו אים, רחל. קין האָט דיך מיט געוואַלד פון דיין מאַמעס בויך ארויסגעריסן... ווייל זי האָט זיך נישט געלאָזט פארשוועכן... ווי און ווינד איז צו אונדז.

רחל איז מיטאמאל שטיל געבליבן, ווי דאס לעבן אין איר וואלט פלוצים געשטארבן. נאר די בליקן, ברייטע און זויבערע, האבן דערשטוינ־טע אף דער אלטער געהאנגען. דבורהס האט זיך אויסגעצויגן אין איר גאנצער לענג, א קלאפ געטאן מיט די פינגער פון דער רעכטער האנט איבער דער איבערגעקערטער דלאניע:

— ווען דא, רחל, וועט וואקסן האר, וועסטו כאסלערע האבן מיטן שייגעץ... מיטן ברודער פון אונדזערע מערדער...

---

קאפיטל 8

# ווען גוים שלאגן זיך

איליק דער מילנער, דבורהס זיידע, א דארפס־איד א גיבור, א הויכער און א פעסטער, ווי א דעמב, מיט א ברוינער, ברייטער בעזים־באָרד, דורכ־געוועבט מיט געלע, גאלדיקע פאסן פון צופיל שלאפן אונטער דער ברע־נענדיקער זון, האט פיינט געהאט צו שמועסן מיט די פויערים; נאר זיין ברייטער שטערן, די פרייע ברוינע בליקן, האבן זיי דערציילט פון זיין אינערלעכן כוח, פון אן אלטן יחסנישן אפשטאם, פון דארפס־אידן, אר־בעטזאמע און עקשנים, שטארקע און פארהארטעוועטע; פרייע און זאפ־טיקע, ווי די ווינטן, מיט דער פעטער, שווארצער אוקריינער ערד, אף וועלכער זיי האבן געלעבט, זי ליב געהאט און שטומע, ווי די פעלזן, איבערגעווארט און איבערגעלעבט יעדן בלבול פון שונא ישראל...

היימישע און אויך ווייטע פויערים מיט א געזונטן אינסטינקט פון פראקטישע דארפסלייט, האבן ארויסגעפילט דעם מילנערס ערלעכקייט און געהאט פאר אים אפשיי, מיט צוטרוי געבראכט דעם ווייץ מיטן קארן, אפמאלן און נישט געוואגט צופיל איינצוועסן זיך און באלאגערן דעם הויף מיט דער מיל, — געווארט געדולדיק אף זייער ריי.

די מיל איז נישט געווען קיין גרויסע. זי איז געשטאנען צווישן צוויי ברייטע שטיינערנע בערג, באוואקסענע מיט קוסטן און מיט ווילדע גראזן פונקט קעגן דעם קליינעם דארפישן קלויסטערל. פויערים האבן אויך פאר יענעם שטילן ווינקל געהאט אפשיי, זיך אויסגעלייגט אין גראז הינטער דער מיל, זיך פארטראכטערהייט איינגעהערט אין פליסטערן פון שמאלן טייך צווישן די בערג, וועלכער האט שטיל געשוימט און זיך רואיק גע־צויגן ווי א זילבערנער אויסגוס פון איין דערפל אין אנדערן.

די שטוב אפן בערגל קעגן דער מיל, א אונטערגעמויערטע מיט פיל קאלירנדיקע ים־שטיינדלעך, מיט א ברייטער ווערענדע פון רויטע שטיי־נער און מיט קליינע, ווייסע לאדנדלעך, אין די שמאלע, פויערישע פענצ־

טערלעך, אַרומגעוואַקסענע מיט בינטלעך גראָז, ווי פּאַריסענע ציגענע בערדלעך, האָט זיך געוויגט און געשפּיגלט אין די גאָלדיק צעשוימטע וועלעכלעך, אין די זויבערע פּיל־קאַלירנדיקע שטיינדלעך אפן דנאָ פון טייך. עקשנות פון אַלטן, איינגעפונדעוועטן יחוס האָט פאַר יעדן בוים געווייעט.

אַ סך פּויערים האָבן אַרום די בערג געוואוינט. די געסלעך קרומע, און אָפּגעהאַקטע, האָבן זיך געהויקערט צווישן איבערגעשניטענע גערטנער מיט סעדער, רחבותדיקע, מיט שווער באַלאָדענע ווײַנשל און ניס־ביימער. די קליינע, ווײַסע שטיבלעך מיט די נידעריקע שטרויענע דעכער, איינגע־גלידערט אין טיפע שטיינווינקלען, האָבן זיך געבאָדן אונטער אַ מילדער, רואיקער זון און מיט פּויערישער כיטרעקייט, ווי די פּאָטאַינע הינט, אַרויפגעקוקט צו איליק דעם מילנערס שטוב, זיך איינגעהערט, ווי דער מילנער מיט זײַן הויזגעזינד פּראַוועט שיינע שבתים און רײַכע אידישע יום טובים מיט שמחות.

פון צײַט צו צײַט, אמערסטן אין די זונטיקן, אָדער אַנדערע כאַגע־טעג, האָבן זיך די פּויערים אויסגעזעצט אויף די פּריזבעס אַרום די שטיב־לעך און זיך שטילערהייט איבערגעגעבן יעדעס וואָרט פונעם „הייליקנס" דרשות אין קלויסטערל: אידן זײַנען פּראַצענטניקעס... אידן זײַנען גאָט־לאָזע... אידן זײַנען שלעכטע... פּויערים, די אמתע קריסטן, מוזן זיך אָפּרעכענען , מאַכן אַ פּאָגראָם. די באָבע האָט זיך דעמאָלט געבעטן: איליק, מאַן מײַנער, איך וויל וואוינען אין שטאָט צווישן אידן, צווישן מענטשן. זע ווי דער צלם פון קלויסטערל וויגט זיך צווישן די כוואַליעס קעגן אונדזער שטוב.. זע!..

— ווייז נישט דעם פּויער, אַז דו גלייבסט אים נישט, ציטל, וועט זיך נישט צעבינדן אין זיי די דורות הפקרות. קוק נישט אַהין; כ'וויל נישט ווּיסן וואָס זיי שמועסן, וואָס זיי טראַכטן. עס וועט איבערגיין דער כאַגע, עס וועלן זיך פאַרמאַכן די קלויסטער־טירן, וועלן פּויערים ווידער קומען צו זיך.

אין אַ זונטיק אינדערפרי זײַנען הינטער די בערגלעך עטלעכע פּוי־ערישע פורלעך געשטאַנען, די אויסגעשפּאַנטע פערד, מיט די מאָרדעס אין די לאַנגע טאָרבעס מיט היי, וואָס האָבן אויף זייערע קעפּ געהאָנגען — פויל געקייט. אַ הייסע פּאַרע האָט זיך געוועבט איבערן הויף, אָן אָנגע־נומענע מיט ריחות פון שטאַרקע פּויערישע מאכלים און פון גערשטן מיט סיטשקע. פאַרפלאַמטע פּויערטעס מיט צעפלויגענע ברוסטן אין די גראָבע, לײַוונטענע, אויסגענייטע העמדער, זײַנען מיט די האַלב נאַקעטע קינדער געזעסן אונטער די וועגענער און געגעסן דעם אָנבײַסן: טרוקענע קישקעס מיט רעטשענער קאַשע מיט קאַבאַק און מיט קרויט. פּויערים האָבן געוואַרט בײַ דער מיל.

רב איליק איז צו זיי אַרויסגעקומען מיט אַ גרויסן זאַק וואָרעם קאָרן־מעל אפן רעכטן אַקסל. דעם קאָפּ, עטוואָס אויסגעבויגן אין אַ זײַט,

פאַרזיכטיק און זיכער געשפּאַנט אף די שמאָלע טרעפּלעך פון דער מיל. פון אונטערן היטל גאַניקל האָט זיך אַרויסגעקוקט אַ גרויסער פויערישער קאָפּ, אַ לאַנגער ווי אַ קאַבאַק און מיט געלע, געדיכטע קנוידערן, ווי די פעל פון אַ צעקיילטן, היימלאָזן הונט. דער געלער, רויטלעכער גלאַנץ אין זיינע פון קאָפּ אַרויסגעזעצטע, גרויסע אויגן, ווי צעלאָזענער קופּער — האָט אַ ברען געטאָן איבערן מילנער, אים דורכגעשטאָכן.

עמיצער, וואָס איז געזעסן באַם שטיינערנעם פּלויטל, האָט אַ לאַנגן סוויסטש געטאָן. רב איליק איז שטיין געבליבן, אויפגעהויבן דעם קאָפּ און געקוקט אַרום זיך מיט קלאָרע, רואיקע בליקן, אָנגענומענע מיט אומפּאַר־שטענדלעכקייט. די לאַנגע פּאָלעס פון דער ברוינער, פאַרשמוציקטער קאַ־פּאָטע, די שפּיצן פונעם ברייטן, רויטן גאַרטל אַרום די לענדן, די צע־פלויגענע ציצעס און די חשובע ערנסטע בעזים־באָרד, איז געוואַשן גע־וואָרן פונעם הייסן רואיקן זומער־ווינטל, אַן אָנגענומענעם מיט די מחיהדיקע ריחות פון צייטיקע פּרוכטן און מיט אַ פּרעמד אומהיימלעך קול:

— דערלאַנג אים, דעם איד, דעם גנב...

די געלע קנוידערן האָבן זיך אויסגעצויגן איבער דער גאַנצער אי־בערגעוואָקסענער לענג און מיט ביידע הענט אויפגעהויבן אַ שווערע, אייזערנע פרענטע, וואָס איז אין גראָז געלעגן און אונטנאַרומער איבער איליקס קאָפּ עטלעכע מאָל אַראָפּגעלאָזט.

ער האָט אַ געשריי געטאָן נישט מיט זיין קול און ווי אַ צעוואַקלטער פון שטאַם אַרויסגעריסענער בוים, אַ צוויי טרעפּלעך אַריבערגעשפּאַנט און באַלד אַ שווערן פּאַל געטאָן צווישן אַ קופּע מיט שטיינער באַ די טרעפּ. פויערטעס מיט ווילדע צעשראָקענע אויגן האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו אים. אף זייערע פאַרצווייפלטע קולות איז אָנגעלאָפן צייטל און נאָך איר דבורה, דאָס אַכט יעריקע אייניקל. זיי האָבן זיך קוים דורכגעבראָכן אַ וועג צווישן די געבויגענע פויערטעס, וואָס האָבן איליקן איבערגעקערט מיטן פּנים אַרויף און אים געמינטערט. צייטל איז צוגעפאַלן צום מאַן, אַריינגענומען זיין קאָפּ אין אירע געטרייע, צאַפּלענדיקע הענט און אַריינ־געהעשעט אין טויטלעכן גלאַנץ פון די אין בלוט באַגאָסענע אויגן:

— איליק, מאַן מיינער, איך האָב מיך באַ דיר געבעטן, איך וויל וואוינען צווישן מענטשן, צווישן אידן... שפּייזער פון מיינע קינדער, פאַר וואָס קומט דאָס אונדז?..

פון יענעם טאָג אָן האָט די קליינע דבורה מער קיין רו נישט געהאַט און אויך נישט קיין צוטרוי צום זיידנס קריסטלעכע שכנים. פּחד האָט כסדר געצאַפּלט אין די ברייטע בלויע, פרומע אויגן אירע, דעם זיידנס לעצטער שווערער זיפץ. איר טאַטע, דער עלטסטער פון די אַכט קינדער — פינף זין און דריי טעכטער — האָט ווידער אָנגעפירט די אַרבעט. פויערים זיינען געוואָרן ווייכער, געבראַכט מאָלן דעם ווייץ מיט קאָרן און אויך טייערע מתנות, אַמאָל אַ געל שטיקל לייוונט און אַ שוואַרצן וואָלע־

נעם טעפּיך מיט בלויע, שיין־גרינע קווייטן.דבורה האָט זיי אויסגעמיטן און פון ווייטנס געקוקט אין די אויגן, געוואָלט ארויסרייסן דעם סוד פון זיידנס טויט, פון זיין מערדער, וואָס איז ווי אין וואסער פארשוואונדן...

איינמאָל איז דבורה געזעסן אפן אלטן שווארצן שטיין הינטער דער מיל, אף וועלכן דער זיידע איליק פלעגט מיט איר אין די בלויע, שמעקנ־דיקע פארנאכטן פארברענגען און מעשהלעך פון חומש דערציילן. אנטקעגן איר, אינעם טיפן גראָז איז איר געטרייע חברטע געזעסן, דעם אלטן באָנ־דערס מעזינקע, חנהלע, די שווארצע, אַ שמאָלע און א בויגעוודיקע ווי א זאנג מיט שווארצע צעפּלעך ארום שטאָלצן קאָפּ פארלייגט און מיט טיפע, קויל־שווארצע אויגן, פרומע.

ביידע אין ברייטע געבלימטע פויערישע קליידער, מיט ווייסע לייוונ־טענע קאָפּטעס, אויסגענייט ארום די ברייטע אַרבל און אף די הערצער, מיט געלע און בלויע בלימלעך. ארום זיי האָט גערוט אַ מנוחהדיקע שטיל־קייט. די צעוויגטע, זילבערנע וועלעכלעך פון טייך האָבן פרום געמורמלט: קינדערלעך, עס איז פרייטיק פארנאכט. מען דארף אויפנעמען דעם שבת...

דבורה האָט געפירט מיט די בליקן צום בערגל מיט די מצבות. אַ רויט־גאָלדיקער פּאס פון זון, האָט געציטערט איבער די הויכע, שווער באלאָדענע צעוויגטע זאנגען, זיך אַריינגעשניטן צווישן די ברייטע שטיין־ווינקלען פון דער ווערענדא און איינגעהילט די שטוב אין געדעמפטער, דרימלענ־דיקער שיין די ווייס־בלויע צוויט ביימער ארום דער שטוב — האָבן צעעפנט די קלאָרע בליקן, צניאותדיקע און מיט א ציטער אף די שווערע, זיידענע ברעמען, זיך איינגעהערט וואָס די צוויי מיידלעך ריידן.

— עס איז ערב שבת, דבורהלע, טאָר מען נישט זיין טרויעריק, עס איז אַ זינד... קוק נישט אַזוי פיל אַהין. אויך די מתים רוען אום שבת...

דבורה האָט צונויפגעפלאָכטן די לאנגע הענט, ווי צוויי שמעקנדיקע בלומען־קרענץ ארום קאָפּ מיט די צוויי בלאָנדע שווערע צעפּ און אריינ־געדעדט אין די בלויע, פרומע וואָלקנדלעך:

— עפּעס רודערט זיך ווידער באַ אונדזערע שכנים. מיין הארץ, חנהלע, זאָגט מיר, אז עפּעס שרעקלעכס וועט ווידער געשען. איך האָב געזען מיין זיידנס מערדער אַריינגיין אין קלויסטערל — גרויע שאָטנדלעך און אומעט האָט זיך געוויעט אין די ברייטע בליקן — געהערט, אז דער גלח האָט דעם מערדער אַלץ פאַרגעבן.

— שווייג, שווייג נארעלע! — האָט רחלע ברייט געשמייכלט און געצופּט אַ גראָז ארום שטיין — גאָט וועט נישט פארגעבן... דער פּאָפּ איז אַ פאַלשער! גאָט האָט פיינט, אז עמיצער וויל זיין קליגער פון אים...

דבורה האָט די בליקן צום קלויסטער איבערגעטראָגן און שווער געזיפצט.

— פון דאָרטן, חנהלע, קומען אַלע אומגליקן אף אונדז. וועלן מיר צעוואַרפן דאָס קלויסטערל... עס פארשוועכט דאָס אָרט מיטן זיידנס בלוט...

ביידע קינדער האָבן געוואוסט, אז פעטרושעק, דער גלח האָט באַצאָלט אביסל בראָנפּן צוויי דאָרפס־פּויערים, זיי זאָלן הרגענען רב איליקן. ער איז געווען אייפערזיכטיק, וואָס דער יונגער גראַף, א באַלעבאָס פון עטלעכע גיטער ארום דאָרף, האָט זיך באפריינדעט מיט איליקן, וועמען ער האָט פארדונגען א שטיק פעלד, פאר זייער ביליק...

דער זיידע איז געווען א וואָרט־מענטש און דער גראף האָט אים אויך באַשטימט אלס אויפזעער איבער די גיטער. איין מאָל אין יאָר איז ער געקומען פון די גרויסע שטעט, פון ווארשע און פאריז, וואו ער האָט געלעבט א רייך צעלאָזן לעבן, פארבראכט אין דאָרף עטלעכע טעג, זיך נאָכגעפרעגט צי די פויערים לעבן זיך גוט מיט די אידישע שכנים; האָט אָפּגענומען ס׳געלט פאר די פארדונגענע גיטער און ווידער אוועקגעפאָרן. א סך מאָל זיך געהייסן מאכן פורימדיקע המן־טאשן און געהאקטע שבת־דיקע פיש. האָט גערעדט מיט דער פרומער צייטל פון אידישע מנהגים און פון פרומע, אידישע טעכטער, וואָס געפעלן אים זייער...

אידן אין דאָרף האָבן דערציילן: דעם גראפס טאטע, א זון פון פרומע, ליטווישע אידן, האָט זיך געשמדט, כדי אָנצוקומען אין גימנאזיע צו שטודירן אף אדוואָקאט. ער האָט זיך געענדיקט און באקומען א גאָל־דענעם „קרעסט". האָט זיך אין אים פארליבט א גראפס א טאָכטער, א פארשוין און א גרויסע צלמניצע, א שונא ישראל. זי האָט אים געגעבן נדן א סך אימעניעס און דעם טיטל „גראף". זי האָט אים אָבער איבערגערעדט צו ווערן אַזוי פרום און שלעכט צו אידן, ווי זי איז... ער האָט געמוזט ארויסווייזן גרויס ליבשאפט צו די אידישע שונאים. ביידע האָבן געגעבן א סך געלט אויסצובויען קלויסטערס אין די דערפלעך און געהאָלפן די מיסיאָנערן. געגעבן פעטרושיקן געלט ער זאָל אויסשמדן די אידישע קינדער פון דאָרף...

איליק האָט אראָפּגעבראכט א גוטן גמרא־מלמד. האָט ער געלערנט מיט אלע אינגלעך און מיידלעך פון דאָרף. דעם יונגן גראף איז דאָס געפעלן. ער האָט נישט געגלויבט פעטרושיקס בלבולים אף די אידן, די אונטערטאנען זיינע.

דעם לעצטן זומער האָט ער פארבראכט די הייסע חדשים אין דאָרף. דורך פארשידענע תירוצים זיך אויסגעדרייט פון די טעגלעכע גאָטעס־דינסטן און די בלבולים פון גלח. ער האָט פארבראכט מיט אידישע ישיבה־בחורים, געלערנט בא זיי העברעיש. בענקשאפט האָט געציטערט אין זיינע שווארצע, טיפע אויגן און טויזנט סודות. די שווארצע לאנגע לאָקן זיינע האָבן געכישופט און געשראָקן די הערצער פון פרומע אידישע מאמעס. זיי האָבן נישט פארשטאנען פארוואָס דער סררה וויל דורכוים די מיידלעך זאָלן פאר אים זינגען שיר השירים און דווקא אין דער הייליקער שפּראך...

זיי האָבן אויך מורא באקומען פאר זיין פריינטשאפט. געוואוויר געוואָרן, אז ער קריגט זיך מיטן פּאַפּ און טוט אים אף צלהכעיס. עסט שבתדיקע פיש, און אייעריקע מאנדלען מיט יויך פון טשאָלנט און גע־

בלעטערטן קוגל... דער אַלטער גראַף איז מיט אַ יאָר צוריק געשטאָרבן. ער האָט באַקומען די אַפּאָפּלעקסיע, בעת אַ קריגערײַ מיטן ווידערשפּעניקן זון, וואָס האָט ליב אידישע מאכלים... איצט לאָדט ער זיך מיטן גלח, ווייל דעם טאַטנס גיטער זײַנען איבערגעשריבן אַף אים, ביז ער, דער יונגער סררה וועט ווערן אַ פרומער קאַטאָליק... דער גלח האָט אים פיינט, דעם „פרייען" גראַף, פאַרבאָט אים צו פאַרברענגען צווישן די דאָרפישע אידן...

דבורה האָט זיך אָנגערופן:

— האָסט געזען, חנהלע, דעם יונגן סררה?

— אוי איז ער שיין! אַזוינע לאָקן האָט געמוזט האָבן אבשלום!..

— שווייג!.. מען טאָר נישט ריידן אַזוי. ס'איז אַ זינד... גיי אַהיים. ווען די פויערים קריגן זיך, מוזן מיר זיין פאָרזיכטיק.

אומרו האָט געציטערט אין איר קול און געטרייקייט. ביידע האָבן זיך אויפגעהויבן און געלאָפן צום פלויטל.

— דוואָרקא, הארנטע! — האָט דער אַלטער פיקעס, מיט די צוויי שפּיציקע האָרבעס פון זיין בוידעם־שטיבל אַראָפּגעשרינן — גיי אַריין אין שטוב. כ'האָב געהערט אין גאַס, אַז דער יונגער גראַף האָט שוין אויסגעלאָדן זיין פאַרמעגן באַם הייליקן. פויערים דערציילן, אַז דער הייליקער איז בייז אַף אייך... גיי אַהיים, הארנטע...

דבורה איז שטיין געבליבן און אַרויסגערעדט רואיק:

— מיין גוטער, ליבער פיקעס! מיין זיידע איליק האָט דיך ליב געהאַט. גאָט זאָל דיך בענטשן פאַר דיין גוטסקייט. אויב דו ביזט מיין פריינט, גיי אַראָפּ צו די פויערים פון דאָרף און דערצייל זיי דעם אמת...

— גיי הארנטע, גיי! — האָט ער צוגעשאָקלט מיטן ווייסן טשור־בערנאַטן קאָפּ — און זאָל דיך גאָט באַשיצן.

אין שטוב איז איר די מאַמע אַנטקעגנגעקומען. אַ הויכע און אַ גלייכע, ווי אַ פּאַלמע, מיט אַ ברוין געקעסטלט זיידן טיכל אַפן קאָפּ, אַ באַשמעקטע מיט ריחות פון די זאַפטיקע זאַנגען און פון ווײַנשל־ביימער. זי האָט געגלעט מיט די פינגער די שווערע בייטש בורשטינען צווישן די שטייף־געפּרעסטע קרוזשעוועס פון דער ווייסער שבתדיקער קאָפּטע און אַראָפּגערעדט צו דבורהן:

— טאָמער מיין קינד, באַגעגנסטו ערגעץ דעם יונגן סררה, מייד אים אויס. דער משוגענער פּאָפּ באַשולדיקט אונדז — האָט זיך אַ זיפץ אַ ריס געטאָן פון איר. דבורה האָט אויפגעהויבן צו איר די בליקן, פרומע און דאַנקענדיקע, ווי די שמאָלע פלעמלעך פון די ליכט אין די שבתדיקע לייכטער אַפן וויים־געדעקטן טיש.

די מאַמע האָט די שטילקייט איבערגעריסן:

— צוליב דיר, מיין קינד, איז די באָבע צייטל צוגעפאָרן אין שטאָט. דו ביזט שוין אַ דערוואַקסענע... דו וועסט, מיט גאָטס הילף, אײַנגיכן דיין באַשערטן געפינען... פון היינט אָן מוז דיין הארץ נאָר אים געהערן. מיר

ווילן דו זאָלסט וואוינען צווישן אידן, צווישן מענטשן.

דבורה איז רויט געוואָרן און אראָפּגעלאָזט די בליקן. ס׳איז אָנגע־קומען דער טאטע, א הויכער, א געשטרעקטער און א שבתדיק צעשמייכל־טער; א באשמעקטער פון צייטיקע גערשטן מיט ווייץ. נגדישקייט און שבתדיקע מנוחה האָט געוויעט פון דער שווארצער ברייטער באָרד, פון די פרומע, צוטרוילעכע מאנדל־אויגן.

— א גוט שבת אייך! וואָס עפּעס אזוי פארטיפט אין די געדאנקען?

און ער האָט דעם טלית מיטן סידור ארויפגעלייגט אפן געזימס מיט די קיילעכדיקע מעשענע טעצלעך און זיך ווידער צו זיי געווענדט — גערעדט מיט צענומענע הענט און מיט א טיף קול:

— ס׳איז שבת, מ׳טאָר נישט זיין פארזאָרגט. ס׳איז אצינד שבת...

די מאמע האָט אויפגעהויבן צו אים די טיפע, מאָנענדיקע בליקן, אָנגענומענע מיט אומרו:

— ישראל, פארשלים, איך בעט דיך, די טיר פון פאָדערהויז... איך וויל נישט דער גראף זאָל קומען. דער גלח ברענט פון צאָרן...

ער האָט איר די רייד איבערגעשלאָגן:

— פאר וועמען, ווייב מיינס, האָסטו מורא? האָבן מיר דען עמיצן פון אונדזערע שכינים שלעכטס געטאָן? גלויב אין גאָטס כוח, רחל...

פאָרוואורף און אומצופרידנקייט איז געוועזן אין זיין שטים. א פעסטע פויערים־שטימע האָט גערופן פון הינטערן אָפענעם פענצטער:

— פאני סראָלקאאא... א שטיקל שבתדיקע פיש... א שטיקעלע קא־לאטש?..

דבורה איז געוואָרן צערודערט. מאן און ווייב האָבן געקוקט אף איר מיט ערנסטע בליקן. אין דעם האָט זיך א ריס געטאָן אן אימהדיקע ברו־מעריי פון די שווערע, מעשענע קלויסטער־גלאָקן. מאן און ווייב האָבן זיך א לאָז געטאָן צום פאָדער־הויז און פארשלאָסן די טיר. דבורה האָט זיי נאָכגעשטרעקט די ציטערנדיקע הענט און פון שרעק קיין שפּאן נישט געקענט טאָן...

פון פאָדער־הויז האָט זיך דערהערט א שרעקלעכער רעווע און באלד נאָך איינער. דבורה האָט אָנגעהויבן ציטערן. ס׳איז ווידער שטיל געוואָרן, ווי די גאנצע וועלט וואָלט פלוצים ארייננעפאלן אין איר לעצטן, טויטלעכן שלאָף...

* * *

אפן דריטן טאָג איז דבורה צו זיך געקומען. זי האָט קוים געקענט ארויסריידן א פּאָר ווערטער. מחנות מיט פויערים און פויערטעס, מיט געזונקענע קעפּ צווישן די אקסלען, זיינען געשטאנען אין פאָדער־הויז.

פּחד האָט זיך געטוקט אין זייערע תמעוואטע כיטרע בליקן. מארישע די לאנגע, מיטן לאנגן ביינערדיקן פּנים, ווי פון אן אויסגעהונגערט פערד, האָט אויסגעשפּיגן אין א ווינקל הינטער זיך און מיט די פינגער פארקוועטשט די נאָז...

עטלעכע אידישע ווייבער און מיידלעך, איינגעהילטע אין שווארצע שאַלן, זיינען געזעסן אף דער ערד, אַרום די צונויפגעקנוידערטע קדושים, אונטער א שווארצן טוך מיט אַ מגן־דוד. עלנט און פאריתומטקייט איז געווען אין זייערע קולות. די גרויע פלעמלעך פון די ליכט אין די שבתדיקע לייכטער, די טיפע ווינקלען פון פאָדער־הויז, אָנגענומענע מיט שווערע ריחות און מיט פחד — האָבן געקוקט אף די וויינערקעס מיט מאכטלאָזער אויסגעלאָשנקייט, ווי די אויגן פון אבלים...

אידן זיינען געשטאַנען באַ די ווענט, שטיל געזאָגט תהילים און פאַרטאָן געווען אין טיפער זאָרג. דער סלעדאָוואטעל איז אריינגעקומען אין אַ ווייסן, טייערן אנצוג מיט א פאנאמא הוט און מיט ברילן אין גאָלדענע רעמלעך אף דער לאנגער, שמאָלער נאָז. ער האָט מיטגעבראכט א שארפן ריח פון נייניציקער בראָנפן מיט טייערן פערפום. פויערטעס האָבן געבויגן די קעפ, אים כבוד אָפּגעגעבן. ער האָט אויפגעהויבן צו זיי די בלאָנדע, שיטערע באַקן־בערדלעך, די קאלטע, גלאַנציקע שמאָלע אויגן.

איוואַנצע, דער קרומער סאָצקי, מיט דער בלויער בראָנפנדיקער נאָז און מיט די ברייטע, ווייסע פלודערן אין די געלע, הויכע כאָליעוועס, אין די שווערע, יוכטענע שטיוול, האָט אָוועקגעלייגט אפן טיש באַ דער דרויסנדיקער טיר אַ שווערע, לעדערנע טעקע און אַ גראָבן בוך. אַן אויסגעצויגענער מיט די צונויפגענומענע אָפּצאַסן און מיט א האנט באַם שטערן — געווארט אפן באפעל פון דער גערעכטיקייט.

אין דעם איז פעטרושין ווי אַ בארג מיט רויך אריינגעפאלן אין פאָדער־הויז. פויערטעס האָבן זיך ראפּטאָם אראָפּגעלאָזט אף די קני, געקושט דעם זוים פון זיין ברייטער רויטער זיידענער זשיפּיצע און זיך עטלעכע מאָל איבערגעצלמט. אין דבורהן, וואָס איז געזעסן צוקאָפּנס די קדושים, און מיט קיין אויג קיין פינטל נישט געטאָן — האָט דאָס בלוט אַ ציטער געטאָן. מעכאניש אויפגעהויבן אַ ווייז־פינגער, און די אויגן, ווי צוויי נעגליווערטע טרערן, די ווייסע, בלוטלאָזע ליפּן האָבן זיך צעקרימט:

— ארויס פון דאַנען... דו מערדער!..

שרעק האָט זיך געריסן פון ברייטע, פויערישע בליקן, אומגלויבן. דער הייליקער האָט זיך אַ צעוויג געטאָן און די רויטע בוימלדיקע אייגעלעך זיינען שטעקן געבליבן אפן סלעדאָוואטעל:

— אין נאָמען פון געקרייציקטן, אין נאָמען פון צאַר באַטיושקאַ, שטיי איך צו אייער דינסט... די פויערים וועלן קראַנק ווערן — האָט זיך דער רויטער מיץ אפן קאָפּ צעשאָקלט — שוין דריי מעת־לעת, אַז זיי זאַפּן אין זיך איין דעם שלעכטן ריח...

אידן און ווייבער האָבן אים אָנגעקוקט, און דאָס וויינען מיטן תהילים זאָגן איז געוואָרן טיפער און מאָנענדיקער. דבורה האָט ווידער אַ זאָג געטאָן:

— נעמט אים, הער סלעדאָוואטעל, ער איז דער מערדער...

פיקעס האָט זיך פון ווינקל אַרויסגערוקט און אַריינגעהעשעט אין די הענט:

— פול מיט זינד איז נאַטס ערד. ברידערלעך, פויערימלעך, טוט תשובה...

יענע טעג האָבן זיך ווי מיט פייער און מיט בלוט אין דבורהס האַרץ איינגעשניטן. אויסגעהאַמערט אין איר אַן איבערמענטשלעכן אומצוטרוי צו אַלץ וואָס איז נישט אידיש. אין איר גערבראַכנקייט געזוכט טרייסט. די האַנט פון גערעכטיקייט וועט זיך אַראָפּלאָזן איבער די קינס... זי האָט ליב באַקומען די ערד, אין וועלכער ס'רוען אירע טייערסטע, איניינעם מיט איר פרייד.

יענער זומער האָט זיך אויך אין פויערישע הערצער איינגעקריצט. די טעג האָבן זיך געשטעלט הייסע, ווי די קאַלך־אויוונס. די זון אַ שאַרפע, אַ בלוטדורשטיקע, האָט געשרפעט. די צייטיקע פרוכטן, באַזעצטע מיט אַלערליי ווערימלעך האָבן זיך געשיט פון די ביימער, געשפּרייט איבערן דאָרף אַ הייסע פאַרע, אַן אָנגענומענע מיט זויערע ריחות פון שימל און מיט ווערימדיקער צעפוילטקייט. פויערים אַף די פעלדער זיינען געווען צעמישט און געקרעכצט ווי געבונדענע, געקוקט מיט חושכדיקע בליקן אין דער פאַרברענטער, נישט אויסגעצייטיקטער תבואה. זיי האָבן זיך דערציילט אַלערליי מעשיות פון שידים, וואָס גייען אום איבערן דאָרף פאַרשטעלטע ווי קליינע פליגעלעך און זיי בייסן... אַפילו די שאָף מיט די רינדער, וואָס ווערן געשוואָלן און פגרן... זיי האָבן געגאָסן סקאַרבאַלוואַסער אין די שטיבער און אַרום די ברונימער, אַרויסגעטראָגן פון די כאַטעס די אַלטע שטרויענע מאַטראַצן, זיי געוואַשן און געריבן מיט זאַמד און פון אַ גוט אויג אָפּגעשפּראָכן. ווען דאָס אַלץ האָט נישט געהאָלפן, איז מען געלאָפן נאָך עצות און נאָך רפואות צו די אידישע שכנים...

אידן האָבן זייערע אייגענע צרות געהאַט: אַרויסגעשיקט אין די ווייטע שטעטלעך די ווייבער מיט די קינדער און אַליין אויך געלאָפן צום פעלדשער נאָך רפואות. קיינער האָט נישט געוואוסט די אורזאַך פון דער מגפה. אויך אייניקע עלטערע אידן מיט ווייבער זיינען געביסן געוואָרן פון די פליגעלעך און געשטאָרבן. די קלויסטער־גלעקער האָבן געהאַמערט, געוואָיעט ווי האַלב־דערוואָרגענע וועלף; דאָס ברומעריי האָט זיך צעריסן אין די הימלען, זיי איינצוברעכן און אַף כוח אַרויסצורייסן אַ רפואה צו די פאַרצווייפלטע פויערים, וואָס האָבן דעם קלויסטער באַלאַגערט.

אַלטע לייט און קליינע קינדער, געלע און געשוואָלענע מיט אויסגעפייניקטע אברים, האָט מען אַהין געבראַכט אַף שטופּ־וועגעלעך, געוואַרט שעהן לאַנג אָפּן הייליקנס ברכה, אַף אַ טרייסט־וואָרט, אים געבראַכט אַ פעטע הון, אַ גענדזל, אַביסל האָבער און דאָס לעצטע ביסל קעז מיט פּוטער.

אין אַ שבת פאַרנאַכט זײַנען בײדע חברטעס געזעסן הינטער דער מיל און שטיל געזאָגט „גאָט פֿון אַברהם“. שבתדיקע פאַרטראַכטקייט האָט גערוט אויף די שפּיצן פֿון די בײמער און אַ געצוימטער אידישער קרעכץ... אין דבורהס בליקן האָט גערוט אַ הייליקע שטומקייט, יענער ליטערער טרויער, ווי אַנגענומענער מיט בטחון, ווי אין די פֿרומע אויגן פֿון די טעכטער פֿון ציון נאָכן חורבן פֿון בית המקדש...

אַרום טאָל, אין די שייבעלעך פֿון קלײנע פֿויערישע פֿענצטערלעך האָבן רחמנותדיק געטאַנצט געדעמפּטע רויטע און בלויע פֿלעמלעך און גרויסע קאָלירלאָזע פֿליגן האָבן זיך ווײכערדיק געדרייט אַרום די אײַוועלעך אין דרויסן, געשפּרונגען צווישן די גרויסע ערדענע טעפּ. זום...

— גל...ן! גלאַאן!... גלאַהאַאן! — האָבן די קלויסטער־גלאָקן פּחדיק אַ רעווע געטאָן, געהאַמערט מיט רציחה. פֿון שרעק זײַנען די עופֿות פֿון די באַנטעס געשפּרונגען, שטײן געבליבן אויף די שטײף געוואָרענע פֿליגל און געקוואַקעט: קו־קו־קו... בראַשקע, דער אַלטער שטוב־הונט, וואָס האָט אַ צונויפֿגעקנוידערטער געדרימלט לעבן דבורהס פֿיס, האָט זיך אַ שטעל געטאָן אויף די פֿיס, פֿאַריסן דעם פּיסק און אַרײַנגעיאָמערט אין דער בלויער הימלישער שטומקייט...

— דוואָרקאַ, האַרנטע מײַנע, גיכער, גיכער, אַהער־קום... — האָט דער אַלטער פּיקעס דעם שניי־ווײַסן טשובערנאַטן קאָפּ פֿון בוידעם־שטיבל אַרויסגעשטעלט — גאָט האָט ווידער צוגענומען דעם זינען בײַ די שטערבלעכע...

דבורה האָט זיך קײן ריר נישט געטאָן. די באָבע צײַטל, אַ געהויקערטע און אַ שוואַכע און אויך די מומע שפּרינצע, דעם טאַטנס אַ שוועסטער, וואָס איז פֿון קיעוו געקומען, איז צו זײ צוגעקומען. די הויכע, בלאָנדע פּריזור, אַ באַשטעקטע מיט געלע קעמעלעך און מיט אַ ציטערשפּילקע, דאָס פֿאַרפּודערטע גוידערל — אַלץ אין איר האָט געציטערט פֿון צאָרן:

— קום פֿון דאַנען, דו עקשנטע... די רוצחים זײַנען שוין ווידער משוגע.... דער פֿינצטערער פּאָפּ שווײַגט נישט!

דבורה האָט אויפֿגעהויבן צו איר די בליקן, רואיק און שטיל אָפּגעענטפֿערט:

— די קדושים, מומע, מיען זיך פֿאַר אונדזערטוועגן... נאָר פֿאַר גאָט האָב איך איצט מורא...

די מומע האָט זיך געבראָכן די פֿינגער פֿון די הענט און די שרעק האָט זיך געריסן פֿון די וויינענדיקע אויגן:

— איך וועל אָוועקשרײַבן דײַנע ברידער אין פּריזיוו... זײ דינען דאָך דעם קיסר, ווײ איז צו אונדז... — זיך צעוויינט אויפֿן הויכן קול — גענוג האָט מען אונדז דאָ געשאָכטן, גענוג!..

— די קדושים, מומע, ריידן צו מיר באַטאָג און באַנאַכט... הייסן נישט אַנטלויפֿן פֿאַרן שונא־ישראל... דאָס אַלץ איז אונדזערס! — אַ

צעפיר געטאָן מיט די הענט און געוויזן אַפן גאָרטן מיט דער שטוב — דאָ וועל איך בלייבן.

די באָבע האָט אַרויפגעלייגט די ציטערדיקע הענט אַפן אייניקלס קאָפּ און ציטערדיק געזאָגט:

— אַ אידישע טאָכטער, דבורהלע, מוז האָבן בטחון... צו אונדזערע יסורים וועט אויך אַמאָל אַ סוף נעמען... דער וואָס אייביק לעבט, וועט צונעמען דעם כוח, די שלעכטס, בא עשון...

מחנהס פויערטעס, טרוקענע, מיט אויסגעלאָשענע אויגן, האָבן זיך פון קעגנאיבערדיקן בערגל אַראָפּגעשיט.

אַן אַלטע פויערטע, אַ קליינע און אַ דאַרע, האָט זיך געשטעלט אַף די שפּיץ פינגער און פאַרצווייפלט געשריגן:

— גיי, דוואָרקאַ, צו דיין ראַבין, הייס איך דיך!... זאָל ער אים באַפעלן צוצונעמען דעם טייוול... דאָס פּליגעלע...

אַן אַלטער פויער מיט אַ ברייט, ציינלאָז מויל, ווי אַ שוואַרצער מויזן־לאָך, האָט געוויינט:

— רחמנות, זשידקעלעך... רחמנות. דריי אייניקלעך בא מיר גע־שטאָרבן. וויי־וויי!..

— טוט אָפּ פון אונדז דעם טייוול, פּאַניעס — הייבן זיך פויסטן מיט בייטשן. ווערסטו נישט פּאָלגן, וועלן מיר אונטערצונדן די שטוב. אונטערצינדן דעם טייוול, וואָס ליגט בא דיר אין קיך הינטערן אויוון...

דער אַלטער פּיקעס יאָמערט, שרייט אין אָפּענעם פענצטערל פון זיין בוידעם־שטיבל אַף דער מיל:

— רחמנות, ברידערלעך... טוט תשובה... ביטער און פינצטער איז אייער דאָליע.

אין דעם האָט זיך דער אַלטער גלאָקנציער מיט די קרומע טרוקענע פיס, ווי צוויי רייפן אַ שטעל געטאָן צווישן די צעוויגטע ברומענדיקע גלעקער, זיך געריסן פון די כלים, געשריגן מיט אַ וויינענדיקער הייזע־ריקייט:

— ברידערלעך, פויערימלעך... תפילה טאָן דאַרף מען... דער אַל־מעכטיקער האָט אַרויפגענומען צו זיך די ליכטיקייט... די נשמה פון הייליקן פּעטרושיק...

---

קאַפּיטל 9

## ווען די מלכים פון דער ערד הייבן זיך אויף...

געוווען איז דאָס אין אַ קאַלטן ווינטערדיקן טאָג. אַ בלויע פאַר־ביסענע שטומקייט האָט ענגקלאַמערט אינעם דאָרף; אים געשטיקט און געוואָרגן ווי צווישן אייזערנע קלאַמערן. אַ בלייכע ווינטערדיקע זון האָט

קאַלט געשניטן די בלישטשענדיקע שניי־בערג אַרום דער מיל און אַרום קלויסטערל.

אויף שליאַך האָבן געשפּאַנט מחנות פּויערים און פּויערטעס אין סאַל־דאַטסקע שינעלן מיט ווייסע פּאַפּאַכעס אויף די קעפּ און מיט ביקסן אויף די פּלייצעס. געוואָיעט, ווי ווילדע אויסגעהונגערטע וועלף, וואָס לויפן פון די פּוסטע וועלדער צו זוכן זייער שפּייז צווישן די דאָרפס־לייט...

דבורה איז געשטאַנען באַם שטיינערנעם פּלויטל, די הענט אין די קעשענעס פון לאַנגן פּעלץ און אויפגעכאַפּט יעדן אומגעוויינלעכן שאָרך פון די פּויערים אַרום טאָל... אַ שניידיקער ווינט מיט שווערע ווייס־בלויע פלאַכטעס שניי האָט זיך דאָרטן אויפגעהויבן, געריסן דעם שפּיציקן שאַל אויפן קאָפּ, געברומט און געוואָרנט: סע איז 1919, היט דיך, דבורה... די מלכים פון דער ערד זיינען אויפגעשטאַנען...

אַ קאַלטער ווינט האָט געשניטן אין מאַרך. די פיס האָבן זיך אַ טראָג געטאָן צוריק צו דער שטוב. די אַלטע שרעק האָט ווידער אויפגעטויכט. זינט יענער מגפה איז דבורה געוואָרן רואיק. פּויערים האָבן מער קיין פּאָגראָמען נישט געמאַכט. זיי האָבן געוואָלט נושא־חן זיין באַם בייזן, אידישן גאָט און שלום געמאַכט מיט זיינע קינדער... אַראָפּגענומען די שבתדיקע לייכטער פון טיש און איינגעהייצט די הרובע. הנאה געהאַט פון אידישן צימעס פון פּאַסאָליעס, אָדער מערן. געלעקט די פינגער פון זיסן לאָקשענעם קוגל. אידן האָבן געדאַנקט גאָט פאַר זיין חסד און מיט אַלע כוחות געזוכט צו פאַרגעסן אין די עוולהם פון פּויערים, שכנים. זיי ווידער איינגעלאַדן אויף חתונות און אויף בריתן און אויך אויף גויעשע שמחות געגאַנגען.

נאָר דבורה האָט זיי ווידער נישט געגלויבט. זי איז אַריינגעקומען אין פאָדער־הויז, אַ קוק געטאָן אויף די אידן מיט די ווייבער, וואָס זיינען אויף לאַנגע בענק אַרום די ווענט געזעסן און זייער שטיל אויסגערופן:

— אויפן שליאַך איז אַ באַוועגונג... פּויערים פון די נאָענטע דערפער קומען.

— גאָט איז מיט אונדז, האָט ראובן דער מאַן אירער, זיך אָנגערופן די פּויערים זיינען צו אונדז פריינטלעך... זיי וועלן מורא האָבן צו קומען אַהער..

חנהלע דער שווארצערס טאַטע, דער איינציקער זקן פון אַלטן, אויס־געשטאָרבענעם דור, האָט זיך אַרויסגערוקט פון ווינקל און געבראָכן די פינגער פון די הענט, קוקנדיק אויף ראובנען

— גלייב זיי נישט, מיין זון — האָט דאָס קול זיינס געציטערט — די רוצחים ווילדעוועןּ... קין איז שכור פון בלוט... ער האָט ווידער אויפ־געהויבן דעם האַק איבער זיין ברודער... גאַנץ אוקריינע איז איינגעטונקען אין אונדזער בלוט מיט די טרערן.

חנהלע די שווארצע, אַנגעטאָן אין א שווארץ פארטוך, אַן אויסדרוק פון טרויער נאָך אירע צוויי זין, וואָס זיינען אין דער מלחמה אומגעקומען, האָט געזיפצט:

— גאָט, זיי דיך מרחם...

די טיר האָט זיך אַ צעפראַל געטאָן און חיה־זעלדע די מעקלערן, איז אַריין, מיטגעבראַכט איר אימפעט און אַ קאלטן ווינט. אַ הויכע און אַ ברייטע מיט קיילעכיק גאָלדענע רייפן אין די אויגן און מיט שטארקע מענערישע הענט און פיס, די שפיצן פונעם גראָבן וואָלענעם שאַל אַף הינטן פארבונדן.

— קרעכץ נישט און אויקע נישט, חנהלע — געשפּאנט אַהין און צוריק — מיט טרערן און מיט גלויבן וועלן מיר די מערדער נישט פאר־טרייבן! די ווייבער מיט די מיידלעך דארפן דאָ נישט זיצן... גייט באַ־האלט אייך אוים אין די שפייכלערס הינטער די זעק מיט תבואה. און מיר, די מאנסבילן — אריינגעטאָן איין האנט אין דער אנדערער — וועלן בלייבן דאָ...

באפעל איז געווען אין איר קול. מענערישע גבורה. זי האָט געהאט א שם נישט נאָר אין איר דאָרף, נאָר אויך אין די אַרומיקע דערפער און שטעטלעך, וואוהין זי פלעגט קומען אין די מארק־טעג מיט אַביסל צעל־ניק אין איר אייזערן קליין וועגעלע. האָט קיינעם נישט פארשוויגן קיין אַנצוהערעניש... און געפּאטשט יעדן גוי, וואָס האָט זיך געוויצלט איבער אַ אידענעם שוואכקייט... פויערים און אידן פלעגן שמייכלען און טענהן צווישן זיך: ווען אַ מאנסביל כאפּט אין דער מאָרדע פון א אידענע אַ ברען, א בריינדל קאָזאק — האָט ער דאָס כשר פארדינט... קיינער דאַרף זיך זיין קריוודע נישט אָננעמען...

היימישע דאָרפס־פויערים האָבן זי געהאלטן פאר אַן אייגענע און אַ גרויסע מבנטע אַף אַלץ. געבראַכט צו איר די קינדער מיט די פארוואָר־לאָזטע קעפּלעך, זי האָט זיי געצוואָגן, געשמירט מיט היימישע זאלבן פון פוטער מיט קוועקזילבער און אָפּגעראטעוועט פון די מאות לייז, וואָס האָבן זיך דאָרט געמערט... און געמאכט אלערליי שמירעכצער פאר די פּנימער פון יונגע פויערטעס און זיך געמישט אין זייערע ליבעס. אי־בערגעבעטן צעקריגטע חתן־כלה און אמאָל אויך דערלאנגט איינעם מיט א בייטש איבערן קאָפּ, ווייל ער האָט זיין מיידל אויסגעפּאטשט... שפּע־טער, ווען ער האָט זיך פארענטפערט און טויזנט מאָל געשוואוירן צו זיין שטיל ווי אַ טויב, און פארליבט — ווי „ראָמעאָ", האָט זי אים מוחל געווען און דערלאנגט אַ שאָליק ניינציקער בראָנפן...

זי האָט אויך געלערנט די יונגע פויערטעס נישט צו זיין נאָכגיביק מיט די מענער. און אַף די יום טובים זייערע — אוועק אויסבאקן אי־דישע קוילִיטשן מיט זאַפראַן און מיט פוטער. זיי אויך געלערנט זייערן אַרבוזעס מיט קרויט און מאכן המן־טאשן און פירישקעס מיט וויינשל. חיה־זעלדע האָט קיין אייגענע קינדער נישט געהאט. דער מאן אירער,

וואָס איז דערהרגעט געוואָרן אין דער מלחמה, האָט געציטערט פאַר אירן א וואָרט. געגלויבט אין אירע כוחות. טאָג מיט נאַכט געזעסן איבער דער גמרא און חיה־זעלדע האָט אים באַדינט און ליב געהאַט ווי אַ קינד.

אויך רחלען, דבורהס עלטסטע טאָכטער, האָט זי ליב געהאַט, ווי אַן אייגענע. דבורה האָט די ערשטע קינדער אויסטראָגן נישט געקענט. האָט חיה־זעלדע איינגעלייגט וועלטן. איר געבראַכט פון די ירידן פאַרשידענע גראָזן און סגולהס, געפאָרן מיט איר אין די ווייטע שטעט צו באַרימטע צדיקים און אויך צו דאָקטוירים, און אפן רבינס עצה — אַ נאָמען געגעבן דער ערשטער טאָכטער — נאָך דער אידישער מוטער רחל, כדי דאָס שלעכטע זאָל איבער איר קיין שליטה נישט האָבן.

— רחל, רחלע! — אַ רוף געטאָן מיט אַ גראָב מענעריש קול — גיי אַהער!

עס האָט זיך געעפנט די שטוביקע טיר און רחל איז צו זיי אַריינגעקומען, אַ מיטלוואוקסיקע, אַ רונדע מיט שוואַרצע טיפע אויגן, אָנגענומענע מיט טרוים און מיט חכמה, מיט טויזנט חנען און סודות פון אירע גליקלעכע חדשים. חיה־זעלדע האָט זי אָפּגעמאָסטן מיט געטרייע, הערשערישע בליקן, און די פרייד האָט אין איר אַ שאָל געטאָן: רחל איז אין זיבעטן חודש. זי וועט געבוירן אַ זכר... ווי שיין סע פּאַסט איר די מאַמעשע פאַרנעמענקייט...

דו רחלע, וועסט צולויפן מיט מיר צום אַלטן שוסטער, צו גרישא דעם קרומען, ער וויל דו זאָלסט זיין בא אים אַ פּאָר טעג ביז די רוצחים וועלן פאַרלאָזן דאָס דאָרף...

רחל האָט אַרומגענומען אַרום זיך די פּאָלעס פון לאַנגן, ברוינעם פּעלץ און אַ שווערער אומעט האָט זיך אויסגעלייגט אַרום די פרישע גרעבלעכע קנאָספּן ליפּן, אַרום די שווערע, געדיכטע ברעמען:

— רעד נישט אַזוי חיה־זעלדע! — באַהאַרצט אַ זאָג געטאָן — איך בין דאָ נישט די איינציקע אידישע טאָכטער... וואָס עס וועט זיין מיט אייך אַלע, וועט אויך מיט מיר זיין... די פויערים — שוין רואיקער צוגעגעבן, אונדזערע שכינים, זיינען אונדזערע פריינט... זיי וועלן קיינעם פון די מערדער נישט צולאָזן אַהער...

אַריינגעקומען איז יאָסל. אַלעמענס אויגן, אָנגענומענע מיט דערלייכטערונג, זיינען הענגען געבליבן אַף אים. ער איז נעכטן אַהיימגעקומען פון פּאָלק און מיט דריי טעג שפּעטער מוז ער פאָרן צוריק. דאָ איז דער דאָרף פול מיט פּעטליורעס מערדער. דער שינעל מיט די רויטע עפּאָלעטן, די דריי מעדאַלן אַף דער אַרויסגעשטעלטער ברוסט, זיין געשטרעקטע זיכערקייט, האָט רחלען באַרואיקט. זי האָט אָפּגעאָטעמט פרייער:

— וואָס הערט זיך אין דאָרף?...

ער האָט נישט געענטפערט, נאָר אַראָפּגענומען די ביקס פון די פּלייצעס און זי הינטער דער ברייטער טיר אַוועקגעשטעלט. זיך צו דבורהס צוויי אינגלעך געווענדט:

— קומט קינדער מיט מיר... איך האָב צוויי נייע רעוואָלווערן אין מיין מלבושים־קעסטל... איר מוזט לערנען קענען שיסן!

דודל, דער עלטסטער, פון א יאָר פערצן, אַ הויכער און אַ ברייטער, מילך־ווייסע אויגן און מיט ראָזע פּוּקע באקן פון א געזונטער פּויערטע, די שווארצע, געקרייזלטע פּאותלעך, וואָס האָבן פון דער קוטשמע אראָפּ־געקוקט, דער לאַנגער ברייטער פּעלץ און די הויכע שטיוול — האָבן אים צוגעגעבן אַ מער באַיאָרנטן אויסזען. ער ט'זיך אויסגעגלייכט און גע־קוקט צו דער מאמען. זיין ברודערל, דער צוועלף יאָריקער שלמה, א שמאָלער און אַ הויכער, מיט אַ ווייס לענגלעך פּנים און מיט אַן אָדלער־נאָז — ער האָט די קויל־שווארצע אויגן צו דער מאמען געווענדט. זי האָט זיי דאָך פון קינדווייז אָן פּארזיכערט, אז קיין שום שלעכטס וועט מיט זיי נישט געשען, ווייל דער הייליקער צדיק האָט זיי געהייסן א נאָמען געבן נאָך דוד המלך מיט זיין קלוגן זון שלמה.

דבורה האָט מיט אַ פרום קול אָנגעהויבן זאָגן תהילים און די ערה האָט איר נאָכגעזאָגט:

— „האר, מיין גאָט, אין דיר באשיץ איך מיך. ראטעווע מיך גאָט פון די אלע, וואָס יאָגן מיך נאָך. זיי מיך מציל, אז ער זאָל ניט צערייסן מיין נפש ווי א לייב. גאָט — אויב ס'איז פאראן אומרעכט אין מיינע הענט, אויב איך בין שלעכטס באגאנגען צו דעם, וואָס האָט מיר גוטס געטאָן, אַזוי זאָל דער שונא מיין נפש צערייסן. גאָט, איך האָב מציל געווען דעם, וואָס איז אומזיסט מיין באדריקער געווען..."

— „שטעל אָפּ גאָט שוין דיין צאָרן — האָט דעם אלטן באָדנערס שטים מעכטיק געשאלט — דערוועק דיך פאר מיר צום משפט, וואָס דו האָסט געבאָטן. גאָט, זאָל דאָס שלעכטס פון די רוצחים אויפהערן. גאָט, מאך דעם צדיק פעסט..."

עטלעכע רעוואָלווער־קוילן האָבן זיך אריינגעריסן דורך דער טיר. פרויען האָבן אָנגעהויבן לויפן אפן בוידעם. חנהלע די שווארצע, איז באַ דער שוועל פון דער הינטער־טיר געטראָפן געוואָרן פון אַ קויל און אומ־געפאלן. אַלע טירן מיט די פענצטער זיינען אויגנבליקלעך אויפגעריסן גע־וואָרן. צענדליקער סאָלדאטן און היימישע פּויערים און פּויערטעס, באַ־וואָפנט מיט העק און מיט ביקסן, האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אין פאָדער־הויז. יאָסל האָט אַ כאַפּ געטאָן די ביקס און אָנגעהויבן שיסן. א־א, הא־הא!... — זיינען זיך פּויערטעס צעפלויגן איבערן הויף, געוואָיעקט ווי הונגעריקע שאקאלן, פון וועעמנס שנאָבלען מען רייסט אַרויס די ערשט פארצוקטע עופות. אנטלויפט, ברידערלעך, די זשידעס לאָזן זיך נישט אויסקוילען — הא, הא, או, אוי, אוי!...

חיה־זעלדע האָט זיך אָוועקגעשטעלט פאר רחלען און געפּאָכעט מיט דער אייזערנער פרענטע איבער פּויערישע קעפּ, וואָס האָבן זיך אַריינגע־ריסן אַהין.

— אוועק פון דאנען, מערדער! אויסוואורפן! אוועק זאָג איך אייך!...

נאָר דבורה איז געווען פארחלשט. די שרעק האָט געליימט אירע געהירן. זי האָט געקוקט מיט ברייטע בליקן און אינסטינקטיוו, מיט ביידע הענט ארונטערגעצויגן די קינדער הינטער זיך... סאָלדאטן זיינען ווי מאכנעס רויב־פייגל אנגעלאָפן. איינער האָט א פּאָכע געטאָן מיט א לאנגער שווערד פאר אירע אויגן, און געקייכט מיט א ברייטן, ציינלאָזן פיסק, ווי א שווארצער, נאסער מויזן־לאָך. מיט דער שווערד, זשידקעלעך, האָב איך טויזנטער זשידעס אויסגעקוילעט... אין נעמיראָוו, אין פּראָסקוראָוו, אין פּאָדאָליע, אך!..

די טיפע, פינצטערע קארבן אונטער די רויטע, געצונדענע אויגן און ארום די נאסע צעגאוווערטע, בלויע מעסערדיקע ליפּן, די שווערע ווייסע, צעוויגטע פּאַפּאַכע אויפן פּלאטשיקן קאָפּ, זיין אויסגעדארטער, לאנגער גוף מיט די צוויי אויפגעשפּאָלטענע פּיס ביז צום גארטל — האָט אָנגעווייעט מיט גרויל און מיט ריחות פון אָפענע קברים...

חיה־זעלדע און ראובן האָבן זיך געראנגלט מיט פויערים, וואָס האָבן געוואָלט ארויף אויפן בוידעם. די ווייסע פּאַפּאַכע מיט די בלוטיקע צערייצטע אויגן, האָט א נעם געטאָן פאר דער באָרד דעם אלטן באָדנער און אים ארויסגעשלעפּט אויפן שנײ, אים צו דער וואנט צוגעשפּארט און באַפוילן:

— ווייז מיר א נס, ראַבין, רוף מיר ארויס פון גן־עדן איינעם פון די טויטע זשידעס, וואָס מיין שווערד האָט אויסגעקאָסעט, וועל איך דיר שענקען א קערבל אויף טאַבאַקע, וועל דיר שענקען דאָס לעבן...

דער אלטער, א צונויפגעקאָרטשעטער אין דער אויסגעריבענער, שווארצער קאפּאָטע, האָט אויפגעהויבן די אויגן צום הימל, פרומע און באַצערטע, און דורך טויטע, ציטערדיקע ליפּן, אָנגעהויבן זאָגן תהילים:

— גאָט, די מלכים פון דער ערד שטעלן זיך אויף; לאָז אונדז צערייסן די בענדער זייערע און אוועקוואַרפן פון אונדז זייערע שטריק... אָ, גאָט, וויפל זיינען מיינע באַדריקער, וואָס שטייען קעגן מיר!..

די צוויי לאנגע פּיס, ווי שטעקנס, האָבן א שפּרונג געטאָן אויף צוריק. די פּאַפּאַכע האָט זיך אויסגעצויגן אויף פּאָרויס און די בלענדיקע לאנגע שווערד האָט איבערגעשניטן די פראָסטיקע לופט און זיך מיט האסטיקייט, מיט רציחה, ארייגעשטאָכן אין אלטנס הארץ. די פּאַפּאַכע איז געוואָרן נאָך לענגער און פלינקער. אויפגעהויבן די שווערד מיטן אלטן, זיינע טרוקענע הענט און פּיס, קינדיש קליינע, די שניי־ווייסע באָרד און די פּאָלעס פון שווארצן קאפּאָטקעלע, האָבן אומעכטיק געפלאַטערט איבערן גזלנס קאָפּ און רויטע טראָפּנס בלוט זיינען אויף זיין פּנים געפאלן...

די פּאַפּאַכע, מיט די מעדאלן אויף דער איינגעפאלענער ברוסט, האָט געמאכט ווילדע אומקרייזן, געטאָפּטשעט מיט די שטיוול אויפן פארבלוטיקטן שניי און ארויסגעסאַפּעט א געזאנג: איר זשידקעלעך, מאשעניקלעך, האָט פארקויפט דעם צאר, פארקויפט דעם באַטיושקא און די מאַ־

מושקא ראָסיאַ, צו די גערמאַנצעס, באָלשעוויקעס! מיר, ברידערלעך, ווייס־גוואַרדייעלעך — מיר לויבן גאָט, ליבן מאַטושקא ראָסיאַ, מיר וועלן אויסקוילען די זשידקעס...

— אויסקוילען, אויסקוילען! — האָבן צעפלאַמטע פּויערישע פּנימער און פינקלדיקע בליקן אָפּגעענטפערט און שווערע הענט, ווי קלעצער, האָבן צוגעפּאַטשט.

— איצט, ברידערלעך, צום לויב פון פּאַטער'ל באַגדאַן כמעלניצקי, פון פּעטליורא און קאַלטשאַק — עס קאָכט דאָס בלוט אין זייערע הערצ־לעך — עס קאָכט די ליבע צו מאַטושקא ראָסיאַ!

— עס קאָכט די ליבע צו מאַטושקא ראָסיאַ! — האָבן פּויערים גע־שפּרונגען און געטאַנצט אַרום אים.

דבורה האָט אַ געשריי געטאָן. עפּעס אין איר האָט זיך איינגעבראָכן, און די פיס האָבן זי אַרויסגעטראָגן. אַ יונגער פּויער האָט זי אַ כאַפּ געטאָן פאַר ביידע הענט און אַ פּויערטע האָט מיטן הענטל פון רעוואָלווער גע־האַמערט איבער דבורהס געזונקענעם קאָפּ. זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַפן שניי.

פאַרנאַכט איז דער הויף איינגעהילט געווען אין טונקל־רויטע וואָלקנס, דורכגעוועבטע מיט בלויע און גרינע פייער־פונקען, וועלכע האָבן זיך געשיט ווייט און ברייט איבער די טונקל־געוואָרענע שניי־בערג. פון בארג, הינטער דער שטוב, האָט זיך אין איילעניש אַראָפּגעגליטשט אַ יונגער פּויער, מיטגעשלעפּט ראובנס פּוטערנעם טולופּ און דעם גרויסן וואַנט־זייגער. דעם נייעם פּעלץ ראובנס מיט די שטיוול... אַ שוואַרץ געקנאַקעריי מיט די לעצטע שטיקער געהילצן, מיט די קראָקוועס פון די איינגעפאַלענע סטעליעס, איז אים נאָכגעלאָפן אין איינעם מיט רויטע פייערצונגען...

דער שטוב־הונט, וועמען פּויערים האָבן אײַנײַנעם מיטן האָב און גוטס צונג אַ פאַרסאַפּעטער אַרויפגעלאָפן דעם בארג, געניוכעט מיט דער נאָז, און וויינענדיק געשפּרונגען פון ווינקל צו ווינקל. ער איז שטיין געבליבן לעבן דבורהן און מיט די נעגל פון די פּעדערשטע לאַפּעס, געריסן אירע קאַלטע הענט, דעם געגליווערטן קאָפּ, באַלד אויפגעהויבן די מאָרדע און האָרצרייסנדיק אַרײַנגעוואָיעט אין דער הימלישער שריפה.

דבורה האָט אַ קרעכץ געטאָן, די ווייטיקן אין קאָפּ זײַנען געוואָרן שאַרף, ווי מען וואָלט אים הייסע נאָדלען אַרײַנגעשטאָכן. די רויטע פייער־פּאַסמעס, אָנגענומענע מיט רויך, האָבן געשמיסן איר פּנים און געשטיקט דעם אָטעם.

אָנגעלאָפן איז היה־זעלדע אַ צעחושטע, מיט שרעק אין די אויגן און מיט טרוקענע בלוט־שטראָמען אַפן אַלט־געוואָרענעם פינצטערן פּנים. זי איז צוגעפאַלן צו רחלען, וועלכע איז אַ גלייכע, אַן אויסגעצויגענע, לעבן דבורהן געלעגן און שוואַך געאָטעמט. זי האָט אַ כאַפּ געטאָן צוויי זשמעניעס מיט שניי און מיטן גאַנצן כוח אָנגעהויבן רייבן רחלס שלייפן און דעם האַלדז. רחל האָט אָנגעהויבן סאָפּען און דאָס טויטע פּנים האָט

זיך צעקרימט. זי האָט אויפגעמאַכט די אויגן, אָנגענומענע מיט איבער־מענטשלעכער שרעק און מיט אומצוטרוי, מיט פאַרשעמונג, רחמנות און צעפּעסטעטקייט האָט אויפגעציטערט אַרום די טרוקענע ליפּן, געבעט. אַ לייכטע, ראָזע פאַרב האָט אַרויסגעשלאָגן אױף די באַקן.

חיה־זעלדע האָט זי געפּרואווט אויפהייבן און אַ שמאָל, געגליווערט ריטשקעלע בלוט האָט זיך געטראָגן אונטערן קאָפּ. רחל האָט אַ קרעכץ געטאָן, זיך איינגעקאָרטשעט און מיט ביידע הענט אָנגעכאַפּט דער מע־קלערנס זוים פון פּעלץ, באַלד זיך ווידער אויסגעצויגן. די אויגן זיינען געשפּרונגען פון קאָפּ, און אַ קאַלטער שווייס האָט באַדעקט איר פּנים מיט די הענט. אין רחלס לעצטן, טיפן זיפץ איז אויפגעגאַנגען דאָס פּישטשען פון אַן ערשט־געבוירן נפשל.

אומרו און אחריות האָט געשרפּעט אין פיה־זעלדען. אירע הענט זיינען געוואָרן לייכט און געשיקט. זי האָט גיך אָפּגעריסן אַ שטיק פון רחלס אונטערקלייד און מיט די שטאַרקע, געזונטע ציין, ווי אַ חיה, אָנט־בונדן דאָס נפשל פון דער טויטער מאַמע. אַראָפּגעכאַפּט פון זיך דעם שאַל און איינגעוויקלט דאָס קינד. צוגעפאַלן מיטן פּנים צו רחלס פּנים און זיך באַלד אויסגעגלייכט. אַ דורכגענומענע מיט געוויין און מיט ווייטיק, איר די אויגן־דעקלעך צוגעמאַכט; אַריבערגעצויגן דעם פּעלץ ביז איבערן קאָפּ און שווער געזיפצט:

— ברוך דיין אמת...

זי האָט אַריינגערוקט דאָס קינד צו זיך אונטערן ראָק און מיט אַלע כחות אָנגעהויבן צו לויפן צוריק אין דאָרף. די אַלטע פּראָסינאַ, דבורהס מעקלערן, איז איר אַנטקעגן געלאָפן, שטיל געהעשעט:

— גיי גיכער, כייקאַ, יאָסקע איז פאַרביי... די מערדער האָבן אים אָפּגעהאַקט אַ האַנט.. גרישקאַ האָט אַ פור, מען מוז שוין אין שטאָט פאָרן!..

חיה־זעלדע האָט איר געוויזן מיט די בליקן צו דער מיל און מען האָט זיך אַראָפּגעלאָזט פון באַרג. באַלד איז זי געקומען צוריק מיטן אַלטן קברותמאַן. אַ פּירקאַנטיקער איד מיט צוויי לאַנגע אויערן און מיט אַ געדיכטער ברוינער באָרד אַרום קיילעכיק פאַרהאַרטעוועטן פּנים. ביידע האָבן אויפגעהויבן רחלען און זי צום וועג אַראָפּגעטראָגן, זי אַריינגע־לייגט אין אַ פויערישן שליטן און זי מיט נאַסן שטרוי צוגעדעקט... זיי האָבן זיך ווידער אַפּן בערגל אויפגעהויבן. דבורהס מאַן איינגאַנצן אַ גאַקעטער, איז מיט צענומענע הענט און פּיס צום שטאַם פון אַ ברייטן בוים צוגעשלאָגן געווען. דאָס צעפּייניקטע פּנים, די שוואַרצע ברייטע באָרד, אויסגעדרייט אױף אַ זייט און באַדעקט מיט געפרוירענע בלוט־טראָפּנס. די מעקלערן איז געלעגן לעבן זיינע פיס, געיאָמערט און זיך געריסן די האָר פון קאָפּ.

— אָ! זיי האָבן אים ווידער געקרייציקט דעם דערלייזער!... פאַר־ניב, פּאָטערל, פאַרגיב... שגעון איז געווען אין איר קול. אַנטקעגן טאָטן

איז געשטאַנען שלומחקע, א פארשטעקטער אין א בארג שניי מיט א גרויסן, הילצערנעם צלם אין די צונויפגעבונדן אויפגעהויבענע הענט...

דודל איז צוגעשפּאַרט געווען צום שטיינערנעם פלויטל, אָנגעטאָן אין טאַטנס שוואַרצער, יום טובדיקער קאַפּאָטע. מיטן שוואַרצן קאַפּעליוש אָפן געזונקענעם קאָפּ. עלנט און קינדישע פּאַריתומטקייט האָט אַראָפּגעוויעט פון אים, דער וויטיק פון זיינע געפּייניקטע און דערנידעריקטע דורות.

סענדער, דער קבורותמאַן, האָט אַ טיפן זיפץ געטאָן. די טיפע קאַרבן אונטער די גרויע, אומעטיקע אויגן זיינען געוואָרן פינצטער. ער האָט מיט א וויינענדיק קול אָנגעהויבן זאָגן תהילים:

— „גאָט, אונדזערע זין וועלן זיין ווי די פלאַנצן... די טעכטער אונדזערע — ווי די ווינקל־שטיינער, וואָס זיינען אויסגעשניצט אין דער שטאָט פון דעם היכל. גאָט, די מלכים פון דער ערד שטעלן זיך אויף. לאָז אונדז צערייסן די בענדער זייערע און אוועקוואַרפן פון אונדז זייערע שטריק."

און אַ טעמפּ ברומעריי פון די שווערע קלויסטער־גלאָקן האָט זיך רציחותדיק איבער די שמועס, געהויקערטע פּויערישע געסלעך געטראָגן.

## צווייטער טייל

# האָראַסיאָס טאַטע־מאַמע זיינען אומגליקלעך

### קאַפּיטל 10

די אַלטע פּילאַר האָט זיך אויסגעגענעצט און מיטן זוים פון ברייטן, געקעסטלטן אונטערקלייד אויסגעווישט די פייכטקייט פון די אויגן, זיך קרעכצנדיק אַראָפּגעלאָזט אויף די קני, אינעם ווינקל מיט דער לאַנגער, פאַרשטויבטער איקאָנע אָפן טישל. דעם שניי־ווייסן קאָפּ הכנעהדיק צו דער ערד געבויגן, זיך איבערגעצלמט און אָנגעהויבן פליסטערן די איינ־דערפיעדיקע תפילה. דאָס צאַנקענדיקע קנייטל אינעם לעמפּל מיט אויל איבער דער איקאָנע, דער שוואַרצער, פאַרשטויבטער אַלטער וואַנט־זייגער, דער ערדערנער בלומען־טאָפּ אָפן טיש,א פולער מיט געוועלטע בלומען; די גרויע, אויסגעצויגענע ווינקלען, אָנגענומענע מיט אומניחהדיקייט און מיט ריחות פון שוויים מיט ווייך — אַלץ האָט זיך פון באַנאַכטיקן שווייגן אויפגעכאַפּט, געקוקט אויף איר מיט ברייטע ניכטערע בליקן.

די אַלטע האָט זיך צעוויינט: דער מאַן איז פלוצים געוואָרן א פּאַ־ליטיקער. האָט פאַרגעסן אָן ווייב, פאַרגעסן אָן די זין, וועלכע ער אַליין האָט צום טויט געשיקט. דער עלנט נאָגט דאָס האַרץ. דער מאַן איז פאַר־זונקען געווען אין א האַרטן געזונטן שלאָף. א ברייטער, מיט צעוואָרפענע הענט און פיס. די געזונטע גרויסע ציין אינעם אָפענעם מויל, די צוויי פאַרשוויצטע קאָטערישע וואָנסעס צו דער סטעליע פאַריסן. ראָסאַלינדראַ האָט פאַרזיכטיק צענומען די פּאָלעס פון די בלעטער־פלאַנצן, די אויגן האָבן א לויער געטאָן פון ווינקל צו ווינקל:

— באָבע, באָבעניו! — שטיל גערופן — האָב עפּעס צו דערציילן...

די אַלטע איז נישט געוואוינט געווען, אז עמיצער זאָל איר שטערן אין דער תפילה. זי האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, אָנגעשטעלט אויף ראָסאַן צוויי בייזע בליקן, אָנגענומענע מיט באַפעל:

— וואָס פאַר א רוח, דו ווילדע מויד, טרייבט דיך אַרום אזוי פרי?

ראָסאַ האָט פאַרלוירן געשמייכלט און מורא באַקומען פאַר דער שניידנדיקער רוגזה, וואָס האָט זיך געגרויט אַרום דער אַלטערס פאַר־פּרעסטע ליפּן.

— אָהער גיי! — האָט די אַלטע שוין ווייכער צוגעגעבן — וואָס האָסטו דיך אַזוי דערשראָקן? איך בין נישט קיין חיה, דו הערסט?..

ראָסאַ האָט זי שטום געפאָלגט. זי איז פון קינדווייז אָן געוואוינט געווען אויסצופירן די באַפעלן פון אירע באַלעבאַטים און פון די אייגענע זיך איבערגעצלמט און שטום אויף דער אַלטער געקוקט.

— וואָס האָסטו מיר געוואָלט דערציילן, ראָסאַ?..

— נישט איך, באַבעניו, נאָר זיי, די שכנים, די אינגלעך — נאָך אַ ווײַלע טראַכטן ארויסגעציילט די ווערטער, ווי זי וואָלט מורא געהאַט פאַר דער אַלטער. — וואָס האָבן זיי צו ראַקעליטאַן, נעבעך... אָרעמינקע... כודיאַ, רופט מען זי...

שמייכל איז אויפגעגאַנגען אַרום דער אַלטערס מויל. זי האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט:

— דו ווייסט נישט חיה, וואָס דו פּלאַפּלסט. ראַקעל אַ כודיאַ, כאַ?.. זי האָט אַרויפגעלייגט די צוויי שווערע הענט אויף ראָסאַס אַקסלען, זיך אויפגעהויבן. אויך ראָסאַ האָט זיך אויפגעשטעלט. באַנג האָט געפּלעמלט אין די אויגן, צעטומלונג. זי האָט אַנגעטלעך אַ שמייכל געטאָן און נישט געוואָגט צו דערציילן וועגן אַלץ, וואָס זי הערט אין שטוב שמועסן. מורא געהאַט אַנצואַווערן דער אַלטערס צוטרוי. זי האָט אונטערטעניק אַריינגעמורמלט אין איר ערנסט געוואָרן פּנים:

— קומט, באַבעניו, מיט מיר... זאָלן די שכנימלעך אַליין דערציילן. זאָלן זיי וואָגן... די אַלטע האָט אַ ווײַלע געטראַכט, באַלד אַ נעם געטאָן ראָסאַן אונטער דער רעכטער האַנט:

— קום, דו שד... זאָל עמיצער אָנרירן דעם כבוד פון מיינע קינדער!..

ראָסאַ האָט צוגעטראָגן דאָס רעכטע אויגן־ווינקל צום שליסל־לאָך פון טירל, זיך באַלד אויסגעגלייכט און אָפּגערוקט דעם ווייסן פאָרהאַנג פון עטוואָס אָפענעם פענצטערל. די אַלטע האָט איר אַ צופּ געטאָן באַם אָרבל:

— וואָס שטומסטו, דו רכילותניצע... האַ?

ראָסאַ האָט זיך אַוועקגערוקט און מיט אַ האַנט צוגערופן די אַלטע. ביידע ווייבער האָבן געקוקט מיט אויפגעריסענע בליקן, אָנגענומענע מיט שטוינען, מיט דערשטיקט געלעכטער. אין פריצס צימערל איז געווען האַלב־טונקל. איבערן ברייטן הילצערנעם בעט, האָט געהאַנגען אַ ברייטער ראָזער טיול מיט אַ גרויסן האַקנקרייץ אין שלייף. ניקאָלאַס מיט פריצן, איינ־נעפלאָכטן איינער אין אַנדערן האָבן געכראָפּעט. ניקאָלאַס — אין קורצע זווייבערישע מייטקעלעך פון רויטן סאַטין און אַ ווייבערישן רויטן סטאַניק מיט אונטערגעניייטע ווייבערישע ברוסטלעך... די פאַרב פון די ליפּן מיט די באַקן — צערונען אויף פריצס לאַנגן, ווייסן נאַכט־העמד. די אַלטע האָט זיך אַ טראָג געטאָן פון דאָרטן, ווי זי וואָלט מורא געהאַט צו באַשמוצט ווערן, און אַריינגעבורטשעט אין זיך:

— וואוהין, מיידל, האָסטו מיך גערופן? זיי לעבן דאָך, די שכנים, ווי מאַן און ווייב... עקלהאַפטע ווערעם...

זי האָט זיך אָפּגעשטעלט, א קוק געטאָן צום פענצטערל, אויסגעשפּיגן און א דראָע געטאָן מיט דער פויסט:

— דעגענערירטע... צעפוילטע הינט...

ביידע ווייבער, ווי אָפּגעשמיסענע מיט פארפלאָמטע פּנימער, פאַר־שעמטע, האָבן זיך געלאָזט טיפער אין גאָרטן. האָראָסיאָ איז זיי אנטקעגן געקומען, א פרייער, א צעשמייכלטער, די צעפלויגענע, באַשמעקטע קרויזן, די צוויי שורות ווייסע, געזונטע ציין — אלץ אין אים האָט מיטגע־צוגענומען, פאַרשלעפּט צו זיך אהיים, איז מיט אַן ארויסגעשטרעקטער שמייכלט.

— וואוהין גייט איר אום, אַזוי פרי, ווייבער? אין א שיינעם טאָג וועט איר ביידע איבערלאָזן די מענער און אנטלויפן...

די אַלטע האָט אראָפּגעקוקט צום גראָז און שטיל געפרעגט:

— גייסט אוועק אַן פרישטיק, מיין קינד?

— יאָ, אַלטינקע, בין פארנומען.

זי האָט נישט געוואגט אויפצוהייבן די אויגן און בעטן ער זאָל בלייבן. פּילאַר האָט זיך געפילט פאַראומווירדיקט. דער זון האָט איר א קוש געטאָן אפן קאָפּ און זיי איבערגעלאָזט. די אַלטע האָט זיך צו ראָסאַן געווענדט:

— געדענק מיידל, מיר האָבן גאָרנישט געזען...

— גאָרנישט געזען, באָבעניו, גאָרנישט געזען...

זיי זיינען אריין אין שטוב. די אַלטע איז צוגעגאַן צום בעט:

— טשיטשע, טשיטשע, שטיי נאָר אויף! דו אלטער ביק! וואָס באַפּסטו אַזויפיל, האַ?

ער האָט אויפגעמאכט די אויגן און בייז געבורטשעט:

— אוועק פון דאנען! לאָז מיך אויסרוען, דו אַלטע בהמה.

ראָסא האָט איר א ציפּ־געטאָן דעם עלנבויגן און שטיל געמורמלט:

— מיר האָבן גאָרנישט געזען, באָבעניו, גאָרנישט!..

פּילאַר האָט זי אָפּגעגאָסן מיט די שטרענגע בליקן און א בייזן ציִשע געטאָן:

— דער אלטער מעג וויסן ווער די דאָזיקע יונאַנטשעס זיינען... זאָלן זיי גיין פון דאנען... טראַכטן נאָך אוים מיאוסע זאַכן פון קינד... א בודיא!..

דאָן טשיטשע האָט ברייטער די אויגן צעעפנט, ווי מען וואָלט אף אים א שפּריץ געטאָן א קאַלטן שטראָם וואסער. א פּיר געטאָן מיט די נאַסע וואָנסעס אף אהין און צוריק און א לאַך געטאָן מיט א גראָבער הייזעריקייט:

— די ווייבער זיינען משוגע! דאָן כאָסע, די געטלעכע נשמה, איז בא זיי א איד!

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן, זיגעריש געוואָרפן ארום זיך מיט די צעלאַכטע בליקן און דער צעגאָסענער קארק, די צוויי פעטע ברוסטן — האָבן מיטגעלאַכט. ער האָט אָנגעבלאָזן ביידע באַקן, צוגעלייגט אַ פויסט צו דער נאָז און געמאַכט פאַרשידענע גרימאַסן מיטן פּנים:

— אָט אַזוינע נעז, מיט אַזוינע גראָבע באַקן האָבן די כודיאָס... קאָקאָבאָ און אַבראַם רופט מען זיי. קאָצע — איז אַן אמתער איטאַליע־נער נאָמען, ערנוואָרט!

אין דעם האָט האָראַסיאָ אַ צענעם געטאָן די פּאָלעס פון די קלעטער־פּלאַנצן, אָפּגעהאַקט אַ זאָג געטאָן:

— אַלטע, זאָלסט זאָגן רחלען, זי זאָל היינט קומען צום שפּיטאָל, הערסט?

דאָן טשיטשע האָט אים אַ רוף געטאָן מיט אַ האַנט:

— קום נאָר אַהער אַ ווײַלע, דאָקטערל מיינער! די שכנים זיינען משוגע... זאָגן, אַז רחל איז אַ „קודיאַ"...

האָראַסיאָ האָט ברייטער די אויגן צעעפנט. שטוינען און אומזיכער־קייט האָט פון זיי אַרויסגעשריגן. מאַן און ווייב האָבן זיך שטום איבער־געקוקט. דעם זונס שטומקייט האָט אַלץ דערציילט. די מאַמע האָט פאַר־בראָכן די פינגער פון די הענט און געזיפצט:

— גאָט, פאַרוואָס שטראָפסטו מיך? די איריקע האָבן דעם הייליקן פאָטער אומגעבראַכט... מיינע זין אומגעבראַכט, וויי... וויי.

האָראַסיאָ האָט אַ צעקרימטן לאַך געטאָן און בייז באַפוילן:

— זאָלסט מיר צושיקן רחלען, מאַמע!

די אַלטע לייט און אויך ראָסאַ האָבן אים אָנגעקוקט מיט דערשראָ־קענע אויגן, אָנגענומענע מיט אומגליק..

---

קאַפּיטל 11

# גרעטאַ איז פאַרליבט

אַ דורכזיכטיקער שמאָלער פּאַס שיין, ווי אַ צעמאָלענער גאָלד־פּראָ־שעק, האָט זיך ווייך און לאַשטשענדיק איבערן האַלב־טונקעלן זאַל געוויגט, זיך עלאַסטיש ארייגעשניטן אינעם אינגעווייד פון רויטע און גרינע זון־פלעקן אין די טיפע, באַשמעקטע ווינקלען, אָנגענומענע מיט פרישע ריחות פון ערשט באַגאָסענע בלומען, מיט קילע ווינטלעך פון נאָענטן טייך.

גרעטאַ, די טאָכטער פון האַנס, דעם חזירניק, האָט צעעפנט דאָס מויל און זשעדנע געשלונגען די לופט אַרום זיך, ווי אַ היפּאָטאַם די קילע ים־כוואַליעס. איר גרויסער געזונטער גוף, ווי אַ פעסט־געקנאָטן

האָניק־טייג, האָט זיך זאָרגלאָז געהילט אין שניי־ווייסן ליילעך אפן ווייס־באַצויגענעם בעט, דאָס באַפּוצטע מיט געלע און גרינע האָקנקרייצלעך. די שווערע, טיף־רויטע לאָקן אַרום ווייסן, אַנטבלויזטן האַלדז און נאַקן און אַרום די גרויסע, ווייסע ברוסטן. זיכערקייט פון אַ וועלט־הערשערן האָט געגעסטיקט אַרום די גראָבע, רויטע, פאַרנאַשטע ליפּן. אַ קאַלט, פאַריסן, קוים באַמערקבאַר שמייכעלע. זי האָט אָנגעשטעלט די קיילעכדיק גרויע אויגן אַף היטלערס בילד אַנטקעגן בעט, און אָנגעהויבן ריידן:

— אַ גוט מאָרגן דיר, מיין שיינער בוב, מיין געטע, מיין שילער, מיין ביסמאַרק, מיין מעכטיקער וועלט־דעראָבערער... מיין שיינער אַדאָלף, מיין צעזאַר, מיין נאַפּאָלעאָן!...

זי איז אַנטשוויגן געוואָרן און געוואונקען צו אים מיט רויטע פלעמלעך אין די אויגן; מיט חניפה אים די צוויי שטאַרקע, לאַנגע מענערישע הענט אַנטקעגן געשטרעקט:

— אָ, דו גרויזאַמער מיינער! ווי שטאַרק דיין גרעטכען, די נימפע, ליבט דיך! דו וועסט דאָך מיר, טייבעלע מיינס, דעם רום פון וועלט־הערשאַפט ברענגען!..

זי האָט די אויגן פאַרמאַכט. אין בלוט, אין יעדן אבר האָט אַ שאַל געטאָן די מוזיק פון טויזנט מיליטערישע מאַרשן. פון די צוויי הויכע וואַזאָנעס און טייערע כינעזישע בלומען־טעפּ, בא די זייטן פון בילד, פון די שרייענדיק רויטע פּליושענע טעפּיכער אפן ווייסן טאַפּיצירטן פּאָל, פון דער העל־רויטער, נייער פּיאַנע, פון די שווערע זיידענע פאָרהאַנגען, באַפּרענדזלטע, מיט פּילקאָלירנדיקע האָקנקרייצלעך איבער די טירן מיטן איינציקן ברייטן פענצטער — האָט מיט טויזנט חנדלעך און דינע שפּיציקע שמייכעלעך, דעם פּירערס „קלוגע” וואָנסעלעך געלויערט, די וואַסערדיקע אויגן פון אַ פאַרליבטן.

גרעטאַ האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דאָס ליילעך; אָנגעטאָן אַ לייכטע פרימאָרגן־קלייד, אַ געלע, מיט רויטע און גרינע האָקנקרייצלעך אַרום די ברייטע אַרבל און אַרום זוים. אָנגעזעצט די הענט אַף די היפטן און זיך צעוויגט, געסאָפּעט און באַלד אָנגעהויבן צו פּאַטשן צום בילד: וויר איזט גוט, וויר איזט גוט, ווען פון מעסער עס רינט דאָס אידנבלוט. — דייטשלאַנד, דייטשלאַנד איבער אַלעס!...

פרוי מאַרגאַריטאַ, גרעטאַס שטיפמאַמע, האָט אַריינגעשטעלט דאָס פּנים צווישן צענומענעם פאָרהאַנג איבער דער טיר. דער לאַנגער גרינער מיץ אפן קאָפּ, מיט אַ מעשענעם האָקנקרייץ פון אויבן, האָט זיך אַ שאָקל געטאָן:

— זיי דאָך פאַרנינפטיק, טייבעלע מיינס!.. די שכנים, די פּראָסטע לייט, הערן זיך צו צו דיין פרימאָרגן־תפילה...

גרעטאַ האָט איר אַנטקעגן געשמועלט די צונויפגעצויגענע ליפּן ווי דער הינטער־חלק פון אַ פעטן אינדיק און געלאַכט מיט רויטע פלעמלעך אין די אויגן:

— ווי גוט, ווי גרויס דאָס לעבן איזט, ווען מען הערשן קענט... ווען מען ווערטעט געליבט פון רומרייכן פירער..

די אַלטע האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן מיץ. די קליינע זשאַבע־אייגעלעך אָנגענומענע מיט כיטרע בליצלעך, האָבן אַ לויער געטאָן איבער גרעטאָס אויסגעכאָליעטן גוף, אַראָפּגעלאָזט דעם פאָרהאַנג און זיך אָפּגעטראָגן. גרעטאַ האָט איר נאָכגעלאַכט מיט אַ פול מויל שטאַרקע ציין, מיט די צעפלויגענע פּאָלעס פון כאַלאַט אַריין אין קיך.

מאַרגאַריטאַ האָט אַ שטעל געטאָן אָפן טיש אַ טעצל מיט גרעטאָס טעגלעכן פרישטיק: הייס אידיש קאָרנברויט און פוטער מיט מאַרמעלאַד, לעבער־וואורשט מיט שינקע, געראויכערטע חזיר־שמאַלץ און הייסע געקאָכטע ווינער וואורשטלעך מיט גאָרטשיצע.

נאָכגיביקייט האָט געוויזעט פון דער אַלטער. איר אַמאָליקער שטאָלץ פון אַ קאַפּיטאַנשע איז געווען שטום, געבראָכן. זי האָט געפילט, אַז יענע געדענקט אַלץ. נאָך אין אכצנטן יאָר איז דאָס פאָרגעקומען. גרעטאָס מאַמע איז געלעגן אין קימפּעט. די גרויסע גרויע אויגן אירע, זיינען געהאָנגען אַף די אין שניי אָנגעטועגע שויבן. פון דער גאַס האָבן זיך דערטראָגן קולות פון פרייד און געוויין פון די סאָלדאַטן, אינוואַלידן, וועלכע האָבן דערשלאָגענע זיך אומגעקערט אַהיים פון די רוסישע פראָנטן.

מידקייט און גרעניצלאָזע שרעק האָט זיך געטוקט אַרום אירע דינע, געשניצטע ליפּן. פרוי מאַרגאַריטאַ, אירע אַ קרובה, אָנגעטון אין אַ ווייסן פאַרטוך פון אַ קראַנקן־שוועסטער, מיט אַ ווייס היטעלע אָפן קאָפּ — האָט זי געטרייסט:

— דעם יונג, ליבע לאָטע, וועלן מיר היינט אָוונט אַריינגעבן אין אַ קינדל־הויז. ער וועט דאָרטן אויסוואַקסן אַ בראַווער זעלנער. אַ סך נוצן, רום, דעם ליבן פּאַטערלאַנד ברענגען.

— רעטע מיך!...

די אַלטע האָט איר געגלעט די צוקנדיקע אַקסלען.

— נאַר פאַרנונפטיק!.. מוט פאַרלוירן אַלעס פאַרלוירן — גנעדיקע לאָטכען.

אין דעם האָט זיך געהערט עמיצנס שווערע טריט אין קאָרעדאָר. מאַרגאַריטאַ האָט אַריבערגערוקט דעם שפּיץ פון דער ווייסער דעקע איבערן קישעלע מיטן קינד און געלאָפן צו דער טיר. האַנס האָט זיך באַוויזן. דאָס געלע פּנים באַוואַקסן מיט בלאָנדע שטעכיקע הערעלעך, ווי נאָדלען. די אויסגעלאָשענע אויגן, געזונקען אין די גריבערדיקע אויגן־לעכער. ער האָט אַראָפּגענומען פון רעכטן אַקסל אַ טאָרבע מיט גרעט און זי אַוועקגעלייגט אָפן פּאָל. לאָטעס אויגן זיינען געוואָרן שפּיציק, אָנגענומענע מיט טויטלעכער שרעק.

גרעטאַ האָט געעקנט איר מאַמן, לויט די בילדער, וואָס ער האָט געשיקט פון פראָנט, און איז מיט אויסגעשטרעקטע הענטלעך אים אנטקעגן געלאָפן:

— פּאָטער, פּאָטער! די מוטער האָט איינעם שיינעם יונגע אין בעטע!..

האַנס האָט אויסגעצויגן דעם האַלדז. די אויגן האָבן זיך געריסן פון די אויגן־לעכער, געהאַמערט איבערן ווייב. זי האָט זיך איינגעקאַרטשעט, זיך אָנגעהויבן רוקן צו דער וואַנט, זיך דורכבראָכן און ארויס פון שטוב. מיט צוויי ברייטע שפּאַן איז דער מאַן באַם בעט געשטאַנען, אַפּירגענומען פון אונטערן ליילעך דאָס קישעלע מיטן קינד, דאָס אַ נעם געטאָן פאַר ביידע פיסלעך און מיט דער רציחה פון אַן אָפּגענאַרטן מאַן, געהאַמערט מיט דעם איבערן ווייבס געבויגענעם קאָפּ, איבער די פּלייצעס. דער שאַרפער קוויטש פון קינד איז מיטאַמאָל אָפּגעהאַקט געוואָרן. מאַרגאַריטאַ איז אַרויס פון שטוב און גרעטאַ האָט געשריגן ווי אַ משוגענע.

האַנס האָט אַ נעם געטאָן מיט איין האַנט דעם ווייבס צוויי טונקל־רויטע צעפּ, זי אַראָפּגעשלעפּט אפן פּאָל, ווידער געקלאַפּט מיטן צעבלוטיקטן קינד איבער אירע פאַרבלוטיקטע ברוסטן, איבערן קאָפּ:

— דו הור, דער באַסטאַרד מוז שטאַרבן, אַזוי וויל דער הער האַנס.

אַ געשטיקטער געשריי האָט זיך געקלאַמערט צווישן אירע פאַרבלוטיקטע, צעקרומטע ליפּן. אום גאָטעס ווילן, האַנס ליבענקער!.. דו וועסט דאָך מיר מוזן פאַרגעבן!..

ער האָט אַ צעקרומטן קלאַך געטאָן, אויפגעהויבן אַ פוס און איר אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער אייזערנער פּאָדקאָווע פון אָפּצאַס פון סאָלדאַטסקן שטיוול. דער פּאָל איז באַדעקט געוואָרן מיט ריטשקעס הייס בלוט און די בלויע פּראָסטיקע שויבן — מיט גרויען אָטעם...

מיט דריי טעג שפּעטער האָט האַנס אָנגעטאָן אַ שוואַרצן אָרעמבאַנד אפן רעכטן אַרבל און פרוי מאַרגאַריטאַ האָט אים אָנגעהויבן צוצווזען. עס איז געקומען פּאָליציי, אויסגעפּאָרשט דעם ווייבס פּלוצימדיקן טויט. פרוי מאַרגאַריטאַ האָט צוליב דעם פאַרקויפט די גרויסע שטוב און אין איינעם מיט האַנסן און מיט גרעטאַן געקומען קיין אַרגענטינע.

דאָ האָט ער זיך אויפגעמאַכט אַ גרויסע יאַטקע פון חזיר־פלייש. האַנס האָט אַ סך געשכורט, און פּונקט ווי ער פלעגט אַמאָל, אויס איי־פערזוכט צום ערשטן ווייב, זי פּייניקן און שלאָגן אָן רחמנות. מיט דער בייטש, וואָס ער האָט די חזירים אין שטאַל צונויפגעטריבן — געקאַטעוועט מאַרגאַריטאַן מיט דער טאָכטער:

— די דאָזיקע צוויי הורן מוזן שטאַרבן, מוזן...

גרעטאַ האָט פּיינט געהאַט דעם טאַטן מיטן נייעם ווייב. זי באַשולדיקט אין איר מאַמעס פריצייטיקן טויט. די פולקייט, די שיינקייט און דער מאַמעס פאַרפירערישקייט — האָט איר געהייסן שווייגן.. גערעדט אין לאַטן, — ליב געהאַט פרעסן און זויפן. זיך געיאָגט נאָך כבוד, נאָך געלט און איז גרייט געווען, פּונקט ווי דער טאַטע, אומצוברענגען אַ האַלבע וועלט — אבי צו דערגרייכן אַלץ, וואָס איר געפעלט.

די לעצטע צייט האָבן זיך די צוויי ווייבער דערנענטערט: ביידע זיינען געווען אָנגעשטעלטע אין דער דייטשער פינפטער קאָלומנע אין

לאנד. האנס דער הזירניק מיט די בלאָנדע, אף ארויף־געדרייטע וואָנסעם און מיט די פעטע צוויי באקן, ווי גלאנציקע בייכער פון ים־חזירלעך, איז שוין געווען אין זיין אַלטער היים, געשריבן גוטע בריוו, צוגעזאָגט אינגיכן אַריבערצונעמען ביידע ווייבער.

גרעטא האָט צווילב דעם פארטריבן איר געזעצלעכן מאן, אַ פעאיקער קצב־יונג, אַ געבוירענער אַרגענטינער. אָנגעהויבן שרייבן בריוו צום „פורער", צו זיינע מיטמענטשן; דערציילט פון אירע גרויסע אויפטוען פאַרן פאָטערלאנד. זי האָט באקומען ענטפער, און שפּעטער — אויך טייערע מתנות. אויך האָט דער טאטע, דער געשטאַפּאָ־אַגענט, דורך טויזנטער געהיימע וועגן, אָנגערויבטע אוצרות און געלט געשיקט. אף צוריק האָבן אונטערוואסער־שיפלעך אַרגענטינער מאַפּעס קיין דייטשלאנד געפירט, פּאָליטישע „סודות", פּלענער, אף צו באזעצן אַרגענטינע.

די אַלטע האָט אַראָפּגענומען אַ טאָפּ מיט הייסע וואסער פון עלעק־טרישן אויוון און אָנגעשטעלט די בליקן אף גרעטען. יענע איז געווען פאַרטאָן אין עסן — קיינעם נישט געזען.

דוני, די שטוב־מיידל, האָט זיך אריינגעשטעלט: אַ הויכע, אַ לייכטע און אַ בייגעוודיקע. מיט אַ קורץ פאַריסן נעזל. די דינע בלאָנדע האָר, ווי זיידענע פעדים, אַרומגענומען מיט אַ ברוין, קיילעכדיק היטעלע, מיט אַ מעשן האקנקרייצל אףדער סאמע מיט:

— אַ גוט מאָרגן, „פרייליין" גרעטאַ! הייל, פרוי קאַפּיטאַנין!..

די אַלטע האָט קאַלט אַ זייע געטאָן צווישן די ליפּן:

— גיי רוים אויף אין זאל... סע איז שוין באלד האלבער טאָג.

דוני האָט אַ פיר געטאָן אַהין און צוריק מיט דער העלער בלויקייט פון אירע גרויסע אומעטיקע אויגן און אומניחהדיק געשמייכלט:

— צום באפעל! גנעדיקע פרוי קאַפּיטאַנין.

דוני האָט פיינט געהאַט דער אַלטערס „ערנסט". זי איז אַלט גע־ווען צוואָנציק יאָר — אַן אַרגענטינערן, אַ טאָכטער פון וואסיא דעם לאנגן, מיט די יחסנישע געדיכטע, אף ארויף פאַרדרייטע וואָנסעס און מיט צוויי מעשענע מעדאלן אף דער ברוסט, אַן אויסצייכענונג פון פעט־ליורען פאַרן הרגענען אידן אין אוקריינע. פאַר ניקאָלאַיס צייטן — אַן אַגענט אין דער אָכראַנקע. אינאיינעם מיטן ווייב און מיטן איינציקן זון אַנטלאָפן קיין פאַריז. דאָס אָנגערויבטע געלט מיטן זילבער האָט קיין סך נישט געדויערט. צוגעוואוינט צו אַ לייכטן לעבן — טעג און נעכט פאַר־בראַכט אין די רייכע פּלעצער, קאַפעען און רעסטאָראַנען; געבויט פּלענער מיט די געוועזענע רוסישע טשינאָווניקעס און פּירשטן, אויפצושטעלן אַ נייע גלות־רעגירונג און מיט דער הילף פון דער וועלט־רעאַקציע, זיך אַ וואָרף טאָן מיט גאַנצע אַרמייען אף די באָלשעוויקעס.

שפּעטער — פאַרקויפט דאָס לעצטע ביסל צירונג; געקומען גיין אַרגענטינע צו אָרגאַניזירן די רוסישע לאנדסלייט קעגן די באָלשעוויקעס... אייניקע זין און טעכטער, פון געוועזענע פּריצים און לידיקגייער, האָבן

אים די ערשטע צייט געשטיצט מיט קליינע געלט־סומעס. שפּעטער האָט מען זיך דערוואוסט פון זיין לייכט לעבן און דער צוטרוי צו אים איז אויסגערונען. דאָס ווייב: אַ שלאַנקע, מיט בלאָנדע צעפּ און מיט בלויע אויגן, איז געוואָרן אַ טענצערן אין אַ רייכן נאַכט־לאָקאַל. וואַסיאַ האָט זיך פאַרבונדן מיט אונטערוועלט־פאַרשוינען, שותפות מיט זיי אויפגע־מאַכט אַן אייגענעם לאָקאַל, אים אַ נאָמען געגעבן „די רוסישע פּרינצעסן", און געצוואונגען דאָס ווייב צו פּראָסטיטוציע.

ער האָט צוגענומען אירע פאַרדינסטן, געשפּילט אין פערדלעך און אַנדערע אַזאַרט־שפּילן. נאָר דאָס מזל האָט אים פאַרלאָזט. דאָס ווייב האָט געבוירן אַ מיידעלע און איז איבערגעלאָזט מיט ביידע קינדער. זי איז אַנטלאָפן קיין בראַזיל מיט אַן אַרגענטינער אַלפאָנס און אויפגעמאַכט אַ גרויס שאַנד־הויז — „די ווייסע פאָן". וואַסיאַ האָט זיך אָנגעהויבן אָפּגעבן מיט שווינדל און מיט גניבה. שפּעטער געוואָרן אַ זשאָקעי באַ די פערד־געיעגן. נעפּראַוווט פאַרפירן אַ יונג אַרגענטינער דינסט־מיידל; זי מאַכן פאַר אַ פּראָסטיטוטקע, און אַריינגעפאַלן אין די הענט פון דער פּאָליציי. מיט עטלעכע יאָר שפּעטער איז ער אַרויס פון תפיסה קראַנק און צעבראָכן, אַלט און מיאוס. נישט געוואָלט אַרבעטן, געזעסן אויפן ראָג פון לעאַנדראָ אַלעם מיט אַ קעסטל „סחורה" — צלמלעך, לאָטעריע־צע־טעלעך און קליינע בילדלעך פון אַראָפּגעזעצטן רוסישן קיסר מיט זיין הויזגעזינד.

אַ סך מאָל, אין אַ שיכורן צושטאַנד געטאַנצט רוסישע קאָמאַריזקעס פאַר אַ גרויסן נאַכט־לאָקאַל, וואו וואַסיאַ, זיין איינציקער זון איז געווען אַ טענצער — אָנגעטאָן אין רויטע, ברייטע פּליודערן מיט אַ רויטן גאַרטל אַרום דער טאַליע און מיט אַ שוואַרצן סאַמעטענעם זשיליעט אויפן ווייסן, רוסישן העמדל. אַהין זיינען זיך צונויפגעקומען די אָפּגעקומענע רוסישע אַריסטאָקראַטן, געניסן פון אביסל „היימישער קולטור" — פון קונסט...

מיטן אויפקומען פון דייטשלאַנדס שטערן, איז אויך וואַסיאַס פאַר־לאָשענער שטערן אויפגעגאַנגען. זיך איבערגעבעטן מיטן זון; זיך אָנגעהויבן קליידן לייטיש — פאַרן געלט, וואָס זיי האָבן פון דער דייטשער אַמבאַ־סאַדע באַקומען און אָנגעהויבן אַרומפאָרן איבער די וויטסטע פּראָווינצן, אַגיטירן צווישן די אוקריינער לאַנדסלייט, זיי זאָלן שטיצן דעם פירער, וועט ער זיי איינגיכן אומקערן דאָס לאַנד...

שוין עטלעכע חדשים, אַז דוני ווייסט גאָרנישט פון טאַטן מיטן ברו־דער. זי חלומט אָבער כסדר פון צוגעזאָגטן רייכן לעבן; פון אַ חתן אַ רוסישן פּרינץ; פון גאַנצע דערפער מיט שטעט — דאָרטן אין איר טאַטנס אוקריינע. זי האָט דערפילט הינטער זיך פריצס אָטעם, האָט זי אים פריי געמאַכט דעם וועג, אים אָנגעקוקט מיט שפּיציקע בליקן, אָנגענומענע מיט אומצוטרוי. ער האָט זיך פאַרנייגט פאַר די דאַמען:

— הייל!

דער פּאַפּוגאַי אין שטייג איבערן פענצטער האָט זיך אַ שטעל געטאָן אויף די פליגל:

— הייל היטלער... הייל פריץ, הייל הימלער!

גרעטא האָט אויפגעהויבן צו אים דאָס פּנים, די אָנגעשטאָפּטע מאָרדע:

— וואָס אַזוי שפּעט? איך זיץ דאָ אַ גאַנצן פרימאָרגן און מאַך ציר־קולאַרן!.. האָסטו אויך עפּעס וויכטיקס אויפגעטאָן?

וויכטיקייט און שטאָלץ איז געווען אין איר קול. ער האָט אַ דער־וואָרגענעם בורטשע געטאָן:

— געטאָן, גנעדיקע פרייליין! געטאָן!

זי האָט אַ דראָע געטאָן מיטן וויַיז־פינגער:

— געדענק, דו דומער קערל, דער פירער פאַרגיבט נישט קיין פע־לערן!..

ער האָט זיך געזעצט אויף דער לאַנגער באַנק באַם טיש, אַריינגענומען דאָס פּנים אין די הענט און געקוקט אויף איר מיט אַ נעבעכדיקן בליק.

— די יודען־מויד, גרעטכען גנעדיקע, זי האַלט אים פעסט...

ער האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן און אַ זיפץ געטאָן דורך די צע־שפּרייטע נאַזלעכער. גרעטא האָט אַרויסגעלאָזט אַ דין געלעכטערל, גע־קיַיט אויף ביידע באַקן, זיך צעהוידעט אין וויג־שטול און קאַלט אָפּגע־ענטפערט:

— געדענק, פריץ, דו ביזט אַ מאַטראָס פון דער „גראַף שפּעע"!.. מיר קענען מיט דיר טאָן אַלץ!.. וועסטו זיַין אומגעטריי דעם פירער, וועלן מיר דיך קאַלט מאַכן... אָדער אַרעסטירן.

שרעק איז אויפגעגאַן אין אים: גרעטא וועט נישט צאָלן דעם חודש־לעכן געהאַלט. זי וועט אויסזאָגן דוניך... אָ, זי וועט!..

ער האָט געפילט אויף זיך דוניס שפּיציקע בליקן, דורכדרינגלעכע, און מורא געהאַט אַ קוק צו טאָן צו איר. געהיימניספולקייט האָט געווייעט פון איר — פערדישע געזונטקייט.

גרעטא האָט זיך אויפגעשטעלט, אויפגעמאַכט אַ טירל פון שטיין אין דער וואַנט הינטער דער טיר און אַרויסגענומען פון דאָרטן אַ קליין פּיר־קאַנטיק ניקעלן קעסטל, זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צו אים, זיך צעוויגט און געשמייכלט, קאַלט, אַרויסרופעריש:

פריץ האָט געוואוסט, אַז אין יענעם קעסטעלע, איז באַהאַלטן אַ רשימה מיט די נעמען פון די גרעסטע אַרגענטינער גייסטער — די אַנטי־נאַציס, וועמען די דייטשן האָבן פאַרמשפּט צום טויט און וואַרטן נאָר צו ווערן די הערשער פון לאַנד... ער האָט אויסגעצויגן צו איר ביידע הענט און געבעטן מיט רחמנות אין קול:

— גיב אַהער, גרעטכען גנעדיקע. דער הער באַראָן איז נישט קיין פיַינגלינג, ער וועט אַלץ מאַכן!..

זי האָט געטוליעט דאָס קעסטעלע צו די ברוסטן און געשמייכלט אכזריותדיק:

— וועסטו זיין בראַוו, וועלן די דאָזיקע לומפּן נאָר דורך דיר טויט־געשלאָגן ווערן!... נאָר דו וועסט די נאָבעלע ארבעט אויספירן...

מאַרגאַריטאַ מיט דוניען האָבן געקוקט אויף איר מיט שטומע בליקן, אָנגענומענע מיט קנאה און נישט געוואוסט צי איז גרעטאַ פאַרליבט אין פריצן, אָדער אין פירער.

---

## קאַפּיטל 12

# באַקומען זיין לוין...

אָפּדערנאָכט זיינען מאַן און ווייב געזעסן הינטערן שטיבל און גע־טרונקען מאַטע. ראָסאַ האָט פאַרטראַכטערהייט צעשאַרט מיט אַ ריטל די האַלב אויסגעלאָשענע קוילן אין טיפּן, אייזערנעם טאָפּ. זאָרג און אומ־פאַרשטענדלעכקייט האָט געגרוט אַרום איר מויל, אַרום די אויגן־לעכער, אויפגעהויבן די בליקע טיפע און פאַרשנדיקע. אַ זייטיק בליק געטון צום מאַן און אַן אָפּגעהאַקטן זיפץ געטון: ניין, זי וועט אים איצט נישט דער־ציילן וואָס זי מיט פּילאַרן האָבן געזען; דער הער באַראָן מיט ניקאָלאַסן שפּילן זיך אין מאַן און ווייב... דער מאַן, ווייזט אויס, ווייסט נישט פון דעם... ער זעט גאָרנישט... ווייסט נישט, אַז די מאַמע פון זיין זונעניו טראָגט זיך אַרום מיט שרעק אין האַרצן, מיט אומזיכערקייט. שכנים זאָ־גן: עס איז שווער צו געבוירן דאָס ערשטע קינד, ס'טוט ווי... זי וואָלט וועלן פאָרן אַהיים... דאָרטן, צווישן אייגענע, איז די מורא אַ קלענערע, עס וועט גרינגער זיין איבערצוטראָגן די יסורים.

ער האָט איר דערלאַנגט די מאַטע, זי אָנגעקוקט מיט צעשטרייטע בליקן, אָנגענומען מיט שרעק. די טרויעריקע שמייכעלעך, די סכנה אויפן פּנים, האָבן אים געריירט. דער פאַרדרוס האָט אַ רודער געטון אין אים. דאָס ווייב גייט אום אַ פאַרשלאָסענע, אַ שטומע... איז געוואָרן אַ שטאָ־טישע... ווייל נישט וויסן פון מאַנס דאגות. זעט נישט ווי ער לייגט איין וועלטן פאַר אירטוועגן... כבוד און שיינקייט וועט איר דאָן פּינטשעס אוריינקל ברענגען...

ביידע האָבן דערשטיקט אין זיך אַ שווער זיפצל, מורא געהאַט צו פאַרפירן אַ שמועס, וואָס קען ווידער ברענגען צו קריגעריי, צו רוגז. שטילקייט האָט זיך געוועבט אַרום זיי, אַן אָנגענומענע מיט שטיקער בלויער, באַשמעקטער לופט און מיט געדעמפּטע, אָפּגעריסענע שטיקער שיין, וועלכע האָבן זיך געבראָכן איבער די צעוויגטע גראָזן, איבער די צעשאָרכטע בלעטער פון די ביימער.

אנדרעס האָט די שטילקייט איבערגעריסן:

— וואָס איז דיר, ווייב מיינס?

אַ צעפּעסטעטער שמייכל האָט אויפגעציטערט ארום אירע ליפּן:

— איך האָב מורא, שוואַרצער...

ער האָט זי אַנגענומען פאַר אַ האַנט.

— האָב נישט מורא, לעבן מיינס. דיין מאַן איז מיט דיר... ער וועט בעטן בײַ גאָט און בײַ דער הייליקער מוטער, זיי זאָלן דיך באַשיצן.

אַ ווייכער שימער האָט אַ שיין געטון אין אירע בליקן. נאָכגיביקייט פון אַ שוואַך קינד.

— שוואַרצער מיינער!... ווי גוט דו ביזט ווידער צו מיר. איך בין אַזוי איינזאַם... און דער זון דאַרף דאָך באַלד קומען אַף דער וועלט.. לאָז מיך נישט אַליין אַף גאַנצע נעכט!

זי איז אַנטשוויגן געוואָרן. אין האַלדז איז שטיין געבליבן אַ קניפּל טרערן, זי געשטיקט. אַ זופּ געטון פון דער מאַטע און קנייטשנדיק דעם באַזאָרגטן שטערן, ווידער אריינגערעדט אין די בלויע פייערקעס:

— מען דאַרף נייע ווינדלען פאַר זיינעטוועגן... און לייוונט אַף די העמדלעך... זיידענע מאַנאַגראַמען וועל איך אַף זיי אויסנייען, ווי שיין זיי וועלן אים פּאַסן.

זיין פּנים האָט זיך אַ קרים געטון. ער האָט אַנגעשטעלט די בליקן צו יאָסלס ווארשטאַט און פאַרטראַכטערהייט עפּעס אריינגערעדט אין זיך. ראָסאַ האָט אים ווידער נישט דערקענט. די לעצטע פּאָר טעג איז דער מאַן אַ פאַרביטערטער, אַ פרעמדער, אַ שטומער. וואָס האָבן זיי צו איר, די אינגלעך? פאַרוואָס הייסן זיי פיינט האָבן רחלען?... ווער וועט איר לערנען שרייבן און ווערן אַ לערערן, ווער? ווער וועט איר אויפנייען די זייַדענע פּעלערינע פאַרן זונס וועגן?... רחל איז אַ גוטע, אַ רחמנות, אָרעמינקע.

אָפּגעזיפצט און ווידער געדאַגהט: זי וועט יאָ האָבן אַ דעה איבערן מאַן. זאָל ער נאָר קומען צו זיך... איז ער דען נישט דער טאַטע פון איר זון? ער וועט אויסבעטן מען זאָל רחלען נישט הרגענען!...

עטלעכע רויטע, בלויע פונקען האָבן זיך צעשפּריצט, אים אַ שטאָך געטון אין אַן אויגן־ווינקל. ער האָט זיך אַ כאַפּ געטון ווי אַ געביסענער, זי אָפּגעמאָסטן מיט אַ שטרענגן בליק:

— וואָס, ראָסאַ, האָסטו זיך אָנגעזעצט אַף די הייסע קוילן? ווילסט מיך אפשר בלינד מאַכן?... אָדער מיך פּטרן, ווי עס טוען די גרויסשטאָטישע „דאַמען?"

שרעק און אַנטווישונג האָט געברענט אין אירע פייכטע בליקן. אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ און דער ווייטיק האָט געגנאָגט באַם האַרץ־גריבל. זי וועט בעטן בײַ דער הייליקער, אַז דער מאַן זאָל ווידער ווערן, ווי פריער; זי וויל האָבן אַ דעה בײַ אים. די אינגלעך האָבן צוגעזאָגט אַ שטעלע

אַלס קאָמיסאַר — זייער אַ געהויבענע פּרנסה. מען אַרבעט נישט און געלט איז דאָ אַ סך. זי וואָלט וועלן, ער זאָל קריגן די שטעלע אין אייגע־נעם באַרג־שטעטל. ער וועט מורא האָבן פאַרן זיידן פּינטשע און זי ווידער גוט באַהאַנדלען... ווי די ערשטע צייט נאָך דער חתונה. זי וועט זיך קע־נען ווייזן פאַר לייטן. זי וועט נעמען צו זיך רחלען, איר קויפן מלבושים פון אַן אַלטער באַרג־פרוי. רחל וועט איר העלפן דערציען די קינדערלעך. אַן אמתער זכר דער דאָן אַנדרעס. דער זיידע פּינטשע מיט די ביינער. צוועלף קינדער וויל ער — אכט זכרים און פיר טעכטער. טייער וועט אים דער פאַרגעניגן קאָסטן. זי וויל האָבן אַ שיינע סולקע מיט אַ שיין, ווייס פערד; עטלעכע קליינע אייזלען מיט מאַלפּעס פאַר די קינדער צום שפּילן; הינער מיט קאַטשקעס, חזירימלעך. עס איז נישט שלעכט צו עסן צוויי מאָל אין וואָך אַ שטיקעלע געבראָטנס..

אַ קאָמיסאַר מוז וואוינען אין אַ שיינער שטוב. זי וועט האָבן אַ גרויסן הונט. ער וועט גוט אָפּהיטן די געקויפטע גנבישע אויטאָס. קיי־נער וועט נישט וואגן זאָגן אַ דעה... אַ קאָמיסאַר קען טאָן אַלץ, וואָס אים געפעלט... שטרענג און גרויסהאַלטעריש מוז ער זיין. ער האָט שונאים. די אָרעמע לייט חנפנען אים, פאַרגינען נישט די רייכקייט. אַ קאָמיסאַר מוז זיין קלוג ווי דער רוח. אויך זי וועט מוזן ווערן קליגער, זיך גרויס־האַלטן קעגן די געוועזענע חברטעס, די דינסטמיידלעך, נישט לאָזן צופיל קומען... אָפּריידן איר דעם מאַן... אַ קאָמיסאַר האָט ליב אַ סך ווייבער.

זי האָט דערהערט פריצס שווערע שפּאַן. זי האָט אַ ציטער געטאָן.

— מאַן מיינער!..

ער האָט אַ צעקרימטן שמייכל געטאָן.

— עס איז דער הער באַראָן. הייל היטלער!

— הייל! הייל!..

כיטרע שמייכעלעך האָבן זיך צעטאַנצט אין ראָסאַס נייגעריקע בליקן.

אומצוטרוי.

— די העכערע מאַכט — האָט פריץ הייזעריק אַ בורטשע געטאָן און אַראָפּגענומען פון קאָפּ דעם ווייסן פּאַנאַמאַ הוט, געווישט דעם שוויים פון שטערן און פון האַלדז — איז אומצופרידן, אַנדרעס, זי וויל מער אַר־בעט... נאָר פלייסיק זיין, נאָר אַרבעטן!..

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן און די דראָונגען האָבן אַ לויער געטאָן איבער ראָסאַס צוויי צעטויעטע בריסטלעך. מען טאָר נישט אַריינפּאַלן אין אומחן, פאַרשטאַנען, יונג, דער פירער פאַרגעבט נישט קיין פעלערן.

זיין באַפעלערישער טאָן האָט אַנדרעסן געקרענקט. אַ הייסער בליץ האָט אַ צינד געטאָן די בליקן, געברענט ווידער פריצס גלייכגילטיקן מאַסקע־פּנים. ער האָט זיך אויפגעשטעלט, אַריינגעלייגטביידע הענט אין די הויזן־קעשענעס און ברוגז אַ ריטשע געטאָן:

— זאָל דער הער באַראָן נישט מיינען, אז דעם אַלטן דאָן פּינטשעס אַן אייניקל האָט אין זינען אייגענע אינטערעסן!...

פריץ האָט אַ גענעץ געטאָן, געצויגן מיט די הויכע, פּליישיקע אַקסלען און ווידער געבורטשעט:

— אַרבעטן מוז מען, גנעדיקער, ווען מיר וועלן די הערשער פון לאַנד ווערן. וועלן מיר דיך מאַכן פאַר אַ וויזשילאַנט און דיין ווייבל — אַ דינסט בא דער גנעדיקער פריילן גרעטכען.

פון צופיל שטיקן אין זיך די שרייענדיקע רציחה, האָבן זיך אַנדרעסעס קינבאַקן מאָדנע געשטייפט, באַדעקט געוואָרן מיט אַ קאַלטן גליווער, ווי בא אַ געחלשטן. ער האָט אָנגעשטעלט אויף פריצן די דריי טיפע קאַרבן פון שטערן, די שוואַרצע שרפות פון די אויגן:

— אָן אינדיער בין איך און נישט קיין דייטש!.. דעם אַלטן דאָן פינטשעס אָן אור־אייניקל וועט נישט זיין קיינעמס משרות, פאַרשטאַנען?!..

זיין קול אַ קלאַרס, ווי דער קלאַנג פון קרישטאָל, האָט געציטערט צווישן די אויפגעוואַכטע בלעטער. פריץ האָט פון צעטומלונג אַ פינטל געטאָן מיט די אויגן, זיך אויסגעדרייט מיטן רוקן צו אַנדרעסן און מיט ברייטע שפּאַן, מיט אַ געזונקענעם קאָפּ — אוועק צו זיך אין שטיבל.

— ווער האָט אים אהער גערופן, דעם באַראָן, דעם אויסלענדער! — האָט דאָס באַליידיקטע האַרץ גערעוועט — ווער האָט אים געגעבן די רעכט צו באַשטימען דעם לעבנס־וועג פון דאָן פינטשעס אָן אור־אייניקל?!..

ער האָט זיך אויפגעשטעלט און געגלעט זיינע צוקנדיקע אַקסלען. באַנומען זיין אַנטוישונג. איין קלייניקייט: פון אַ קאָמיסאַר צו אַ וויזשילאַנט...

ראָסאַ האָט זיך צוגעשאַרט צו אים.

אַנדרעס איז אַריינגעלאָפן אין שטיבל, דעם ווייבס מיטגעפיל האָט אים באַליידיקט. ער איז געווען גליקלעך, וואָס זי ווייסט נישט פון זיין דורכפאַל. נעכטן באַנאַכט האָט ער אָנגעשריבן אויף דער געשלאָסענער טיר פון אַ אידיש געשעפט: „אַרגענטינער, אויב עס וואוינט אַ איד אין דיין געגנט, זיי אַ פּאַטריאָט און הרגע אים!"

עס זיינען אָנגעקומען דעם געשעפטסמאַנס צוויי זין. האָבן זיך געוואָרפן שלאָגן. ער האָט אָבער געגעבן צוריק. עמיצער האָט גערופן אַ פּאָליציאַנט, האָט ער אַרעסטירט די צוויי אידן און אים, אַנדרעסן, באַפרייט... די אייגנליבע איז אַ פאַרשוועכטע; די באַקומענע פרייהייט איז נישט קיין פאַרדינטע, קיין ערלעכע... ניין, די אַרבעט, וואָס ער טוט יעדע נאַכט איז נישט פּאַר אים.

— זאָל ער, דער אויסלענדער, וואַרפן שטינק־באָמבעס אויף די אידישע שילן מיט די געבעט־הייזער.

ער האָט זיך אָנגעבויגן און אַפּירגעשלעפּט פון אונטערן בעט אַ קליין קעסטל מיט שטינק־באָמבעס. אומרו און אומצופרידנקייט האָט געברענט אין די ברייטע בליקן און אין יעדן אָבר. ראָסאַ, אַ שטומע, אַ דערשראָקענע, איז געשטאַנען אויף דער שוועל און אים באַטראַכט. ער האָט זיך ראַפּטום אויסגעדרייט מיטן פּנים צו איר, צוגעשפּאַנט צום פענצטער און דאָרטן שטיין

געבליבן מיט ברייטע, צענומענע פּיס און מיט אַ באַזאָרגטן שטערן. ראָסאַ האָט שטיל געפרעגט:

— האָסט מיר עפּעס צו זאָגן, מאַן מײַנער? וועסט אפשר טרינקען נאָך אַ פּאָר מאַטעס?...

— לאָז צו רו, שווארצע!..

די בליקן האָבן געשרפּעט איבער יאָסלס ווארשטאַטל. נאָר דאָס מאָל וועט ער די דאָזיקע אַרבעט אויספירן. די אינגלעך וועלן אים אויסלאַכן, האַלטן פאַר אַ פּחדן, אויב ער וועט נישט טאָן וואָס מען הייסט.. ניין, דעם אַלטן דאָן פּינטשעס אַן אור־אייניקל, איז נישט קיין שוואַך לעמעלע! ער איז אַ וואָרטסמאַן...

עס איז צוגעגאַן צום קעסטל און אַרויסגענומען צוויי שטינק־באָמבעס. אַ געשטרעקטער, ווי ער וואָלט געוואָלט פאַרטויבן אין זיך די וואָרענונג, די אינערלעכע אומרו, זיך אַרויסגערוקט פון שטיבל, נישט געטאָן קיין קוק צום ווייב. זי האָט אים נאָכגעקוקט מיט אומניחהדיקע בליקן און זי האָט זיך עטלעכע מאָל איבערגעצלמט.

— וואָס האָבן זיי צו מיר, די פרעמדע?.. העלף מיר הייליקע מוטערל... ברענג מיר צוריק די געטרייקייט פון מײַן שווארצן...

אַרום ווארשטאַטל איז געווען רואיק. די געזונקענע קעפּ פון די בייזמעלעך, די קלאָרע צווייגן האָבן אים באַגעגנט מיט ווארעמען שמייכל און מיט צוטרוי. אַ טיפער שטערן איז שטעקן געבליבן אױף אַן איבערגעבראָכענעם וואָלקן און געקוקט אױף אים מיט ציטער אין האַרץ, מיט וואָרענונג.

אַנדרעס איז אַריין אין ווארשטאַטל, אַ וואָרף געטאָן איין שטינקבאָמבע און באַלד די אַנדערע. ער האָט זיך אויגנבליקלעך אויסגעדרייט און ווי אַ פאַרפאָלגטע חיה, מיט בראַנדיקער רציחה אין די אָנגעצונדענע בליקן, אַ שפּרונג געטאָן צום טירל. יאָסל האָט אים דעם וועג פאַרשטעלט. אַ ריח פון פוילע אייער האָט אים אַ שלאָג געטאָן אין דער נאָז, ווי אַ איבל צום ברעכן. ער האָט אים אַ כאַפּ געטאָן פאַרן אַקסל און אַ וואָרף געטאָן צוריק אין ווארשטאַטל.

— אַנדרעס, דו אַ נאַצי?..

אַנדרעס האָט זיך אויסגעגלייכט קעגן אים. קרענקלעכע געלקייט האָט זיך גערונדלט אַרום אויפגעציטערטן מויל. פאַראַכטונג האָט געשרפּעט אין די שפּיציקע בליקן. ער האָט אויסגעצויגן די צוויי לאַנגע הענט, אַ כאַפּ געטאָן יאָסלען פאַרן האַלדז, אים אַריינגעשלעפּט אין ווארשטאַטל און מיטן גאַנצן כּוח אים אַריינגעוואָרפן אין ווינקל, אױף די פאַרפּלעקטע שטיקלעך אַרבעט. יאָסל האָט געכאַפּט אַ בענקל און דאָס אַ וואָרף געטאָן איבער אַנדרעס קאָפּ. אַנדרעס האָט ראַפּטום אַרויסגעצויגן דאָס לאַנגע מעסער פון גאַרטל, זיך אַ צעוויג געטאָן אױף די צוויי לאַנגע פּיס, געדרייט אַהין און צוריק מיטן מעסער און אויסגעשריגן:

— גיי אַהער, קאַליקער אידישער אויסוואורף!.. פאַרטיידיק דיך;!

יאָסל איז אויפגעשפּרונגען, געכאַפּט דעם גרויסן הובעל פון אַרבעט־טיש און אַ קלאַפּ געטאָן איבער אַנדרעסעס האַנט. דאָס מעסער איז אַראָפּ־געפאַלן צווישן אים מיט אַנדרעסן. יאָסל האָט אַרויפגעשטעלט אויף דעם די פיס, אויפגעהויבן דאָס דורכזיכטיקע בלייכע פּנים, די ווייסע צעשוימט־קייט פון קאָפּ; פון אויפרעגונג קיין וואָרט אַרויסצוברענגען נישט געקענט.

פון די טונקעלע ווינקלען, אָנגענומענע מיט שטינקענדיקע ריחות, פון יאָסלס הילצערנער האַנט אויף דער וואַנט, פון אויפגעצאַפּלטן שטיקל אָרעם אין אַרבל פון דער פּיזשאַמע, פון די פאַרשעמטע שטיקלעך אַרבעט, פון יאָסלס באַנגיקע בליקן, האָט קרענקלאַזער חוזק אַ געשריי געטאָן — געשלאָגן איבער אַנדרעסעס געבויגענעם קאָפּ.

— ביזט געפאַלן, אַנדרעס, נידעריקער ווי אַ שטרוי... ביזט געקומען פּייניקן אָן אָרעמען קאַליקע... שלאָגן אַ שוואַכערן פון דיר, אָן אומגליק־לעכן. פאַר וואָאָאָס?..

— אידישער הונט! — האָט עס אין אַנדרעסן אַ געשריי געטאָן — מיר וועלן דיר ווייזן!..

יאָסל האָט ביטער געשמייכלט און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ:

— איך ווייס, אַנדרעס, אויף וואָס אַ נאַצי איז פעיק... מיך האָבן די מערדער פאַר אַ פּיזישן קריפּל געמאַכט. דיך — פאַר אַ גייסטיקן... גע־דענק! — מיטן ווייז־פינגער אַ וווּז געטאָן — וועסט צו טייער באַצאָלן פאַר זייער פריינטשאַפט... עס וועט שוין אָבער צו שפּעט זיין. וועסט דיין לוין באַקומען!..

---

קאַפּיטל 13

# פאַרטריבן פון גן-עדן

שפּעטער איז רחל געזעסן אין גאָרטן. שטומער ווייטיק האָט זיך געשניטן אַרום די צונויפגעפּרעסטע ליפּן אירע, דעם קאָפּ אויף די אויפגע־הויבענע הענט אָנגעשפּאַרט, גרייט צו דערשטיקן אין זיך דעם בלוטיקן חוזק, וואָס האָט שטיקער געריסן פון אירע אברים. שטילקייט האָט גע־טריפט פון די צעוויייקטע פלאַכטעס פון ווערבע־בוים. זי האָט אויפגעהויבן דאָס פּנים אַ לויטערס, אַ אומשולדיקס און געקוקט מיט ריינע בליקן צו אַנדרעסעס שטיבל. אַן אָנגערוקטע פינצטערניש האָט וויברירט אַרום דעם, אַ סודותדיקע שטומקייט.

די גרעזלעך אַרום דער באַנק האָבן די קעפּלעך אויפגעהויבן, געקוקט צו איר מיט בלויע אייגעלעך צעשטראַלטע און געשיינט מיט אַ דימענטע־נעם גלאַנץ, ווי די שבתדיקע שטערן אויף דער מוטער רחלס שוואַרצן טרויער שלייער.

רחל האָט שווער געזיפֿצט:

— דיר, מאַמע, איז גוט, דו וועסט מער נישט געפּייניקט ווערן פֿון קיינעם. וועסט נישט אײַנזאַפּן אין זיך דעם ריח פֿון אומשולדיקן בלוט... ביזט מיט איין מאָל איבערגעקומען די שרעק און דעם אומגליק. דײַן טאָכטער שטאַרבט אָפּ צו ביסלעך, צאַנקט אויס ווי אַ ליכט אונטער דער לאַסט פֿון דער באַבעס טרערן, פֿון קלאָג־ניגון איבערן אָפּענעם איוב און פֿון טאַטנס איידעלן שווייגן...

וואָס וויל זי, די אַלטע מעשוגענע, די שוואַרצע קראַ, פֿון האָראַסיאָ מיט זײַנע טאַטע־מאַמע? אין אַלץ זײַנען זיי שולדיק. וואָס פֿאַר אַ דעה האָבן זיי איבער אַנדערעסן? און אַז אין רוסלאַנד זײַנען געווען פּאָגראָ־מען — ווער איז שולדיק אין דעם? האָראַסיאָ איז איר לעבן, קיינער וועט זי נישט אָפּרײַסן פֿון אים. קיין שום קרבן וועט סיי ווי נישט לע־בעדיק מאַכן די מאַמען; אויך דעם טאַטנס אָפּגעהאַקטע האַנט ניט אומקערן. די אַלטע מעשוגענע וויל מאַכן פֿון דער שטוב אַ בית־עולם, אָדער אַן אימקוויזיציע־קעלער, צום פּײַניקן דאָס אייגענע אייניקל, ווי די פֿינצטערע סאַנטאַ אָפּיסיאָ האָט אַמאָל געפּייניקט די אידן, וואָס האָבן נישט געוואָלט גלויבן אין הייליקן סאַקראַמענט. צאָרן האָט זיך געשניטן אַרום מויל, זיך געוואָלט אָפּרעכענען מיט דער באַבען, וואָס רעדט צו איר יעדן טאָג פֿון די צרות פֿון אַ אידיש פֿאָלק, וואָס ווערט געפּייניקט, קומט אָפּ פֿאַר פֿרעמדע זינד. אַ פֿאָלק, וועלכן זי, רחל, קען נישט און וויל נישט קענען... מאַרטירער, וואָס גייען צום טויט אָן אַ פּאַרוואָס.

— אַ „פֿאָלק" — האָבן זיך שפּאָטיש די ליפּן געקרומט — פּחדנים... געשעפֿטן, לערנען קינדער, ליגט זיי אין זינען. בעטן רחמים בא דער שיינער וועלט. זיך בייגן פֿאַר יעדן מלוכה־מאַן, אַן אויסוואָורף, אַ גנב... אַ שיינע „היסטאָרישע" ראָל, אָדער גייסטיקער „כוח", די מאַכט, וואָס וויל פֿאַרכאַפּן די וועלט.

טרערן האָבן איר געוואָרגן אין האַלדז: מוחל דעם „כוח". זאָלן די באָבע, דער טאַטע טראָגן אויף זיך דעם יאָך פֿון טויזנט־יאָריקער מענטש־לעכער רשעות, פֿון אכזריות אָן אַ גרענעץ. האָט עמיצער געלערנט די אי־דישע געבאָטן: זאָלסט נישט הרגענען? — האָט דאָס האַרץ געבלוטיקט פֿון ווייטיק און באַליידיקונג — האָרעוועצן שווער און ביטער, געבן דער וועלט געבילדעטע זין און טעכטער און די וועלט איז „דאַנקבאַר" — זי קוילעט זיי אויס ווי די גענדז...

ניין, זי וויל נישט זײַן שטאָלץ מיטן אָפּקומען פֿאַר פֿרעמדע זינד. זי וויל נישט שעפּן איר לעבנס־זאַפֿט אין די קוואַלן פֿון אידישן יאָמער־טאָל. זי איז אויסגעוואַקסן אין אַ פֿרייַ לאַנד, צווישן קינדער, אין ווע־מענס רייַנע הערצער עס זײַנען ווי מיט גאָלדענע אותיות אויסגעברענט די לערע פֿון פּאַטערלענדישן פּראָפֿעסער: „אַמעריקע פֿאַר דער מענטשהייט". די גרעזעלעך אַרום דער באַנק האָבן זיך צעוויגט. רחל האָט פֿאַרפֿלאָכטן אירע שמאָלע, אָפּגעבאָליעטע הענט אַרום קאָפּ, אויפֿגעכאַפּט אַ שטיל

שעפּטשען פון ערגעץ ווייט, ווייט, און פון יעדן גרעזל איז ווידער אַ מענטשלעך אויג געוואָרן. דאָס מאָל אַ טיפּס, אַ שוואַרצס, ווי אירע אייגענע אויגן:

רחל, מיין איינציק קינד, צו די זיבן חדשים האָבן זיי דיך פון דיין מאַמעס לייב אַרויסגעריסן! די וועלט, וואָס האָט פאַרשוויגן די רציחה איבער מיר איז אַ מיטשולדיקע... ווער עס האָט איין מענטש אומגעבראַכט, האָט אַ גאַנצן דור געטויט... קין באָדט זיך אין בלוט פון זיין ברודער.

רחלס אויגן זיינען געוואָרן גרעסער און אַן ענגשאַפט האָט געשטיקט די ברוסט. שולדיקייט איז אויפגעגאַן אין איר, בושה און מאָנונג. די באָבע מיטן טאַטן האָבן נישט געטאָרט פאַרשווייגן דיין פאַרשניטן לעבן, זיי האָבן געמוזט אויפשטורעמען יעדעס מענטשלעך האַרץ, אויפשטורעמען די וועלט און נישט אויפהערן מאָנען גערעכטיקייט, אַנטפּלעקן דעם שקר פון די קינס.

— זעט, איר קריסטן, אייערע פּרוכטן, אייער דערציונג! וואו זיינט איר מיט אייער פּרעדיקן — פילאָזאָפן און דענקער, דיכטער און וויסנשאַפטסלייט; רעליגיעזע פירער און וויכהאַרציקע פילאַנטראָפּן? פּרינצן און קעניגן־ראָמאַנטיקער? — מיר האָבן צו אייך גערופן און איר האָט זיך אויסבאַהאַלטן. קוקט אַריין אין אונדזער טויזנט יאָריקן יאָמער־טאָל. דאָס האָט איר, מיט אייער שווייגן, אים געהאָלפן אָנפולן מיט בלוט און מיט אונדזערע טרערן. איר האָט אייער ברודער קין די שווערד דערלאַנגט...

— מאַמע, מאַמע! — האָט זי די פינגער פון די הענט געבראָכן — איך וויל נישט געהערן צו אַ פאָלק, וואָס האָט זיך אליין פאַרמשפּט צו אייביקן ליידן. העלף מיר, מאַמע, אַרויסקומען פון דעם קאָשמאַר; איך קען נישט נאָכגיין דער באָבען; איך וויל נישט!..

רחל האָט זיך אויפגעהויבן, אָנגעהויבן שפּאַנען הין און צוריק אויף דער שמאָלער סטעזשקע צווישן די צוויי רייען קורצע, אונטערגעשוירענע ביימלעך. אַלץ אין איר האָט געפּלאַקערט, זיך געבונטעוועט קעגן די כוואַליעס מיט נייע געדאַנקען, וועלכע האָבן ווי היישעריקן פאַרפלייצט דעם מוח און אויסגעפּיקט דאָרטן נייע נעסטן, נייע דענקונגס־קעמערלעך.

דער טאַטע איז איר אַנטקעגן געקומען. קלענער, אַראָפּגעזעצטער האָט ער אויסגעזען. די צעשוימטע ווייסקייט פון קאָפּ, דאָס דורכזיכטיק ווייסע פּנים האָט זיך אַלץ העכער צו די בלויע כמאַרעלעך אויפגעהויבן, ווי ער אַליין, יאָסל, וואָלט אין זיינע ליידן געהייליקט געוואָרן און אַלץ אין אים רייסט זיך צו אַנטרינען פון אַ וועלט, וואָס איז באַהערשט פון האַס, פון שגעון.

רחל האָט אויף גיך אָפּגעווישט די טרערן פון פּנים און געפּרוּווט אַ שמייכל טאָן, נאָר דער שמייכל איז געליימט געוואָרן אַרום איר מויל, ווי די לעצטע טרער פון אַ גוסס. יאָסל האָט זי אָנגענומען פאַר אַ האַנט און מיט איר צוגעגאַנגען צו דער באַנק און זיך אַוועקגעזעצט. אַ טיפע זאָרג האָט זיך אָפּגעזעצט אויף זיי, ווי דער וועלט־צער און די מענטשלעכע

אכזריות וואָלט זיי דערדריקט, ווי אַ שווערע אומדערטרעגלעכע לאַסט. יאָסל האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, געקוקט אויף דער טאָכטער מיט אַ לויטערן בליק, אָן אָנגענומענעם מיט בענקשאַפט נאָך אַ ביסל מנוחה, אַ באַגער, וואָס צאַפּלט שוין טויזנטער יאָרן אין די הערצער פון זיינע גע־פייניקטע און באַליידיקטע שוועסטער און ברידער.

רחל האָט די שטילקייט איבערגעריסן.

— איך וויל נישט, טאַטע, אַז די באָבע, די שלאַנג, זאָל דערמאָנען עמיצן פון חתנס משפחה אין מיין אָנוועזנהייט. הינטער מיינע פּלייצעס קען זי בילן, רייסן פון זיך דאָס העמד. ווער איז שולדיק, אַז אַנדרעס איז געוואָרן אַ נאַצי? ווער?..

— פאַרביטערונג איז געווען אין איר קול און מידקייט.

יאָסל האָט פאַרדריסלעך מיטן קאָפּ צוגעשאָקלט.

— אַ מענטש, רחל, וואָס האָט איבערגעלעבט די פּיין, דעם גרויל פון דריי אומגעבראַכטע דורות, איז געהייליקט געוואָרן אין די אייגענע ליידן. צו אַזאַ מענטש מוז מען זיך באַציען מיט דרך ארץ, מיט אַ ביסל מער מיטגעפיל. פאַרוואָרף איז געווען אין זיין קול. די בלייכקייט פון פּנים האָט זיך שטאַרק אויסגעטיילט פון צווישן די פלאַכטעס פון ווערבע בוים. רחל האָט אויפגעהויבן דאָס פּנים, געקוקט אויף אים מיט אַ טיפן בליק, אָן אָנגענומענעם מיט חידוש. נאָך אַ ווײַלע שווייגן — ווידער די שטילקייט איבערגעריסן.

— אויך דו, טאַטע, הערסט מיך אויף צו פאַרשטיין... איך ווער דאָ דערשטיקט.

— „פ אַ ר ש ט יי ן", „פאַרשטיין"!.. ער האָט אַן אומגעדולדיקן מאַך געטאָן מיט דער האַנט. — אַ מענטש טאָר נישט מאָנען פאַר זיך אַזוי פיל, נאָך מענטשן נייטיקן זיך אין עמיצנס אַביסל פאַרשטענדעניש. דאָס בעסטע, דאָס קליגסטע, דאָכטער, וואָלט געווען, האָט ער מיט קלאָר־קייט אין קול צוגעגעבן, איר זאָלט וואָס גיכער אַרויסנעמען דאָס חתונה־ביכל. די באָבע וועט דיר נישט נאָכלויפן, דיר אויך קיין שונא נישט ווערן.

רחל האָט אים אָנגעקוקט מיט אַ זייטיקן בליק, און די רואיקייט אין איר איז אויפגעגאַנגען. זי האָט אַליין נישט באַנומען איר פאַרצוויי־פלונג, די ביז איצטיקע אומבאַשטימטקייט. דעם טאַטנס באַשטימטער טאָן האָט זי געשטאַרקט, דערהויבן. זי האָט אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויף זיינע אַקסלען, אַ פאַרשעמטע און אַ געטרייע. די פינגער האָבן געצערטלט דאָס אויפגעציטערטע שטיקל אָרעם אין אַרבל פון דער פּיזשאַמע, פאַרקראָכן צווישן דער צעשוימטער ווייסקייט אַפן קאָפּ, צוגעלייגט די רעכטע באַק צו זיין באַק און טיפע דאַנקבאַרקייט, צוטרוי האָט געשיינט אין אירע אויגן און אַרום איר טרויעריק צעשמייכלטן מויל.

וואַרימקייט האָט אַ שלאָג געטאָן אין זיינע אבֿרים.

— ווער האָט זי אים צוריקגעשענקט? און אפשר דאכט זיך אים נאָר אוים? בעטן דען נישט די פינגער אירע קיין מחילה?

— טאטע, דערציי̈ל מיר עפּעס פון דיין לעבן מיט דער מאמען! — האָט רחל נישט דרייסט געבעטן. — האָט איר חתונה געהאט אוים ליבע? האָט דיך די מאמע פארשטאַנען?

יאָסל האָט אַ זיפץ געטאָן און נאָך אַ לענגערן טראכטן ווידער די שטילקייט איבערגעריסן.

— מיין נשמה, רחל, איז געבליבן בא דיין מאמען — און דאָס איז אַלץ.

— ביזט אַ הייליקער, טאטע, א מארטירער...

טרערן האָבן זיך געוויזן אין אירע אויגן, און אויך יענער כוח, וואָס גייט אין זיי אויף, דעמאָלט ווען דער צוטרוי צו דער וועלט נעמט זיך ברעכן אין איר.

— יעדער מענטש, רחל, מוז האָבן אַ שיינעם חלום... מיין חלום איז געווען אַ קורצער. די שיינקייט איז געבליבן אין מיר... האלט מיך אף די פּים. דאָס מיאוסטע און עקלדיקסטע באשעפעניש איז דער זינגער פון האס, דער משוגענער שונא ישראל...

— איך וויל לעבן, טאטע, נאָר פאר מיר מיט האָראסיאָן, פאר אונ־דזער נאָבעלער אַרבעט... איז דאָס דען ווינציק? און דאָס הארץ זאָגט מיר כסדר עפּעס שלעכטס...

זי איז אנטשוויגן געוואָרן, אָנגעשטעלט א זוכנדיקן בליק צו אנדרע־סעם שטיבל, אָפּגעזיפצט און זיך אַ טוליע געטאָן צום טאטן. יאָסל האָט אַריינגערעדט אין דער טונקל בלויער פארטראכטקייט:

— די וועלט, מיין קינד, נייטיקט זיך אין גרויסע גייסטער... די רויבערישע רעגירונגען פארסמען די פעלקער, מאכן זיי משוגע... זיי קוילען זיך איינס דאָס אנדערע, די ערשטע שפּייז פארן וואמפּיר איז דאָס אידישע פאָלק... אונדזער גוף האָבן זיי שוין באלד אויפגעפרעסן, די גזלנים, נאָר די נשמה לעבט!... אָ, זי איז געהייליקט און געשטארקט אין אירע ליידן,

— איך בין צו שוואך, טאטע... אויב די מלחמה וועט נישט אויפ־הערן, וועל איך באגיין זעלבסטמאָרד... דאָס פארגאָסענע, אומשולדיקע בלוט פייניקט מיך!

יאָסל האָט אַרויפגעלייגט די דלאָניע אף איר מויל און זי אָנגעקוקט מיט צעשטרייטע בליקן, אָנגענומענע מיט גרעניצלאָזער ליבשאפט

טיפע, בלויע שטערנדלעך האָבן געפינקלט איבער זיי. זיך איינגע־שטאָכן אין די ברוינע וואָלקנדלעך אפן הימל און געוואַרט מיט פרומע, פארצויגענע ליפּעלעך. מיט אַ פרומער לויטערקייט אַפן פנים, האָט זיך די אַלטע אוועקגעשטעלט באם זוים פון גאָרטן און גערופן:

— יאָסל, יאָסל, רחל, וואו זיינט איר אַהינגעקומען? די וועטשערע איז פארטיק!..

רחל האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן ווי פון שלאָף. יאָסל האָט אַרויסגעפּילט איר אומרו. ער האָט זיך אויפגעשטעלט און זיך אָנגערופן:

— גיי, טאָכטער, אביסל צו די אַלטע... ס'איז בעסער, אַז די באָבע זאָל דיך איצט נישט זען...

רחלס אויגן האָבן אַ גלאַנץ געטאָן צו דאָן טשיטשעס שטוב. בענקשאַפט נאָך מנוחה האָט אין זיי געצאַפּלט. האַראַסיאָס היים איז פאַר איר אַ טרייסט און אַן ערדישער גן עדן...

די אַלטע, אַ פאַרמוחטע, האָט זיך געהוידעט אין דער צעפּאַרענער וויג־שטול און שטיל געשעפּטשעט אַ תפילה. רחל איז צו איר צוגעגאַן און זיך פּאָרזיכטיק אַראָפּגעלאָזט אַפן קליינעם פוס־בענקעלע, שטיל און צו־טרוילעך אָוועקגעלייגט דעם קאָפּ אַף דער אַלטער שויס. זי האָט אַ דער־לייכטערטן זיפץ געטון און געוויקלט די בלייכע אָפּגעחלשטע הענט אַרום דער אַלטערס קני. זי האָט זיך באַרואיקט, פּונקט ווי מיט יאָרן צוריק, ווען דער טאַטע האָט זי אַהין געבראַכט, אַ וויינענדיקע, ווייל די באָבע האָט איר געצוואונגען צו עסן אַ סך...

די אַלטע האָט עטוואָס אויפגעמאַכט די שפּאַלטן פון די רויטע אויגן־דעקלעך, אַ לויער געטאָן אַף רחלס בלייכן פּראָפיל, אַף די קויל־שוואַרצע, בעוואָרפּענע לעקעלעך. די באַליידיקונג, דער ווייטיק פון אַן אָפּגענאַרטער מאַמע, האָט געטאָטשעט, געבראָטן.

— פאַר וואָס, פּילאַר, קומט דאָס דיר? אזא אומפאַרשעמטקייט!... ווייל דו ביזט צו גוט צו יעדן הונט, צו יעדן חונף — שפּייט מען דיר אין דער נשמה. אויסגעהאָדעוועט אַ שוואַרצע קראַ, האָט זי דיר אויסגע־פּיקט די אויגן... פון קליינערהייט אָן זי אָפּגעהיט, די דאַזיקע ליגנערטע. נישט געוואוסט ווער זי איז. די ווירעקע... האָבן דעם הייליקן דערלייזער אומגעבראַכט... און זי — די נשמה פון מיין זון!.. אים צוגענומען בײַ מיר. דרייסיק טויזנט נדן קען ער באַקומען, דער דאָקטער, דער שיינער מאַנצביל, און אַ טאָכטער פון די סאַמע רייכסטע, פון אייגענע...

פּילאַר האָט געשטיקט אין זיך דעם כעס. זי האָט מורא געהאַט אַרויסצוטרייבן רחלען. דער חוש פון אַ מאַמע, וואָס וויל ראַטעווען דאָס אויסגעגליטשטע קינד, האָט געוואָרנט נישט צו זיין איבערגעאײַלט. מיט גוטן, מיט נענוג קלוגשאַפט וועט זי אפשר אויספירן דאָס איריקע... דער אָנגעזאַמלטער דורות־לאַנגער האַס צו אידן, דעם אַנטיקריסט, האָט אָבער גובר געווען דעם באַשלוס. מיט די שפּיצן פון די פינגער האָט זי באַרירט רחלס קאָפּ, ווי זי וואָלט מורא געהאַט צו פאַרשוועכן איר קריסטלעכע לויטערקייט. רחל האָט צו איר דאָס פּנים אויפגעהויבן. די ברייטע, לוי־טערע בליקן, אָנגענומענע מיט בענקשאַפט נאָך מנוחה, נאָך אַ ווינקל, וואו קיינער וועט איר מער נישט ווייטאָן, האָט ווי הונדערט מנורה־ליכט אין בית המקדש אַרויסגעשיינט פון די בליקן, איינינעם מיט אַ מאָדנעם כוח, וואָס האָט עקשנותדיק דורכגעבראָכן די שטוביקע טונקלקייט.

שרעק און באַוואונדערונג האָט אַ ברען געטאָן אין דער אַלטערס בליקן. ווי דער אידישער נישט־גוטער, דער כישוף פון וועלכן דער היילי־קער האָט אַ סך שלעכטס דערציילט, לעבט אין איר בלוט... צום ערשטן מאָל דערזען!...

פילאַר האָט אַ געבראָכענעם זיפץ געטאָן, ראַפּטום אוועקגעכאַפּט די פינגער פון רחלס קאָפּ און זיי אָפּגעלעקט מיטן שפּיץ פון דער צונג. באַלד אָפּגעווישט אין זוים פון פאַרשמאָלצעוועטן פאַרטוך, אַף גיך אַפּירגענומען אַ פּעקל מיט הייליקע בילדער פון אונטערן זיץ, זיי אָנגעהויבן איבערמישן און געזייעט דורך די פרום פאַרשנורעוועטע ליפּן:

— דערבאַרעמט אייך, טאַטעלעך הייליקע,.. באַווייזט אַ נס...

רחל האָט געקוקט אַף דער אַלטערס פאַרענדערט פּנים, נישט געוואַגט צו שטערן אפילו מיט איין וואָרט דער מאַמעס דערהויבנקייט, דאָס צו־נויפגיסן זיך מיט דער געטלעכער לויטערקייט. זיך אויפגעהויבן און אַף די שפּיצן פון די פינגער זיך אַ לאָז געטאָן צו דער טיר. די אַלטע האָט אַ זייע געטאָן צווישן די ציין:

— בלייב דאָ, רחל!..

זי האָט זיך אומגעדרייט מיטן פּנים צו דער אַלטער, זי אָנגעקוקט מיט אַ טיפן בליק, אַ פאַרחידושטן:

— וואָס איז מיט אייך, מאַמעלע? עפּעס נישט מיט אַלעמען? אפשר מאַכן אַ מאַטע, אָדער אביסל טיי פון טילאָ?...

פילאַר האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אַף ניין. רחל איז געוואָרן אומ־געדולדיק, ווי יעדן טאָג אָנגעהויבן אויפּרוימען דעם צימער, געטריי אַרומ־געווישט די גלאָזוואַרג אַפן קאַמאָד, אָפּגעווישט דעם שטויב פון טיש און אים פאַרשפּרייט מיט אַ ווייסן געפּרעסטן טישטוך. זי האָט אַראָפּגענומען פון בענקל האַראַסיאָס מלבושים און זיי אַריינגעהאָנגען אין שאַפע. פילאַר האָט די שטילקייט איבערגעריסן.

— דו האָסט שונאים, רחל!

רחל האָט אַן אומניחהדיקן שמייכל געטאָן, אַ מאַך געטאָן מיט אַ האַנט:

— מיין געווינן, מאַמעלע, איז רואיק... ווער סע נעמט אין אַכט די בייזוויליקע צינגער, באַגייט אַן עוולה קעגן זיך אַליין...

די אַלטע האָט אַ זיפץ געטאָן דורך די צעשפּאַרטע נאָזלעכער און די שטייפע, גרויסע הערעלעך פון דער בראָדעווקע אַף דער באָרד האָבן זיך צעטאַנצט, ווי אַ צעקאָליעטשעטע שפּין... כיטרע פלעמלעך האָבן גע־בליצט אין די אויגן.

— דו וועסט מיר מוזן דערווייזן אויב זיי ליגן... די גאַנצע גאַס, אַלע שכנים ווייסן פון דעם, נאָר איך, אַלטער נאַר, בין געווען בלינד... נישט געוואוסט פון וועמען דו קומסט אַרויס...

זי איז אַנטשוויגן געוואָרן. פאַרלוירנקייט און שטוינען האָט אַ גע־שריי געטאָן אין רחלען. באַם האַריץ־גריבל האָט אַ קאַלט ווינטל געבו־

שעוועט ווי אין אַ מדבר. מיטאַמאָל האָט זי דערפילט, אַז די געטרייקייט, די ליבע, די אָפּפערוויליקייט צום חתנס טאַטע־מאַמע איז איבערגעבראָכן געוואָרן... זי ליגט אַ צעשטויבטע, אַ פאַרבלוטיקטע פאַר דער אַלטערס פּיס. רחלס אָטעם־בענדער זיינען געוועזן מאַכטלאָז, ווי געליימט. נישט געקענט אַרויסריידן דעם טאַטנס תרעומות צו די קריסטלעכע פריינט זיינע.

— ווען איר האָט אַן אָנונג, אַז איר זיינט די אומדירעקטע מיט־טרעגער פון אומרעכט און פאַרברעכן איבער אונדז, וואָלט איר נישט גע־בליבן קאַלט און שטום, ווען די ברידער אייערע פירן אונדז אין די גאַז־קאַמערן... די אַזוי גערופענע קריסטלעכע הערשער זיינען מעשוגע אין זייער גייעג נאָך גאָלד און נאָך לענדער — אַנטוויקלען זיי אין די פעלקער אַ קראַנקן האַס צום איד, וועמען מען באַשולדיקט אין די אייגענע באַגאַנ־גענע מערדערייען און פאַרברעכנס... די אויפגערייצטע פעלקער, אַליין אויסגעלאַכטע און דערנידעריקטע — גייען מיטן משוגענעם הערשער קוילען אונדז; רויבן אונדזער שווער פאַרהאָרעוועטע האָב און גוטס!

רחלס שטומע בלייכקייט, דער באַנגיקער שמייכל אַרום די געשלאָ־סענע ליפּן, האָט געשטאַרקט דער אַלטערס צאָרן, דעם געפיל פון באַליי־דיקטער גערעכטיקייט. זי האָט די לויטערע שטילקייט איבערגעריסן:

— דיר, רחל, וועלן מיר פאַרגעבן דיין געמיינקייט... ביזט אַ יונג נאַריש מיידל, אַ צעפּעסטעטע, האָסטו געליגנערט, געמיינט עס וועט זיך דיר איינגעבן... זי האָט אַ לאַך געטאָן מיטן בלוטיקן חוזק אַרום צעקרימטן מויל — אָבער דעם טאַטן דיינעם, וועלן מיר נישט פאַרשווייגן. מיין אַלטער איז אַ כעסן, דו קענסט אים! זי האָט אַ דריי געטאָן מיט אַ פויסט: אַ דאָקטער פאַר אַן איידעם וויל ער, דער איד, דער עקלהאַפטער קאַליקע!..

רחל האָט פאַרדעקט דאָס פּנים מיט ביידע הענט, זיך אויסגעדרייט מיטן רוקן צו דער אַלטער, אַ צעטומלטע, אַן אַראָפּגעזעצטע איז זי אַרויס פון שטוב.

---

קאַפּיטל 14

## זייער ערשטע באַגעגעניש

אין דער נאַכט איז דער גרויסער שפּיטאָל־הויף געווען אָפּגעליידיקט פון מענטשן, ווי אַן איינפאַר־הויז, פון וועלכן די געסט מיט זייער רעש און געפּילדער, האָבן זיך ענדלעך פאַרנומען. אַ פרומע אויפגערוימט־קייט, אַ טיפער ערנסט, ווי די זאָרג פון אַן אַלטן געוויסנהאַפטן דאָקטער באַם בעט פון אַ געווינערן, האָט געלויערט אַרום די הויכע שטיינערנע ווענט פון די לאַנגע שפּיטאָל־סאַלעס אַרומגעוואַקסן מיט שווערע, גרינע שליאַדעס קלעטער־פּלאַנצן, דורכגעוועבט מיט בלויע אָפענע רויזן בע־

בערלעך. דורך די בלויע קאלטע שויבן, האט זיך געמערקט א שוואך, האלב אויסגעלאשן ליכט, וואס האט זיך געשפרייט ארום דער גאַ־לעריע און סודותדיק איבערגעגעבן צו די דרימלענדיקע ביימער, די אייביקע סודות פון מענטשלעכער געבראכנקייט; אז דארטן, אין די סאלעס, אונטער ווייסע דעקעס, אף די שמאלע אייזערנע בעטלעך — צאנקען די איינזאמע מענטשן... קיינעם גייט מער נישט אן זייער לעבן און אויך נישט די יסורים זייערע פון גרויזאמען טויט..

האראסיא איז געווען מאדנע אויפגערוימט. געזעסן אף א לאנגער באנק מיט נאך צוויי סטודענטן, אנגעטאן אין ווייסע דאקטארשע כאלאטן, מיט ווייסע קיילעכדיקע היטעלעך אף די קעפ. די צוויי הויכע סאסנע־ביימער הינטער דער באנק האבן זיך מאדנע אויסגעטיילט פונעם אף דער נאכטיקן שווייגן און פארריסן די קעפ צו דער אפענער לבנה, וועלכע איז ווי א רויטער אנגעצונדענער קנויל צווישן הונדערטער בלישטשנדיקע שטערן איינגעפאסט געווארן. ארום אלעם האט זיך געוויקלט דער מאדנער שפיטאל־אטעם, אן אנגענומענער מיט ריחות פון יאד און כלאראפארם; פון קילע אויסגעפרעסטע ליילעכער, פון אלטקייט און צעפוילונג — פון טויט — אינאיינעם מיטן פרישן ריח פון אן ערשט געבוירן קינד..

— ער איז געקומען צום צייןַדאקטער, דער פריץ — האט הארסיא אריינגעשמייכלט אין דער בלויקייט, ארום פארמאכטן שפיטאל טויער — פריץ איז געקומען פארלייגן א וואנדקע...

פריץ האט דערציילט וועגן א מייחל, א שיינקייט, וואס איז פאר־ליבט אין פירער און לאזט נישט צו צו זיך קיין שום מאנצביל — נו, זאל ער זי אהער ברענגען!.. הארסיא וויל זיך דווקא באקענען מיט אן אומ־בויגזאמער דאמע... ניין, הארסיא איז מער נישט קיין אינגעלע; זאלן זיי אים פרואוון מאכן פאר א נאצי. זאלן זיי, די בהמות... שלעכט וועט זיין אויב רחל וועט קומען פריער פאר זיי. זי וועט אים צעשטערן דעם פראַ־גראם. א מאדנע פארשוין, דער פריץ. ווי ליב ער האט דאס פאלק זיינס און אויך דעם פירער. אפילו די דייטשע פרוי, מיט וועלכער ער וויל אים באקענען, איז בא אים א וואונדערלעכער מלאך — די העכסטע נימפע... דער צויבער פון דייטשער מוזיק...

— מוזיק? — האט הארסיא אן אומערלעכן שמייכל געטאן און איין זייט פנים האט זיך מאדנע אויסגעדרייט. נישטא קיין אומבאַוויג־בארע... א מאן קען א לעבן־לאנג בענקען נאך א פרוי און זי נישט דער־גרייכן... א צווייטער וועט אנצינדן אין איר דאס בלוט, געווינען דעם ווייבערישן צוטרוי זי וועט ווי א צייטיקע פירה אריינפאלן אין זיינע ארעמס... א טייער פאלק די ווייבער. ער, הארסיא, האט צו זיי גארנישט. זיי האבן זיך זייער איינגענעם געשמאק.

— וואס טראכסטו אזוי פיל, הארסיא. ווילסט אפשר ווערן א צווייטער גאלילייו? — האט זיין שכן קאלט געפרעגט

— שווייג, האנס, דו שוטה — האָט אים האָראסיאָ אַ שטורכע געטאָן מיטן עלנבויגן — פאַרגין מיר די רואיקייט און די פרייהייט צו זיין מיט זיך אליין... דאָ, אין מיין לאַנד, קען נאָך יעדער מענטש לעבן און האַנדלען ווי אים געפעלט!..

האנס האָט אויף אים אַ זייטיקן קוק געטאָן און די דינע מעסערדיקע ליפּן האָבן זיך צונויפגעשלאָסן. דער פלאַטשיקער גרויסער קאָפּ, ווי דער דנאָ פון אַ טעלער, די גראָבע ברייטע נאָז, איינגעפּלעטשט אויף דער סאַמע מיט, האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דער רויטער לבנה און אים אַ מאָדנעם אויסזען געגעבן...

האנס האָט זיך כסדר באַמיט צו זיין נאָענט מיט די שפּיטאָל חברים, נאָר סיי זיין אויסזען, די בלויקייט פון פּנים און דער פלאַטשיקער קאָפּ צווישן די הויכע, פלייצשיקע אַקסלען, די שטומקייט, האָט געוועקט צו זיך אומצוטרוי... האָראסיאָ האָט געהאַט צו דערציילן, אַז האנס האָט צוריק מיט צען יאָר, איינינעם מיט זיין טאַטן, געווען אָנגעשטעלט אין אַ גרויסער דייטשער האַנדלס־פירמע — אָנגעקומען פון בערלין און געוואוינט ערגעץ אין אַ רייכן האָטעל, אין האַרץ פון בוענאָס איירעס. האנס האָט זיך אָבער אויסגעהיט צו דערציילן עפּעס פון זיין היים און פון זיין לעבן אין אַרגענטינע. די צוויי קיילעכדיקע, טונקל־גרויע שפּילקע־אייגעלעך זיינען כסדר איינגעזונקען געווען אין די אויגן־לעכער, ווי צוויי מייזלעך, וואָס האָבן מורא אַרויסצוקריכן פון זייער באַהעלטעניש.

האָראסיאָ האָט צו אים קיין צוטרוי נישט געהאַט. געוואוסט, אַז האנס האָט אַ לענגערע צייט פּראַקטיצירט אין קליניק־שפּיטאָל, אים איז אויסגעקומען זייער מאָדנע יענעמס אָפּלאַכן פון די פריערדיקע שפּי־טאָל־חברים; זיי אַ סך מאָל אָנגערופן נאַציס...

האנס ווידער, האָט זיך געפילט פרעמד צווישן די נייע שפּיטאָל־חברים. האָט פון גאַנצן האַרצן געבענקט צוריק אַהין נאָך זיינע פריינט, דאָרטן, צווישן וועלכע ער האָט זיך געפילט צווישן אייגענע... זיך אַרומ־געדרייט מיט אַ פּאַריסענער נאָז, גערעדט אָפן און פריי פון דער גליקלעכער, דייטשער סטודענטנשאַפט, פון היטלערס איבערמענטשלעכער יוגנט און פונעם גרויסן כבוד, וואָס ווערט דאָרט צוגעטיילט צו יעדן אויסגעשפּראָ־כענעם נאַצי, יעדן מאַן מיט שטאַרקע נערוון...

אַמערסטן האָבן זיינע שילדערונגען וועגן דעם אויסקוילען די אידן, אויסגענומען בא דער מערהייט דאָקטוירים און סטודענטן. שוין יאָרן־לאַנג, נאָך איידער היטלער האָט קראַנק געמאַכט די וועלט — איז דער קליניק־שפּיטאָל געווען אַ נעסט פון די געמיינסטע, נאַציאָנאַליסטישע יונ־גאַטשעס... יעדער סטודענט, וואָס האָט ליב געהאַט דעם אמת און די פרייהייט — דעם גייסט פון זייערע פּראָפעסערס — איז פון די נאַציאָנאַ־ליסטישע טכוירן, געפּייניקט און דערנידעריקט געוואָרן. אַ סך זיינען זיך פון דאָרט צעלאָפן. די לעצטע צייט האָט זיך דאָס פייער אין יענעם שפּיטאָל אַ הויב געטאָן מיט זיין גאַנצער גהינומדיקער ווילדקייט. יעדער סטודענט,

אָן אַנטי־נאַצי, איז גרויזאַם געפּייניקט געוואָרן. אַ אידישער סטודענט איז דאָרטן מער נישט זיכער געווען מיטן לעבן. געווען פאַלן פון אידישן אויסדויער, וואָס האָט נאָך מער גערייצט די משוגענע יונגאַטשעס, געוואָרן ווילד און זיך אָנגעהויבן באַנוצן מיט די דייטשע מעטאָדן: איינמאָל נעכאַפּט אַ אידישן סטודענט, אים אויסגעטאָן נאַקעט, צוגעבונדן צו אַ בוים, אַלע אינאיינעם האָבן אים געשלאָגן מכות רצח, אָן רחמנות. אין אַן אַנדער פאַל, האָט מען אַ אידישן סטודענט פאַרשפאַרט אין באָד־צימער און דריי טעג מיט דריי נעכט געמאַכט רעגענען אויף אים קאַלטע וואַסער. ערשט אויפן פערטן טאָג אים אַרויסגעוואָרפן אַ נאַקעטן אויפן שפּיטאָל־הויף, איינגעוויקלט אַ צעבראָכענעם מיט געפערלעכע וואונדן אויף די דעליקאַטסטע קערפּער־טיילן.

האַנס האָט געטריי געדינט זיינע אַרגענטינער נאַצי־קאָלעגן...

אויך אינעם שפּיטאָל ראַווסאָן איז פאָרגעקומען אַ כאַראַקטעריסטישער אינצידענט:

איינמאָל, אין אַ באַנאַכט, האָט מען דרינגענד אַרויסגערופן די גיכע הילף. נישט ווייט פון שפּיטאָל איז דער אַמבולאַנס אָפּגעשטעלט געוואָרן און עטלעכע פאַרשוינען האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן מיט אַ שרעקלעכער רציחה אויף האָראַסיאָן און נאָך אַ סטודענט, זיי אָנגעהויבן שלאָגן מיט אייזערנע הענטשקעס איבער זייערע קערפּערס. האָראַסיאָ האָט זיך נישט פאַרלוירן און אַרויסגעכאַפּט אַ רעוואָלווער פון הויזן־קעשענע און אָפּגעפייערט עטלעכע קוילן אין דער לופטן. די שוואַרצע פאַרשוינען זיינען זיך צעלאָפן פון שלאַכט־פעלד איבערלאָזנדיק איינעם פון זייערע חברים אַ פאַרוואונדעטן, וועלכער האָט זיך מודה געווען פאַר דער פּאָליציי אין זייערע מעשים. די נאַציאָנאַליסטישע סטודענטן — האָט ער צוגעגעבן מיט חוצפּה — ווילן נקמה נעמען פון יעדן דעמאָקראַטישן סטודענט..

פון דעמאָלט אָן, האָט האָראַסיאָ אָנגעהויבן קוקן קרום אויף האַנסן. ער איז כמעט געווען זיכער, אַז סיי האַנס און אויך ניקאָלאַס האָבן זיך באַטייליקט אין דעם איבערפאַל אויף אים.

דער צווייטער סטודענט, וואָס איז איצט געזעסן לעבן האָראַסיאָן, איז געווען אַלפּרעדאָ, אַ בחור פון אַ יאָר דריי־און־צוואַנציק, אַ הויכער, אַ ביי‏געוודיקער, מיט שוואַרצע, קיילעכדיקע, הייסע און פאַרחלומטע אויגן און מיט קויל־שוואַרצע געצירטע קוטשעראַווע האָר, אַ זון פון פאָלק! די טאַטע־מאַמע — פּשוטע פּרוכט־הענדלער — האָבן געשטאַמט פון שפּאַניע. אינעם בירגער־קריג האָט ער אָנגעוואוירן די מערהייט פון די משפּחה־מיטגלידער, שוועסטער און ברידער. דער האַס צום פאַשיזם האָט זיך צעפלאַקערט אין די צעפּייניקטע הערצער. זיי האָבן זיך מיטן גאַנצן אימפּעט מיטבאַטייליקט אין יעדער זאַמלונג אויף צו העלפן די שפּאַנישע רעפּובליקאַנער פרייהייטס־קעמפער, וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט קיין פראַנקרייך און קיין אַרגענטינע.

אַ סך מאָל פאַרבעטן צו זיך אידישע מענער און פרויען די מיטאַרבעטער אין די הילפס־קאָמיטעטן. אלפרעדאָ האָט זיך מיט זיי נאָענט באַקאַנט. פון דער נאַטור אַ טרוימער, אַ ראָמאַנטיקער, האָבן אים די אידישע לײדן טיף גערירט. ער האָט מיט דעם גאַנצן אײפֿער פון זיין אומרואיקן גייסט, דורכגעלייענט די ביבל, די אידישע געשיכטע און האָט אָנגעהויבן קוקן אַף יעדן איד, ווי אַף אַ זון פון ביבל־פאָלק, אַף איינעם וואָס טראָגט אַף זיין לייב סימנים פון די וואונדן פראָדוצירט דורך קינס הענט.

ער האָט נישט ליב געהאַט האַנסן נאָך דערפאַר, ווייל יענער האָט כסדר אַרויסגעוויזן דעם אָפענעם בלינדן האַס צום גאַנצן אידישן פאָלק. צו יעדער געלעגנהייט איז געזוכט אויפצומאַכן די אויגן... פלוצים האָט אלפרעדאָ אַרויפגעלייגט אַ האַנט צו האַנסן אַפן רעכטן אַקסל און זיך אָנגערופן:

— נו, האַנס, האָסטו זיך שוין איבערצייגט אין דיין טיפשות?.. גלייבסטו טאַקע נישט, אַז מען טאָר נישט פייניקן און דערנידעריקן אַ גאַנץ פאָלק צוליב דער שולד פון אייניקע?...

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן און געהאַלטן אַף אים אַ מאָנענדיקן בליק.

האַנס האָט שטום געקוקט פאַר זיך, ווי ער וואָלט אינגאַנצן נישט געהערט די פראַגע. האָראַסיאָ האָט אַ קלאַפ געטאָן מיט צוויי פינגער אין דער לופטן און אָנגעשטעלט אַף אלפרעדאָן צוויי גזלנישע בליקן:

— וואָס אַרט דיך, אַז איינער ווערט צעפרעסן פון בלינדן האַס? איך פון מיין זייט — האָט ער צוגעגעבן — באַוואונדער דעם הייליקן כוח וואָס ברענט אין דער אידישער נשמה און אין זייער גלויבן אין גערעכטיקייט — אַזאַ טיפן גלויבן קענען אין זיך אַרומטראָגן נאָר די אייניקלעך פון ישעיהו, דעם אַלטן אידישן נביא, אַז טרוימער־פעלקער וועלן פון זייערע שווערדן אויסהאַמערן אַקער־אייזנס... און דער וואָלף מיטן שעפעלע וועלן זיך רואיק לעבן און פיטערן, געפירט פון אַ קינד...

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן און אַ וואַרימער גלאַנץ, ווי אַ טייערער אויסגעשטאַנענער וויין האָט אויפגעטויכט אין זיינע אויגן. אלפרעדאָ האָט געקענט סיי יאָסלען און אויך רחלען. מיט קנאה, מיט איבערטריבענער פאַרערונג, געוואָלט הערן וואָס מער גוטס וועגן די אידן, כדי די ראָמאַנטישקייט זיינע זאָל באַרייכערט און באַפליגלט ווערן. ער האָט צודרינגלעך אַריינגעמורמלט אין זיין חבר האָראַסיאָס אויגן:

— דערציי̇ל מיר נאָך עפּעס... עס איז געוואַלדיק אינטערעסאַנט. ווי אַזוי קענען מענטשן ביישטיין אַזוי פיל אומגליק? אַזוי פיל פאַרפאָלגונג!..

— איך אַליין, אלפרעדאָ, קען זיי אויך נישט פאַרשטיין. דו קענסט וואוינען צווישן אידן, זיי ליבן אָדער פאַראַכטן, האָט ער מיט באַדייטונג צוגעגעבן, לערנען פון זייערע מעלות און נישט זיין געדולדיק צו די חסרונות... נאָר איינס איז מיר קלאָר געוואָרן — מיר וועלן קיינמאָל נישט קענען אויפנעמען מיט אַזאַ טיפן מיטגעפיל עמיצנס יסורים און אויך נישט זיין גרייט אַף קרבנות, ווי ס'איז פעיק יעדער איד.

— און דאָס מערקווירדיקסטע, וואָס איך האָב אויסגעפונען בא זיי — האָט האָראסיאָ א מיטגעריסענער פון זיין קענטעניש, א באנגיקן לאָך געטאָן — איז דער אינערלעכער כוח, די פארשפיצטע אידישע פילבאר־קייט, דער וויטיק פון געפייניקטן אינאיינעם מיט דער פאראכטונג צום פייניקער, איז איינגעקלאמערט אין א זעלבסט־באהערשונגס־קראפט... א גרויסע מעלה, דאָס פאַרקערטע פון אונדזער אומגעדולדיקייט...

— דאָס איז די מענטשלעכע עטיק! — האָט אלפרעדאָ פארטראכ־טערהייט געמורמלט און זיין פנים איז דערביי מאָדנע בלייך און געריר־געוואָרן — א לויטערקייט, א כוח, וועלכער דערהייבט דעם מענטשן אי־בער דער בעסטיע... אפשר, האָראסיאָ, האָט זיי די קריסטלעכע וועלט פיינט אויס אייפערזוכט? אפשר?

האנס האָט קאַלט א בורטשע געטאָן:

— דער איד פרויד רעדט פון דיר אַרויס... די אידן זיינען פאַרדאָר־בענע, צעקראָכענע ראָמאנטיקער, דער געפיל פון רחמנות איז דער גאָט וייערער...

האָראסיאָ האָט אים אונטערגעצונדן מיט א שטעכיקן בליק און געזאָגט:

— ווען איינער איז נישט געניויגט צו קוילען זיין שונא, איז ער א פחדן? דיין אומקאָנטראָלירטער האס, איז דער העכסטער אויסדרוק פון אָפּגעשטאנענקייט, פחדנות...

האנס האָט אים אָפּגעמאָסטן מיט דערשטוינטע בליקן און אומניחה־דיק א מאך געטאָן מיט דער האנט.

— דאָס איז שייסע!..

באָריס איז צו זיי צוגעקומען. דער איינציקער אידישער סטודענט אין שפיטאָל. א מיטלוואוקסיקער, א שמאָלער און א רירעוודיקער. די אויגן גרויסע און טיפע, ברוינע ווי קאשטאנען און מיט געלע זומער־שפּרענקעלעך ארום דער גלייכער, עטוואָס לענגלעכער נאָז. אלפרעדאָ האָט אים א כאפּ געטאָן פאר די הענט און אויסגערופן:

— זאָג מיר, באָריס, איז די ליבשאפט צו געלט, נאָר א אידישער געפיל?

באָריס האָט ערנסט צונויפגעצויגן די געדיכטע שווארצע ברעמען און זייער שטיל צווישן די ליפּן געזייעט:

— געוויס!.. דו אָבער פרואוו אוועקרויבן בא די אידן זייערע „אוצרות" און וועסט זען, אז קיין קריסט וועט זיי בא דיר נישט וועלן נעמען...

האָראסיאָ האָט א לאַך געטאָן. באָריסעס רואיקער טאָן, די בייסיקייט איז אים געפעלן. כסדר, ווען די דריי חברים ריידן וועגן אידן און קריסטן, איז באָריס שטיל און גלייכגילטיק. גלייך ווי אים וואָלט די דאָזיקע פראגע אינגאנצן נישט אָנגעגאנגען. ער האָט ארויפגעשטעלט זיין רעכטן פוס אפן

זוים פון באַנק, אַריינגעלייגט די הענט אין די קעשענעס פון ווייסן דאָק־טערשן כאַלאַט און רואיק אויסגערופן:

— צוריק מיט אַ קורצער צייט, האָט מיך מיינער אַ חבר, אַ יונגער אַדוואָקאַט, מיטגענומען צו באַזוכן אַ תפיסה אין אַ פּראָווינץ־שטאָט. אַריבער אַכט הונדערט פאַרברעכער האָבן מיר דאָרט געזען. צווי זיינען רוסישע עמיגראַנטן און די איבעריקע — סאַמע אַרגענטינער און פון אַלטן אינדישן אָפּשטאַם. פונדעסטוועגן — האָט ער זאַכלעך אין די ברייטע בליקן פון זיינע חברים ווידער אַריינגעטענהט — איז די געזונטע באַציאונג מיינע צום אַרגענטינער פאָלק נישט קלענער געוואָרן. מיר איז קיינמאָל דער שרעקלעכער געדאַנק נישט איינגעפאַלן: דאָרטן אין יענעם ווינקל — צווישן די ווענט פון עלנט און געבראָכנקייט — איז באַגראָבן דער גייסט פון אַ פאָלק, פון קריסטנטום...

— וואָס אַ שטייגער, וואָלסטו, אַלפרעדאָ, געפילט, ווען דו קומסט אין אַ תפיסה, צווישן איבער אַכט הונדערט אידישע פאַרברעכער?

מאָנונג איז געווען אין קול, געמישט מיט ווייטיק. אַלפרעדאָ איז גע־וואָרן צעטומלט און אין זיין גאַנצער ערלעכער באַציאונג צו זיין אידישן חבר, קיין מוט נישט געהאַט צוצוגעבן, אַז ער וואָלט נישט געקענט אויפ־נעמען אַזוי פשוט די פאַרברעכערישקייט פון מענטשן, וועלכע ווערן פאַר־אַכטעט פון אַ וועלט...

באָריס האָט גאַליק געשמייכלט:

— אַ איד קען פאַרשטיין די ליידן פון יעדן אומגליקלעכן...

— קיין דייטשן, באָריס, האָסטו צווישן יענע אומגליקלעכע נישט געפונען?... האָט אים האָראַסיאָ אָפּגעגאָסן מיט אַ צווידייטיקן שמייכל.

— זיי זיינען פון די אָרנטלעכסטע... — פון די אָרנטלעכסטע, זי־בער... די באַליידיקטע זין פון אַלט־אינדישן יחוס, זיי נעמען ערנסט דעם מוט און שטאָלץ פון די אור־זיידעס... די היים־בלוטיקע, האַלב־ווילדע מענטשן, וועלכע האָבן זיך נישט געלאָזט אונטערייאָכן פון די ענגלענדער, געקעמפט מיט הייליקער מסירות נפש און מנצח געווען.. די אור־אייניקלעך — האָט ער מיט שטאָלץ צוגעגעבן — זיינען שטאָלץ אויף זייער אייגענעם שטייגער... דער גרויזאַמער עלנט, די אָרעמקייט, די בטולדיקע באַציאונג פון די לאַנד־באַזיצער, האָט דאָך נישט באַוויזן צו צעברעכן אין זיי דעם געפיל פון אייגנליבע און ווירדע... האָסטו אַזאַ איינעם ווי־געטאָן, באַ־ליידיקט זיין איך, אָדער אָנגערירט דעם כבוד פון זיינע אַלטע פּראָסערס, האָסטו געזאָגט אַ שלעכט וואָרט אויף זיין מיידל, אָדער אויף דער מאַמען — האָט דאָס אומגעצווימטע בלוט פון די האַלב־ווילדע שבטים, ווידער אויפ־געקאָכט און אויף זיין שטייגער וועט ער פאַרטיידיקן די באַשפּיגענע ווירדע פון דעם, וואָס איז אים הייליק...

נישטאָ קיין מורא פאַר די פאָלגן און אויך נישט קיין שום אויס־רעכענונג — האָט באָריס דעם טאָן זיינעם געהויבן — דאָס מעסער איז גרייט... גרייט איז אויך די תפיסה...

האָראסיאַ האָט אַ זייטיקן קוק געטאָן אף האנסן און באלד די בליקן צו אַלפרעדאָן איבערגעטראָגן. ביידע חֲברים האָבן פארשטאנען באָריסעס אויספיר. זיי האָבן גוט געקענט זיין נישט צעריידעוודיקייט. און האָט זיך שוין באָריס יאָ אמאָל צערעדט — האָט ער שוין ליב געהאט צו זאָגן עפּעס אַזוינס, מיט וועלכן אויך די מיט־מענטשן זיינע האָבן אַ שייכות. באָריס איז אנטשוויגן געוואָרן און באלד ווידער די שטילקייט איבערגעריסן. דאָס מאָל כמעט צו האנסן אין פלאטשיקן טעלער־קאָפּ אַריינגערעדט:

— אַ דייטש, ווייס איך, איז נישט דערוואקסן צו קיין אינערלעכקייט... איך געדענק זיי נאָך פון יענע „גאָלדענע" צייטן, פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, זיי זיינען געווען די רויב־פייגל פון מיין פאָטערלאנד. א דייטש — מיט אַ גרימאסע פון פאראכטונג ווידער צוגעגעבן — איז קאלטבלוטיק אויסגערעכנט. מערדעריש, כיטרע. ווען ער דארף שטעלן אין קאָן זיין אייגענע פעל, אָדער אפילו דאָס צוגערויבטע שטיק שפּעק, פאר וועלכן ער איז גרייט אויסצוקוילען אַ האלבע וועלט, דעמאָלט איז ער פאסיוו, דער „אויבערמענטש", אַפילו קנעכטיש, געהאָרכזאם... ער וועט דיך חנפענען און געדולדיק ווארטן אף זיין רייע — ווארטן אף דער פאסיקער צייט — ווען ער וועט דיך קענען דערהרגענען, צונעמען דיין שווער־פארהאָרעוועט ביסל האָב און גוטס און קיין האָר פון זיין אייגענעם אויסדערווילטן מיניסטער־קאָפּ זאָל נישט פארלוירן גיין...

האָראסיאָ מיט אלפרעדאָן האָבן אויסגעפּלאצט אין א פריידיק געלעכטער, וועלכער איז, ווי צעשאָטענער זילבער, שטעקן געבליבן צווישן די אויפגעוואכטע בלעטער פון די סאָסנע־ביימער. האָראסיאָ האָט אַ פיר געטאָן באָריסן ארום דער טאליע און אים אוועקגעזעצט בא זיך אף דער שויס, אים געוויגט הין און צוריק און לאכנדיק אונטערגעזונגען דאָס אַרגענטינער וויג־ליד אראָרא מיין קינד, אראָרא מיין זון, פארמאך דיינע אייגעלעך, מיין הארץ...

האנס האָט זיך אויפגעהויבן און איז אַוועק אין אנדערן עק פון גרויסן הויף. די דריי סטודענטן האָבן אים שטום און צעשמייכלט נאָכגעקוקט.

באָריס איז געבליבן ערנסט: „און דאָך וועט ער דער דאָזיקער האנס, אויסגעפינען א וועג צו די קרבנות זיינע. ער וועט זיך באוואָפענען מיט זיין סטודענטישער „קענטעניש", זי פארפוצן מיט ניטשעס פילאָזאָפיע וועגן אויבערמענטש... און מיט ליריזם פון שאָפּענהויערס מעלאנכאָליע, מיטן ציניש געלעכטער פון געטעס פאוסט, מיט דער צארטקייט פון שילער. — זעט אונדזער דייטשן יחוס, איר קליינקעפּלדיקע אַרגענטינער... בייגט די קעפּ פאר אונדזערע גרויסע מענער... פאלט אף די קני פאר דעם נייעם הערקולעס אונדזערן — און איר וועט געהאָלפן ווערן..."

האָראסיאָ האָט פיינט געהאט צו גריבלען זיך. אויך באָריסעס פארטראכטקייט איז אים געווען שווער און דערווידער. ער האָט אים א לייכטן

פּאַטש געטאָן איבער דער רעכטער באַק און געשמייכלט מיט א פולן מויל ציין:

— ביזט אַ פּאַטאַליסט, באָריסל... דו לאָזט זיך צופיל באַהערשן פון די צייטונגען. פון דער אויפגעבלאָזענער פּראָפּאַגאַנדע.

באָריס האָט אים אָנגעקוקט מיט אומעט אין די אויגן און באַנגיק געשמייכלט. די גרויזאַמע מערדער ווייסן ווען זיי האָבן הינטער זיך. דער נאַאיווער גלויבן, די גלייכגילטיקייט פון דער מענטשהייט, איז אַ צושטימונג צו דער בלוט־באָד...

— פאַרוואָס באָריס, האָט אַלפרעדאָ געפרעגט, זאָלט איר זיך נישט אַסימילירן? די מערהייט פון דער קריסטלעכער וועלט וועט אייך אויפנעמען מיט ליבשאַפט...

— מוחל דעם „כבוד"... — האָט ער אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט — איך פאַרגין דיר די פרייד צו זיין אַ ברודער פון די האַנסעם מיט די פריצן.. אַ שותף און בעל־משפּחה פון די זייף־פאַבריקאַנטן פון מענטשלעכן לייב.

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן און די דורכזיכטיק־ווייסע הויט פון זיין פּנים איז געוואָרן געל און פאַרעלטערט. די ברוינקייט פון די אויגן האָט זיך אָנגעצונדן און דורכגעשטאָכן די טיפע בלויקייט, ווי זיי וואָלטן עפּעס געזוכט.

האָראַסיאָ האָט רוגזהדיק געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— ווען, באָריס, מיינסטו מיט דעם?...

אַלע, וועלכע פאַרשטייען אונדז נישט.. אויב מיר האָבן זיך ביז איצט נישט אויסגעשמדט ביז איינעם — מיט טיפקייט אין קאָפּ אָפּגעענטפערט — איז אַ באַווייז, אַז דער אַזוי גערופענער קריסטלעכער „גן־עדן" איז אונדז נישט צום האַרצן. מיר קענען נישט אָפּטויטן אונדזער נשמה, כדי צו דערהאַלטן באַם לעבן דאָס פלייש...

— דאָס איז אַביסל איבערגעטריבן — האָט אַלפרעדאָ ברוגזלעך געמורמלט — אויך איך האָב נאָך קיין איין אמתן קריסט נישט אָנגעטראָפן. אָבער — איך גלויב, איך זע די וועלט שענער.

— איך האָב גאָרנישט צום קריסטנטום, אַלפרעדאָ, נאָר צו די פריידיקער פון זיין מענטשלעכער לערע. זיי האָבן אויסגעבאָוועט האַלב־משוגענע פעלקער. זיי האָבן זיך פאַרקויפט צום טייוול, פאַר אַ טאָפּ לינזן — ברענגען זיי אום גאַנצע דורות — דאָס אידישע פאָלק איז פון די ערשטע אָפּן פייער. נישטאָ, פריינט מיינע, דער פּרייז, וואָס זאָל באַצאָלן פאַר אונדזער פאַרגאָסן בלוט...

אומצופרידנקייט האָט זיך געשניטן אַרום האָראַסיאָס מויל ער האָט זיך געבעטן:

— גענוג, באָריס, מיט דיינע פילאָזאָפיעס, גענוג...

באָריס האָט זיך אויפגעהויבן, זיך געלאָזט גיין צום טויער. האָראַסיאָ איז אים נאָכגעגאַנגען. אַלפרעדאָ האָט זיך איינגעקוקט אין די צעשאַרטע

בלעטער פון די סאָסנע־ביימער און א טיפע פארטראכטקייט האָט זיך געהאמערט ארום די זוכנדיקע אויגן זיינע.

מיט אַ דראָענדיקן רעווע איז פארן טראָטואר שטיין געבליבן א גרויסער, ברוינער אויטאָ, איינגעהילט אין גרויע וואָלקנדלעך. הערּאסיאָ האָט זיך אַ טראָג געטאָן אהין. פריץ האָט האסטיק אַ צעפראל געטאָן דאָס טירל און איז אנטקעגן געגאנגען; אים אַ נעם געטאָן אונטערן רעכטן אָרעם און אים צוגעפירט צום אָפענעם טירל. ער האָט זיך אויסגעצויגן אין זיין גאנצער לענג, אַ קלאפּ געטאָן מיט די אָפּצאסן פון די צונויפגענומענע שיך און מיט א מינע פון א לאקיי א בורטשע געטאָן:

— באקאנט אייך, דאָס איז די קנעדיקע פריילן גרעטכען.

זי האָט צו אים אויסגעצויגן א ווייסע, אויסגעכאָליעטע האנט מיט שווערע גאָלדענע רינגען אף די לאנגע פינגער.

— „דער הער פריץ האָט מיר אַ סך גוטס וועגן דעם הער דאָקטער דערציילט". ער האָט געהאלטן אף איר די זשעדנע בליקן אין פולער פארגאפונג. דער אנטבלויזטער האלדז און נאקן אירע, דער פארשייטער בליק האָט געצונדן זיין בליק... אויך די זיכערקייט אין זיין מענערישן כוח האָט די חוצפה און די תאוה אין אים צעוויקלט. ער איז געוואוינט געווען, אַז רייכע מיידלעך און יונגע ווייבלעך, וואָס האָבן „ליב די ליבע", זאָלן קומען אין זיין שפּיטאָל־קאָנסולטאָריע, אויסגעפּוצטע אין די טייערסטע מלבושים און זיך באקלאָגן אף טויזנט קראנקייטן... און נאָך עטלעכע באזוכן, ווערן נענטער מיטן יונגן דאָקטער, אים איינלאדן אף אַ שפּאציר אינעם אייגענעם עלעגאנטן אויטאָ, אָדער גאָר אין אַ לוקסוס דעפּארטאָמענט...

דאָס זאנפטיקע מויל זיינס, די ווילדע קרייזן און דער ברוין אין די שווארצע אויגן — האָט געהאט אַ שעם צווישן די קראנקע — אף ליבע...

ער האָט אויפגענומען אַ סך פון יענע פלירטן און נאָך יעדער באַגאנגענער זינד קעגן דער ליבע צו רחלען, באהערשט געוואָרן פון א מאָדנעם חרטה־געפיל, פון אַ פרומקייט, וואָס האָט אים שפּעטער געלייטערט און אַ לענגערע צייט אָפּגעהאלטן פון יעדער צעלאָזנקייט...

באַזונדערס ריין פון זינד און הפקרות איז ער געווען אין יענעם זומער. איז צופיל געווען פארטאָן אינעם לערנען, באדארפט אָפּגעבן די לעצטע עקזאמענעס און באקומען דעם דאָקטער־טיטל. אויך רחלס כסדרדיקע פראגעס, דער אומרו, וואָס האָט איר די לעצטע צייט געפייניקט, האָט אים פון יעדן לייכטן פארגעניגן אָפּגעריסן. ער האָט געוואָלט וואָס מער זיין לעבן איר, זי נישט לאָזן אַרונטערפאלן אונטערן איינדרוק פון טיפן טרויער. אַ סאך מאָל ווען ער איז מיט איר געזעסן אין גאָרטן, האָט זיך אין אים אנטפלעקט א הייליק געפיל. די לופט אַרום זיי איז געווען זווּבער און גלעטנדיק. רחל האָט אים אויסגעזען ווי אַ צוטרוילעך קינד לעבן וועלכער דער געפיל פון תאוה ווערט אָפּגעשטאָרבן.

די ווייכקייט פון גרעטאס טונקל־רויטע לאָקן, פאַרשייט צעשיטע אַרום האַלדז, די אָנגערוקטע פאַלדן אַרום איר הויך שטייפן בוזים, אירע וואַרעמע, צוזאָגנדיקע פינגער אין זיין האַנט — האָבן אים צערודערט, אָנגעגאָסן זיינע גלידער מיט אַ גרעניצלאָזן באַגער... אַ הייסער וואָלקן האָט געטוקט אין די בליקן פון אָפּענער אומפאַרשעמטקייט.

פריץ איז אַ מבין. די בליקן צו פריצן אַריבערגעטראָגן. האַראַסיאַ אָבער איז אַ זכר... געדענק...

ער האָט אָנגעשפּאַרט דעם רעכטן קין אויפן אָפּענעם טירל פון אויטאָ און זי דורכגעבערענט מיט זיינע ליידנשאַפטלעכע בליקן, אָנגענומענע מיט טויזנט צוזאָגעכצן..

— ווי שיין איר זייט, פרייליין גרעטאַ!.. אַ שאָד, וואָס מיר זיינען איצט נישט אַליין...

זי האָט אַראָפּגעלאָזט די בליקן צום רעדל און מיט אַ געמאַכטער ווייבערישער צנועות, שטיל געזאָגט:

— דער אָוונט איז וואונדערבאַר. פאַרוואָס זאָל דער דאָקטער נישט מיטפאָרן מיט אונדז אויף אַ קליינעם שפּאַציר?...

זי איז אַנטשוויגן געוואָרן און ווידער אויפגעהויבן צו אים די אויגן, אָפּענע, פול מיט באַגער און מיט טויזנט ווייבערישע הנדלעך...

האַראַסיאַ האָט תּאוהדיק אַ סמאָטשקע געטאָן מיט די ליפּן און זי פאַרקוילט מיט דעם הייסן אָטעם... שטילקייט האָט זיך געוועבט איבער די דרימלענדיקע קעפּ פון די ביימער און נייגער. די לבנה, מיט איר גאַנצער חשובער ברייטקייט פון אַן אַלטן פּאַטריאַרך, האָט זיך אַרויסגערוקט פון צווישן די בלויע וואָלקנדלעך און זיך געגליטש רחבותדיק אויפן הערבל פון אַ גרויי ברוגזע שטיקל כמאַרע. אַ רוגזהדיק ווינטל האָט זיך פון צווישן די גרעזלעך אַרום די ביימער אויפגעהויבן, איז פאַרקראָכן אין האַראַסיאַס צעשפּיליעטן ווייסן העמד און געקילט דאָס פאַרשוויצטע לייב, געטריי געגלעט. זיי אַ זכר, האַראַסיאַ — האָט דאָס בלוט אין אים געברויזט — ווייז איר, אַז דו ווייסט נאָך וואָס זי איז צו דיר געקומען... ווייז!...

גרעטאַ האָט זיך שעלמיש געשפּילט מיטן שפּיץ פון אַ לאָק, וואָס איז אַריינגעפאַלן אין טיפן אויסשניט פון איר דינער קאָפטע און ווידער די שטילקייט איבערגעבראָכן:

— דער הער פריץ האָט מיר זייער פיל דערציילט וועגן אייך... איר זייט זייער אַ לוסטיקער מאַן, איר ליבט דאָס לעבן ביז וואַנזין...

אָפּענע הוצפּה האָט זיך געצונדן אין אירע גיריקע, מיט תּאוה אָנגעצונדענע בליקן. ער איז געווען אַ מבין אויף איר נאַיוויטעט... חרטה איז פּלוצים אויפגעגאַנגען אין אים. נישט באַדאַרפט פאַרקריכן אין דעם דאָזיקן מין. האַראַסיאַ האָט זיך כסדר באַמיט אויסצוהיטן פון יענע ראָמאַנטישע מיידלעך מיט די ווייבלעך, באַ וועלכע ער האָט געמוזט צופיל צייט פאַרלירן... ער האָט אַ צעקרימטן לאָך געטאָן. נאָך וואָס טויג דיר גאַנצע ווייבערישע פּראָצעדור?.. זאָג דעם אמת! — האָבן די אויגן גע־

רעדט צו גרעטען — מיר וועלן איינער דעם אנדערן גאָרנישט שולדיק בלייבן...

זי האָט אַלץ געהאַלטן אַף אים די בליקן, אָפּענע און אָנגענומענע מיט צושטימונג... האָט זיך אָוועקגערוקט אין א זייט און אים פריי געמאַכט א פלאַץ לעבן זיך.

אין דעם האָט ער דערפילט אַף זיך באָריסעס בליקן, אָנגענומענע מיט פאָרוואורף. ער איז געשטאַנען אין פראָנט פון טויער.

האָראַסיאָ איז געוואָרן רויט. האָט זיך געמאַכט נישט ווּיסנדיק. פריץ האָט זיך אריינגעזעצט אַפן הינטערשטן זיץ פון אויטאָ און באָריס — איינגאַנצן א צערודערטער — האָט זיי עקשנותדיק נאָכגעקוקט, אריינמורמלענדיק אינעם וואָלקן רויך, וועלכן דער אויטאָ האָט געלאָזט הינטער זיך:

— זאָל דאָס טאַקע זיין זייער ערשטע באַקאַנטשאַפט. דער בחור איז משוגע...

---

## קאַפּיטל 15

# טרויעריקע זכרונות

פון אַלטן גרינעם פאַנטאַן האָבן זיך שווערע וואַסער־בייטשן אויפגעהויבן און ווי געבויגענע שנורן מיט פערל, ריזיק געפאַלן אַף א בראָנזענער פיגור פון שפּיטאַל־גאָרטן, זיך צעשפּרונגען אין טויזנטער טראָפּנס, ווי גרויסע טרערן שטעקן געבליבן אַרום איר אויפגעהויבענער האַנט מיטן לייכט־טורעמל; צווישן „פאַלדן" פונעם עטוואָס אונטערגעהויבענעם קלייד מיט קאַלטע, אויסגעהאַמערטע בריסטלעך מיט שטייף אַרויסגעשטאַרצטע וואָרצלען. דאָס רויט געדעמפּטע עלעקטרישע ליכט איבער איר, האָט אויסגעזען טרויעריק און פאַרטראַכט.

באָריס איז געזעסן אַף דעם פאַרענטש פון אָפענעם פענצטער און פאַרטראַכטערהייט געקוקט אַף די שווערע וואַסער־בייטשן. ער האָט געוואַרט אַף האָראַסיאָן... אין א פיין, וואָס איז ביסלעכווייז אויפגעגאַנגען אין אים. אין די אינדערפריערדיקע שעהן, ווען ער האָט באַדינט די קראַנקע אין די שפּיטאַל־סאַלעס, האָט ער איינגאַנצן פאַרגעסן אין זיין אייגן לעבן. באַטאָג, צווישן די חברים, זיך באַמיט צו זיין לייכט און שפּאַסיק. מיט אַלע כוחות געוואָלט דערשטיקן אין זיך די אומבאַשטימטקייט, די זאָרג, וועלכע האָט אים די לעצטע פּאָר יאָר געפּייניקט... באָריס האָט זיך געקלאַמערט אין דער פריינטשאַפט פון די צוויי חברים זיינע — אַלפרעדאָ און האָראַסיאָ. זיי ליב געהאַט און נישט געקענט פאַרשטיין די גלייכגילטיקייט זייערע צו די ליידן פון די אידישע סטודענטן, וואָס ווערן

פּאַראַכטעט פון די אוניווערזיטעט קאָלעגן, די נאַציס... דאָס אַרבעטן אין שפּיטאָל ווערט פאַרן אידישן סטודענט אַלץ שווערער און אומדערטרעגלעכער.

ערשט צוריק מיט עטלעכע חדשים האָט ער דערפילט, אַף ווי ווייט היטלערס משוגעת, דער סם, האָט דערגרייכט... געווען איז דאָס אין די טעג פון אָפּגעבן די עקזאַמענעס. ער מיט נאָך אַ גרופּע באַקאַנטע אידישע סטודענטן, זיינען שוין אינפאָרמירט געווען, אַז די נאַצישע אוניווערזיטעט־דירעקטאָרן האָבן פאָרויס באַשטימט נישט דורכצולאָזן בא די עקזאַמענעס די מערהייט פון די בעסטע אידישע סטודענטן... זיי ווידער, האָבן די גאַנצע צייט זיך צוגעגרייט, געלערנט מיטן גרעסטן פלייס, עטלעכע מאָל איינער פאַרן אַנדערן דעם עקזאַמען אָפּגעגעבן און מיט זיכערקייט געגלויבט, אַז דער גרעסטער שונא ישראל וועט זיך שעמען, וועט קיין מוט נישט האָבן אָפּצולייקענען זייערע פעיקייטן.

נאָר שונאי ישראל האָבן זיך אַן עצה געגעבן: די בעסטע אידישע סטודענטן האָט מען אינגאַנצן צו די עקזאַמענעס נישט צוגעלאָזט מיטן אויסרייד, אַז עס פעלן אוים פּלעצער...

קיין שום באַדויערן, אָדער פּראָטעסט צו אַנטיסעמיטישע רעקטאָרן, האָט קיינער פון די קריסטלעכע סטודענטן נישט אַרויסגעוויזן...

באָריס מיט נאָך עטלעכע חברים, האָבן אין אַ טאָג אָפּגעוואַרט, לעבן אוניווערזיטעט, דעם אונטער־רעקטאָר, וועמען זיי האָבן מער באַשולדיקט אין אָפּענער פיינטשאַפט. און ווען יענער איז אַרויסגעקומען — אים אין דער אָנוועזנהייט פון הונדערטער סטודענטן, אויסגעפּאַטשט... צום ערשטן מאָל זינט באָריס איז געקומען צו זיין מענערישן פאַרשטאַנד, האָט ער זיך געלאָזט מיטרייסן פון יסורים און געפּאַטשט אַ שונא. אָבער ער האָט נישט געשטילט אין זיך דעם געפיל פון באַליידיקונג און פאַראַכטונג צום שונא ישראל. אַף גאַנצע זעקס הדשים האָט מען אים פאַרבאָטן צו קומען אין שפּיטאָל. אים האָט דאָס נישט זייער שטאַרק געאַרט. ווייַ געטאָן האָט נאָר פאַר וואָס די אינטימסטע חברים האָבן נישט אַרויסגעוויזן דעם מוט פון סאָלידאַריטעט צו פאַרלאָזן דעם שפּיטאָל צוזאַמען מיטן געקריוודעטן אידישן חבר...

אים איז געווען שווער צו לעבן אָן זיין אַרבעט. קיין אייגענע היים האָט ער נישט געהאַט און אויך נישט קיין פריינט. דער שפּיטאָל איז געווען זיין היים, די קראַנקע — דער אינהאַלט אין לעבן. אין די גרויע נעכט האָט ער ליב געהאַט אַ סך צו לייענען. און ווען דאָס לייענען איז אים געוואָרן שווער, פלעגט ער זיך אַריינכאַפּן אין זיין סאַלע מיט לייכטע, שטילע טריט פון אַ מאַמע, וואָס וויל נישט אויפוועקן איר שוואַך קינד, אומגעשפּאַנט צווישן די צוויי רייען ווייס־באַצויגענע בעטלעך, זיך צוגעקוקט צום אויסזען פון ערנסטע קראַנקע און זיך נאָכגעפרעגט בא דער קראַנקנשוועסטער, צי מען האָט פּינקטלעך אויסגעפירט די פאַראָרדענונגען פון דאָקטער. יעדע אומפּינקטלעכקייט האָט אים פאַרשאַפט יסורים. ער

פלעגט זיך בייזערן, וואָרענען: נאָך אַמאָל, אז עס וועט טרעפן עפּעס, וועט ער דאָס אַלץ באריכטן צום שעף־דאָקטער.

די קראנקנשוועסטער האָבן דאָס אין זינען געהאט. ווען באָרים פלעגט באנאכט אומגיין איבער די סאַלעס, האָבן זיי דורכן אינערלעכן שפּיטאָל־טעלעפאָן צוואווישן געגעבן איינע דער אנדערער. זיי זיינען געווען ברוגז. דאָך האָבן זיי אים געאַכטעט, האָבן נאָכגעקוקט דעם דריבנעם, פעסטן גאנג זיינעם און צווישן זיך געשמועסט: ער זעט אויס ווי אַן אלטער איד...

אויך איניקע סטודענטן, אַמערסטן די ווינציק פעיקערע, האָבן אים נאָכגעוואָרפן חוזק־בליקן: אַ אידישע זשאבע... קריכט אום צווישן קראנקע, לאָזט זיי נישט רוען...

גראָד די עלטערע דאָקטוירים האָבן אים ליב געהאט... אמערסטן האָט באָרים אויסגענומען, נושא חן געווען, באם שעף־דאָקטער, אַ מענטש אין די פופציקער יאָרן, אַ הויכער און עטוואָס געבויגענער, די באקן בלייכע, מאָגערע, ווי בא אַ שווינדזיכטיקן. די אויגן קויל־שווארצע, ווארעמע, אנגענומענע מיט געזאנג, מיט פרייד, מיט ליבשאפט צום לעבן און צו די מענטשן. אַן ארגענטינער געבוירענער, האָט ער קיינמאָל נישט געפילט דעם ביטערן טעם פון נישט קענען דערגרייכן די בילדונג. ער האָט ליב געהאט יעדן פרייען גייסט און זיך קיינמאָל נישט באטייליקט אין פּאָליטישע שטרייטן. באָריסעס אויסדויער האָט געוועקט אין אים נייגיר און באוואונדערונג. באָרים האָט אים כסדר גערופן באם ערשטן נאָמען: דאָקטער ב. און נישט מיין שעף, ווי די אנדערע יונגע סטודענטן האָבן אים גערופן.

דאָקטער ב. האָט אויך ליב געהאט צו שרייבן... ער האָט אפילו פארעפנטלעכט עטלעכע נאָוועלן. אויך זיינען שוין אויפגעפירט געוואָרן אַ פּאָר פון זיינע אומצאָליקע טעאטער־ווערק. ער האָט געהאט דערפאָלג מיט זיי. אַלץ האָט זיך אין די טעאטער־שטיק כסדר געדרייט ארום מאַן און ווייב־פּראָבלעם... דאָקטער ב. איז געווען אַ טיף־פילגנדיקע נאטור, האָט ארויסגעפילט באָריסעס דראנג נאָך וויסן און נאָך מער די עלנטקייט זיינע, אים באשטימט אלס דעם איינציקן אסיסטענט זיינעם, אַ סך מאָל אים פארבעטן צו זיך אהיים, געוויזן אים זיין גרויסע ביבליאָטעק און שמייכלענדיק ווארעם אין באָריסעס אויגן ארייננגערעדט:

— לאַך דיך אויס פון די נאַציאָנאַליסטן... אין מיין לאנד איז נישטאָ קיין פּלאַץ פאר זיי... די אומפעיקע זיינען אייפערזיכטיק אויף די פעיקע. אָט צוליב דעם דאָקטער ב. איז באָרים, נאָכן אָפּקומען זיין שטראָף, געגאנגען צוריק צו זיין שפּיטאָל־ארבעט. דאָקטער ב. איז אַ סך מאָל געקומען און אויסגעפועלט, אַז באָרים זאָל פארביי גן זיין באַליידיקטע איינגליבע...

באָרים האָט אָנגעהויבן לערנען אויף דאָקטער שפּעט. ביז פופצן יאָר איז ער געווען אין בית־יתומים. דאָרטן האָט ער דורכגעמאַכט די ערשטע

זעקס גראַדן. אויך דאָרטן געלערנט שפּילן אויף פידל. אים איז אָבער אויס־געקומען שווער דאָרטן דאָס לערנען איבער דער זייער באַגרעניצטער פריי־הייט. ער האָט אויסגעפועלט בא דער פּאַרוואַלטונג פונעם אינסטיטוט צו אַרבעטן בא זיינעם אַ לאַנדסמאַן. יענער האָט אים צוגעזאָגט אַ גוטע היים. באַריס האָט זיך גיך אַרומגעזען, אַז קיין באַקוועמלעכקייטן וועט ער בא זיין לאַנדסמאַן נישט האָבן, כּוחמת זיין איבערגעטריבענער קאַרג־שאַפט. באַריס האָט געמוזט זייער שווער אַרבעטן — וואַשן די פּאָלן פון קלייט און פון טראַטואַר, ווישן די שויבן און אַלע פאַרנאַכט אונטערגע־טראָגן אַ גוט־צוגעגרייטע מאַטע דעם באַלעבאָס מיט זיין ווייב. גערופן האָבן זיי אים „דער יתום", אָדער יאַשקע הפּץ... „אַרבעטסט ווי אַ פויל פערד און מאָלסט אויף ביידע באַקציין, קיין עין הרע, פאַר דריי..."

די אומרו און בענקשאַפט נאָך עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל אים ברענגען מער מנוחה, האָט אים גיך אויסגעניכטערט און אים אוועקגעטראָגן פון זיין „נייער" היים אַרבעטן אין אַ דרוקעריי. דער ערשטער דערפאָלג איז געווען דאָס, וואָס קיין באַלעבאָסטע האָט קיין דעה נישט געהאַט איבער אים. ער האָט געאַרבעט פאַר דרייסיק פּעזעס אַ חודש מיט עסן און מיט שלאָפן.

נאָך דער אַרבעט, אויף אַ שמאָל אייזערן בעטל אין אַ ווינקל פון וואַר־שטאַט, צווישן גאַנצע הויפנס מיט צייטונגען און ביכער — פאַרטאָן געווען אין לייענען, אין די וויסנשאַפטלעכע ביכער, וואָס זיינען גע־דרוקט געוואָרן אין זיין באַלעבאָס דרוקעריי — האָט באַריס אַ נייע און שענערע וועלט אויסגעפונען; זיך געוואָלט מיטרייסן, אַוועקטראָגן אויף די אומזעבאַר צויבער־פליגל צו דער שענערער וועלט פון וויסן און געהערן צו איר מיטן גאַנצן לייב און לעבן, מיט יעדן נערוו פון זיין אומרואיק האַרץ.

פון אַלע צווייגן, וואָס וואָרצלען אין דער מעדיצינישער וויסנשאַפט, האָט באַריסן געצויגן צו דער כירורגיע. ער האָט געפּיבערט פון גליק און דערהויבנקייט צו ווערן איינער פון יענע באַרופענע מענער, אָפּצוטיילן דאָס קראַנקע פון מענטשלעכן קערפּער, כּדי צו ראַטעווען דאָס געזונטע... צו אכצן יאָר ערשט האָט זיך באַריס צוריקגעקערט צו דער שול־באַנק, מיט האַרטע מאַזאָליעס אויף די הענט און מיט אומבוינזאַמער עקשנות צו דער־גרייכן זיין ציל, נישט פאַרגעשטעלט זיך אַליין אַזאַ גיכן שוואונג פון דענקען און אויפנעמען דאָס לערנען. באַריס איז געווען פון די בעסטע שילער, דורכגעמאַכט צוויי לערן־יאָר אין איין פּעריאָד און באַקומען אויסצייכענונגען בא די עקזאַמענס...

די לעצטע פּאָר יאָר, זינט היטלער'ס סם האָט זיך פאַרשפּרייט צווישן אַ סך דאָקטוירים און סטודענטן, איז באַריס ווידער אַראָפּגעשלאָגן געוואָרן פון זיין רואיקייט. עס איז ווידער אויפגעגאַנגען אין אים דער צווייפל אין דעם מענטשנס געוויסן און אין דער צוקונפט פון דער וויסנשאַפט... אַליין נישט גיבנדיק זיך קיין רעכענונג, אָנגעהויבן לעבן אין אָפּגעזונדער־

טער, זיך איינגעקלאמערט אין זיין אייגענער אידישער וועלט און זיך ווידער אָנגעהויבן באהעפטן מיט די געפייניקטע ברידער זיינע... נאָר צווישן זיי האָט זיך באָרים געפילט ווי אַן אייגענער און פארשטאנענער...

אַריינגענומען דעם קאָפּ אין ביידע הענט, די בלויע שאָטנס אין די טיפע אויסגעצויגענע ווינקלען פון צימער, די מחנות מיט גרינע ליכט־פייגעלעך, וואָס האָבן זיך געדרייט אין וואנזיניקן קאראהאָד ארום דעם עלעקטרישן לעמפּל, די צוויי שמאָלע, ווייס־באצויגענע בעטלעך, די רוקנס מיט די גאָלדענע פעסט אָפּגעדרוקט אויפשריפטן אף די וויסנשאפטלעכע ווערק — זיין אייגן אויפגעצאפלט בלוט — האָט שטיל געחוזקט:

— אַ איד ביזטו, בערעלע... אַ קינד פון דער אידישער אָרעמקייט, מיר האלטן דיך פאַר אַ פרעמדן, מיר וועלן צונעמען דיין ווייסן, דיין ליבשאפט צו מענטשן, מיר וועלן צעברעכן דיין נשמה, אויסזויגן דעם מארך פון דיינע ביינער... און שפּעטער, ווי אַן אויסגעקוועטשטע לימענע, וואָס פארמאָגט נישט מער קיין סובסטאנץ — דיך אַרויסווארפן פון דאנען... אונדזערע דייטשע פּראָפעסאָרן האָבן אויך אַזוי געטאָן...

באָרים איז געוואָרן ווייס ווי אַ טויטער... די פּיס זיינען געוואָרן שוואך, אָפּגעחלשט, אומרואיקע פייערלעך האָבן אויפגעטויכט אין די ברייטע, אויפגעריסענע אויגן און דורכגעבערענט די ביכער אפן טיש: נאָך וואָס גייען זיי אין אוניווערזיטעט, די מערדער? פירן קליינע קינדער אין די גאַז־קאמערן, אויסהרגענען מיליאָנען אומשולדיקע מענטשן, קענען זיי דאָך אַרויס אין גאס, באוואָפנטע מיט שטיקער אייזנס, זיך צונויפגיסן מיט די וועלט־וואמפּירן... אַט צו אַזאַ מדרגה דארף מען נישט אויסלערנען קיין שום טעאָריעס פון עקזאקטער וויסנשאפט און נישט טראָגן אין די פינצטערע נשמות אַ מאסקע פון בילדונג...

די באליידיקונג האָט געריסן שטיקער פון זיין צאַפּלענדיק הארץ, איבערגעפולט מיט גרעניצלאָזער ליבשאפט צו זיין נייער היים און מיט שרעק פאר איר גורל. ער האָט זיך אָנגעהויבן דערמאָנען אין יסורים און באליידיקונגען פון דער אַלטער היים... אַפילו די קליינע נישט־אידישע קינדער, זיינען געווען פארסמט מיט האס צום אידישן קינד: — „זשידזשע דאָ פּאלעסטיני"... — פלעגן זיי אים נאָכווארפן שטיינער, ווען ער איז געקומען זיך שפּילן צווישן זיי. דאָ, אין זיין נייער היים, איז אים אַפילו דאָס קליינוואַרג אף די ראָגן ליב געווען. אַ סך מאָל האָט אים פארדראָסן פאר וואָס ער איז מיט אַזאַ ברען און זאָרגלאָזער פרייד נישט אַ קליין אינגל און קען זיך נישט שפּילן מיט זיי, שפּרינגען איבער שטריק און פילן אַרום זיך די גאנצע פרייד פון אַ לאנד מיט בלויע, לויטערע הימלען מיט פּרוכטבארע גערטנער און רחבותדיקע צעטייעטע פעלדער... פון אַ לאנד אַן בלוטיקן האס צום איד. ווינטיקע קעלט האָט געפּרעסט אין די ביינער. באשקע, דאָס איינציקע שוועסטערל, עלטער פון אים מיט אַ דריי יאָר, איז קראנק. דאָס פּנים אויסגעצויגן, מיד און די איינגעפאלענע באקן — שניידנדיק רויט. די מאמע שטייט באַם בעט, ציט געטריי אריבער דעם

אויבערבעט, ביז איבער באַשקעס אַקסלען. שרעק און זאָרג פֿלעמלט זיך אין דער מאַמעס קאַרע אויגן. זינט באַשקע איז קראַנק האָט זי אויפֿגע־הערט גיין צו דער פֿאַבריק אַרבעטן.

ער, באַריס, זיצט באַם אויוון און וואַרעמט זיך די געפֿרוירענע הענט. באַשקע הוסט שווער און די מאַמע זיפֿצט ביטער: באַריסעס טאַטע איז גע־גאַנגען אין מלחמה צו פֿאַרטיידיקן דאָס פּוילישע פֿאָטערלאַנד און מער זיך נישט צוריקגעקערט. די מאַמע קוקט אַפֿן זון, רעדט דורך טרערן צו איר מערכה: „וואו וועלן מיר נעמען איבערצוקומען דעם קאַלטן ווינטער? דעם טאַטן איז שוין פֿיל בעסער, ער ווייסט שוין גאָרנישט. ער זעט נישט ווי די שוואַלבן זיינע האָבן נישט קיין ביסל מילך, נישט קיין ביסן ברויט...״

אין דעם האָט סטאַשיק, דער אויסזעער פֿון הויף, אַ צעפּראַל געטאָן דאָס טירל:

— דיין מיידל, כאַנקע, האָט די טיפֿוס קרענק — שרייט ער שטיי־ענדיק אויף דער שוועל, און די בלאָנדע אויף אַרויפֿגעדרייטע וואָנצעס, די קיי־לעכדיקע גריווע, וואָס קוקט אַפֿיר פֿון אונטער דער קוטשמע, די אַלטע בלויע מאַרינאַרקע, די הויכע שטיוול — זיין גאַנצע איבערגעוואַקסנקייט — לויערט זשעדנע אויף דער מאַמען, ווי אַ מויז אַרום אַ פֿאַרמאַכטן פֿלייש־שענקל. — די גיכע הילף וועל איך צו איר אַרויסרופֿן!..

— זאָל גאָט אויסהיטן, סטאַשעק קרוין, ברעכט זיך די מאַמע די פֿינגער פֿון די הענט, — וועסט דאָס נישט טון. באַשקעלע האָט דעם כריפּ, נישט פֿאַר דיר געדאַכט.

— דאָס וועלן מיר זען — שטורעמט ער מיט די לאַנגע ציין, און די קליינע, וואַסערדיקע אייגעלעך גליטשן זיך איבער דער מאַמעס יונגן בו־זים. מיט איין שפּאַן שטייט ער שוין באַם בעט, טוט אַ שלעפּ אַראָפּ די אויבערבעט פֿון באַשקען און טאַפּט איר די בריסטלעך, דעם בויך...

די מאַמע כאַפּט אָן סטאַשעקס צוויי שטאַרקע, לאַנגע הענט און וויל אים אַוועקשלעפּן. סטאַשעק לאַכט מיט אַ ברייט צעגאַווערטן פּיסק, באַ־פֿרייט זיך פֿון דער מאַמען און נעמט זי אַריין צו זיך אין די אָרעמס, ציט אויס דעם לאַנגן האָריקן האַלדז און בויגט זיך צום בעט...

— קינדערלעך מיינע, לויפֿט צו די שכנים, — שרייט די מאַמע פֿאַרצווייפֿלט מיט די געבייַלטע פויסטן, בייסט אים די לאַנגע בראָנפֿנדיקע נאָז.

באַשקע שפּרינגט אַראָפּ פֿון בעט און לויפֿט אין הויף סטאָן רופֿן שכנים. באַריס איז צוגעפֿאַלן צו סטאַשעקס צוויי פֿיס, וועלכע האָבן זיך ווי די שלענג געקלאַמערט אַרום דער מאַמען, איינגעשטאָכן די ציין אין זיין רעכטער ליטקע. די מאַמע האָט אים אַ זעץ געטון מיט די פויסטן אויף דער ברוסט און געפּרוּווט נאָכלויפֿן באַשקען. נאָר סטאַשעק וויגט זיך קעגן איר אויף די צוויי שווערע, דעמבענע פֿיס זיינע און פֿינעט ווי אַ פֿאַרסאַמטער, די אויגן איבערגעקערט און דער פּיסק קרומט זיך און זייעט הייזעריק.

— עקשן דיך ניט איין, כאנקא! דיין באשקע האט די טיפוס קראנקייט.

די מאמע טוט אים א שפיי אין פנים:

— ארויס פון מיין שטוב, דו גזלן!

סטאשעק פאטשט איבער דער מאמעס פנים און ער, בארים, רייסט דעם זוים פון זיין מארינארקע און וויינט פארצווייפלט אפן הויכן קול.

די מאמע איז געפאלן באם בעט, א רויט שטיק בלוט האט זיך א לאז געטון פון איר מויל. סטאשעק איז ארויס פון שטיבל. עס זיינען אנגעקומען צוויי שכנים, האבן געטראגן באשקען אין א דעקע פארוויקלט. באלד איז געקומען די גיכע הילף. א הויכער, בלאנדער דאקטאר מיט סטאשעקן האבן ארויפגעלייגט אף א טראג־בעטל באשקען מיט דער מאמען. מען האט זיי אוועקגעפירט אין א גרויסן אמבולאנס, ערגעץ אין א שפיטאל, פון וואנען זיי האבן זיך מער נישט אומגעקערט.

איידער בארים איז אפגעפארן קיין ארגענטינע מיט א גרופע מלחמה־יתומים, האט ער זיך געזעגנט מיט די צוויי בערגלעך ערד, דארטן אפן אלטן אידישן בית־עולם, וואס האבן זיך געטוליעט איינס צום אנדערן, ווי זיי וואלטן נאך אלץ מורא געהאט, אז סטאשעק וועט קומען ארויסרייסן פונעם ערדישן הארץ די צוויי אונטערגעשניטענע לעבנס, ווידער צונעמען די מנוחה בא די עלנטע ביינער.

וואס עלטער בארים איז געווארן, אלץ מער האט ער פארשטאנען זיין אומגליק און אלץ ווינציקער האט ער געקענט מיט עמיצן ריידן וועגן אים. דערזען פריצן, האט ער זיך פלוצים דערמאנט אין סטאשעקן, און דער מאמעס לעצטער, פארצווייפלטער געשריי, האט אים דערמאנט, אז ער איז א איד.

בארים האט מער נישט געוואלט טראכטן. ער איז אראפ אין הויף. דאס ליידיקע שטיקל פלאץ קעגניבערן שפיטאל איז געווען באדעקט מיט שטיקער נאכט און מיט עלנט. אונטערן שטיינערנעם שפיטאל־פלויט זיינען געשטאנען יונגע פארלעך, ווי צונויפגעוואקסענע, און זיך געקושט.

בארים האט אומגעשפאנט היין און צוריק פארן שפיטאל־טויער און מקנאה געווען יענע יונגע פארליבטע מענטשן, וואס פילן נישט, אז די וועלט איז פארוואנדלט געווארן אין א שעכט־הויז, ווייסן נישט, אז איי־דער עס קומט אף דער וועלט די פרוכט פון זייער ליבע, איז זי שוין דורך די מערדערישע וועלט באזיצער פארמשפט צו גרויזאמען טויט...

פון וווייטנס האט ער באמערקט רחלען, ווי א יונגע וועווערקע האט זי זיך געאיילט צום שפיטאל. ער איז איר אנטקעגן געגאנגען.ביידע האבן זיך צעשמייכלט, ביידע האבן אויסגעזען מידע און דערשעפטע פון טיפן אינערלעכן געראנגל. בארים האט דער ערשטער אויסגעשטרעקט צו איר די רעכטע האנט און געפרעגט:

— וואס מאכט איר?

זי האט אף אים אנגעשטעלט די בליקן, מאדנע טרויעריקע און ווייכע:

— רופט מיר ארויס מיין חתן.

געבעט איז געווען אין איר קול און פאַרלעגנהייט.

כדי אָפּצואווענדן רחלס ווייטערדיקע צודרינגלעכקייט, האָט באָרים מיט געמאַכטער לעבהאַפטיקייט אַ פרעג געטון:

— ווי גייט עס עפּעס אין שולע, איז דאָס קליינוואַרג אויך פאַרסמט געוואָרן פון ראַסן האַס?

— פאַרוואָס, באָרים, גלויבט איר, אַז די גאַנצע וועלט איז משוגע?

— האָט זי מיט אַ פראַגע אָפּגעענטפערט צערייצט, — מיר טאָרן נישט איבערטרייבן.

ער איז געווען צופרידן, וואָס זי האָט נישט איבערגעפרעגט וואו דער חתן איז, איר אָנגעקוקט מיט וואַרעמע בליקן, אָנגענומענע מיט שמייכל און באַנג...

רחל איז געווען אומרויק. די שווערע ברעמען צונויפגעצויגן און באַזאָרגט. זי האָט אַראָפּגערעדט צו די שטיינער:

— אַ קריסט, וואָס טראָגט זיך אַרום מיט האַס אין דער נשמה, וועט פיינט האָבן און נישט פאַרגינען דאָס לעבן אויך זיין קריסטלעכן שכן און נישט נאָר דעם אידישן.

באָרים האָט אָפּגעזיפצט און געשוויגן. אויך רחל האָט געשוויגן. זי האָט חרטה געהאַט אַף איר קומען צום חתן זיך אויסוויינען און דערציילן וואָס אַזוינס די מאַמע פילאַר האָט איר היינט געזאָגט. רחל האָט ווידער געוואָלט בלייבן מיט זיך אליין. געפיבערט מיט אלע אברים און מורא געהאַט, אַז באָרים וועט ארויספילן איר צערודערונג, האָט זי אים ווידער דערלאַנגט אַ האַנט, אויפגעהויבן צו אים דאָס פּנים, אַן ערנסט און מיד פּנים.

— אַ מיטע נאַכט, באָרים, און זאָגט נישט מיין חתן, אַז איך בין דאָ געווען.

ער האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. ווען רחל איז שוין געווען ווייט פון שפּיטאָל, איז באָרים נאָך אַלץ געשטאַנען אַפן זעלבן פּלאַץ און געפילט אַרום זיך איר אומרו און דעם דערשטיקטן געוויין. ווידער איז אויפגעגאַנגען אין אים יענער אומקלאָרער געפיל, פאַר וועלכן ער האָט זיך געשראָקן. נאָך יערן מאָל ווען ער זעט רחלען ווערט דאָס האַרץ זיינס זייער אומרויִק, פול מיט טרויער. דאָס געדויערט צוויי־דריי טעג, ביז די דערוואַרטונג זי צו זען נאָכאַמאָל ווערט עטוואָס איינגעדרימלט.

דאָס באַנאַכטיקע ווינטל האָט געוועקט אין אים בענקשאַפט. די רויטע בלוטיקע לבנה האָט אויסגעזען גרוי און פאַרוויינט. מיט אַ שווערער אומניחהדיקייט אין די ביינער, צוריק אַרויף צו זיך אין צימער, אויסגעטאָן דעם ווייסן דאָקטערשן כאַלאַט און זיך אויסגעצויגן אַפן בעטל. אין דעם איז האַראַסיאַ אָנגעקומען, די קרויזן פאַרשייט און צעשויבערט און מיט אַן אומפאַרשעמט שמייכלע אַרום די ליפּן. באָריסעס שטומע בליקן האָבן אים עפּעס געוואָרנט; נאָר האַראַסיאַ האָט זיך געמאַכט נישט וויסנדיק, האָט אויסגעטאָן דעם כאַלאַט און זיך אויסגעצויגן אַף זיין

בעטל; מיטביידע הענט צוקאָפּנס, שטום און צעשמייכלט אריינגעקוקט אין אָפּענעם פּענצטער.

— דיין רחל איז דאָ געווען!... — האָט באָריס נאָך אַ לענגערן שווייגן באַשטימט אַרויסצוזאָגן דעם אמת, כדי האַראַסיאַ זאָל זיך נישט פילן אַזוי פריי און אומגעצוימט. — זי האָט זיך געבעטן דיר נישט אויסצוזאָגן... קענטיק — זי לעבט עפּעס איבער.

— זי איז דאָ לאַנג געבליבן? — און וואָס האָסטו איר געענטפערט?

ערנסט איז געווען אין זיין קול.

באָריס האָט זיך אויפגעזעצט אויפן בעטל, מיט ביידע פיס אַראָפּגעלאָזט און ברוגז צום חבר געקוקט און געוואָרנט:

— רחל איז מיין הברטע און איך וויל נישט זיין קיין מיטבאַטייליקטער אין דיין באַטרוג צו איר...

ווייטיק איז געווען אין זיין קול. האַראַסיאַ האָט פאַרשעמט געשמייכלט. באָריס האָט זיך ווידער אויסגעצויגן אויפן בעטל און עקשנותדיק אַריבערגערעדט צום חבר:

— רחל וועט אַמאָל צו טייער באַצאָלן פאַר דיינע אַוואַנטורעס. האַראַסיאַ האָט אים דורכגענומען מיט אַ טיפן בליק. אים האָט זיך געדאַכט, אַז באָריס איז ענלעך צו רחלען. אויך זי האָט אַזאַ עלנטן אויסזען, ווען זי רעדט מיט אים וועגן די פּאַגראָמען, פון וועלכע זי הערט אין שטוב.

— וואָס וואָלט באָריס געזאָגט, ווען ער דערוויסט זיך, אַז ער האָט פאַרבראַכט מיט אַ דייטשיש מיידל. זי האָט אים איינגעלאַדן צו זיך אהיים? ער וואָלט זיכער געזען אין דעם אַן אומגליק. צום טייוול! — האָט דער פאַרדרוס אַ רודער געטאָן אין אים — צי דאַרף אַ היים־בלוטיקער בחור פרעגן אַף אַ דאָקומענט בא דעם היים־בלוטיקן מיידל, וואָס לאַדט אים איין? איבעריקנס, איז די דאָזיקע מויד נישט קיין געפערלעכע. באָריס איז אַ פּאַטאַליסט, ער טרייבט איבער וועגן די דייטשע רציחות. איז דען מעגלעך אַזאַ קאַלטבלוטיקע מערדעריי?

כדי איבערצובעטן דעם חבר, האָט האַראַסיאַ לאַכנדיק געטענהט.

— זיי נישט בייז באָריסל, פּאַטאַליסט. נאָך איין שפּאַציר מיט דעם דאָזיקן פּעמן אינדיק און דאָס אויסגעהונגערטע בלוט מיינס וועט ווידער שטיל ווערן. ווי שיין עס איז דאָס לעבן.

— פּאַנטאַזיאָר, ווייבערניק.

— שווייג, אַלטער בחור.

---

## קאַפּיטל 16
## נייע דעגות

אַ פאַרנומענע שטילקייט איז געשטאַנען אין ליכטיקן קלאַס־צימער. די פּערצן שילערס זיינען ווי צוגעוואַקסן געווען צו די בענקלעך און מיט

די געבויגענע קעפּלעך איבער די שרייב־שטענדערס באַזאַכט אומגעפירט מיט די פּנעמס איבער אָפענע העפטן און נישט געוואַגט אויפצוהייבן אַ בליק צו דער לערערן, וואָס איז געזעסן בא דעם שרייב־טיש און איבערגעקוקט געמאַכטע אויפגאַבן, וועלכע די שילער האָבן איר געבראַכט פון דער היים. אַ גרוי וואָלקנדל האָט זיך אָפּגעזעצט צווישן די ערנסטע צונויפגעצויגענע ברעמען, זאָרג. דאָס סווישטשערן פון די געלע שוועלבעלעך אין די רויטע דראָטענע שטייגעלעך איבער דער צעפּראַלטער טיר מיטן פענצטער, האָבן זי פון דער פאַרטראַכטקייט אויפגעוועקט...

זי האָט זיך אויפגעשטעלט און מיט אַ מינע פון דערלייכטערונג צונויפגעלייגט די העפטן, זיי באַהאַלטן אין שופלאָד און צורעכט געמאַכט די קנייטשעלעך אַף די אונטערשטע פאַלדן פון איר שניי־ווייס קראָכמאַליעטן פאַרטוך, דעם געשפּיליעוועטן ביז אונטער דער גאָמבע. חשיבות און בענקשאַפט נאָך מנוחה האָט געווייעט פון איר פּונקט, ווי פון דער באָבע דבורה, ווען זי בענטשט איבער די שבתדיקע ליכט און זעצט זיך אוועק בא דער אָפענער צאינה־וראינה. זי האָט אויפגעהויבן די בליקן צום פּירקאַנטיקן בילד פון סאַרמיענטאָ, וואָס האָט אין אַ גרויסער, פּיין־געשניצטער ראַם אַף דער וואַנט איבער איר שרייב־טיש געהאָנגען און לאַנג אין דער לויטערער טיפקייט פון זיינע בליקן אַריינגעקוקט, געזוכט אויסצוגעפינען זיין גייסטיקן כוח, די חכמה זיינע, די אומבויגזאַמע גבורה, וואָס קוקט אַרויס פון די טיפע קנייטשען אַפן הויכן, ברייטן שטערן און אונטער די אויגן.

— וואָס האָסטו געטאָן גרויסער לערער, טאַטע פון די אָרעמע און באַליידיקטע, צו דערהייבן דיינע שילער? — האָט דאָס האַרץ אירס, דאָס בלוט מיט וואַרעמקייט און מיט פאַרערונג אַ שלאָג געטאָן — „דיינע קינדער זיינען געווען אַזעלכע מענטשן ווי מיין האָראַסיאָס טאַטע־מאַמע?... ניין, אונטער דעם בליענדיקן ליכט פון דיין דערהויבענער נשמה זיינען קיין קראַנקע פלאַנצן נישט געוואַקסן. — גיב מיר כוח צו קענען ווירקן אַף מיינע קינדער, אַז קיין ברודער־האַס זאָל נישט אָפּסמען זייערע הערצער...

„מיין נשמה, מיין לעבן, גיב איך זיי אַוועק, ווי דו האָסט אַמאָל געטאָן, גרויסער לערער אונדזערער.״ זי איז אַנטשוויגן געוואָרן און אַ הייליקע פאַרטרויערטקייט האָט זיך אָפּגעזעצט אַף אירע לאַנגע, שוואַרצע וויעס. אין די אויגן האָט אַ פייכטער, וואַרעמער שימער גערוט. ווידער איז די פאַרלוירענע רו צוריקגעקומען. דעם גרויסן לערערס בליקן האָבן זי געטרייסט: אויך מיך, מיין קינד, האָט מען געפּייניקט און געזוכט אומצוברענגען, ווייל איך האָב ליב געהאַט דעם אמת. זיי מוטיק און דיינע באַדריקער וועלן אַרונטערפאַלן צו דיינע פיס. דער מענטשלעכער גייסט וועט זיך אויפהויבן איבער אַלע פינצטערע כמאַרעס.

רחל האָט לייכטער אָפּגעאָטעמט. גוט וואָס האָראַסיאָ האָט זי נעכטן אַף דער נאַכט נישט געזען. ניין, ער דאַרף נישט וויסן, אַז אַ גאַנצע נאַכט האָט זי נישט געקענט שלאָפן און האָט אַ סך געוויינט. געווען

שוואַך און אומבאַהאָלפן. און דער באָרים — ער איז אַ מאָדנער, ער זוכט זי כסדר אַריינצופירן אין זיינע פילאָזאָפיעס, מיט דעם טרויער; עס איז איר גענוג איר אייגענער. דערפאַר האָט זי אים גיך אָפּגעפּטרט. ער מוז אַוודאי זיין אַ קרענקלעכער, דער בלייכער בחור, אַן אומצופרידענער. אַפילו האָראַסיאָן, זיין איינציקן אינטימען פריינט, האָט באָרים כמעט גאָרנישט דערציילט פון זיין ביז איצטיקן לעבן, זיך אויף קיין זאַך נישט באַקלאָגט. נאָר איר, רחלען, נאַרט מען נישט. באָרים ווערט דערשטיקט, ער טראָגט זיך אַרום מיט טיפע וואונדן אין האַרצן, באָרים איז פאַרליבט, ער איז אַ טרוימער.

זי האָט אָנגעהויבן שפּאַנען אַהין און צוריק. לייכטע זיינען געווען אירע טריט, ווי פון די פרומע מאַמעס נאָכן אָפּזאָגן די קינות... וואָס זיינען גרייט געווען אויפצוהייבן זיך צו דער בלויקייט פון די הימלען און ווערן וואָלקנדלעך. די רויטע שטיקער זון, וואָס זיינען אַריינגעפאַלן פון דרויסן, האָבן זיך צולהכעיסדיק געוויקלט אַרום אירע קויל־שוואַרצע לאָקן און באַדעקט מיט אַ דינער, ראָזער פאַרב דאָס מיד צעשמייכלטע פּנים.

אין דעם איז די שטילקייט איבערגעריסן געוואָרן. אַ צען־יעריקער שילער, מיט בלאָנדע האָר און מיט אַ גראָב פּאַריסן נעזל, האָט אַ קלאַפּ געטאָן זיין חברל פון דער אַנדערער באַנק און בייז געבורטשעט:

— רוק זיך אָפּ פון מיר, דו איד... דיינע מלבושים שטינקען — איד!..

די שילער האָבן אַ געמיינזאַמען לאַך געטאָן און ראַפּטום איבערגעטראָגן די בליקן אויף דעם אידישן אינגל. פאַרשעמונג האָט געציטערט אויף זיין בלייך געוואָרן פּנים און טיפער ווייטיק פון אַ אומבאַהאָלפענעם, וואָס מוז ליידן פון זיינע פּייניקער, האָט זיך ווי אַ בייזע קללה אַרום די צעקרומטע ליפּן איינגעשניטן. קענטיק געווען, אַז די דערשטיקטע טרערן האָבן אים דעם אָטעם אָפּגעהאַקט. ער איז געווען דער איינציקער אידישער שילער אין רחלס קלאַס און דער איינגסטער, קוים אַכט יאָר אַלט. רחלס שטרענגער בליק האָט פאַרשטומט דעם געלעכטער פון די שילער און זיך באַלד אָפּגעשטעלט אויפן באַליידיקטן אינגל. ער האָט געקוקט אויף איר מיט אַ אומבאַהאָלפענעם בליק, דורכגענומען מיט יענעם טראַגיזם, וועלכן נאָר קליינע קינדער זיינען בכוח צו פילן... באַלד אַריינגענומען דאָס פּנים אין די הענט און געפּרואווט דערשטיקן אין זיך דאָס געוויין, וואָס עס האָט זיך אים אָבער נישט איינגעגעבן. אַ רעווע, ווי אַ דונער, האָט זיך אַרויסגעריסן פון אַלע זיינע אברים און אַ קוואַל ביטערע טרערן האָבן זיך אַ גאָס געטאָן דורך די שפּאַרעס פון די עטוואָס צוגעמאַכטע אויגן־דעקלעך.

רחל איז צוגעלאָפן צו אים, געפּרואווט אַרופנעמען די הענטלעך פון פּנים. ער האָט זיך געווערט, אַוועקגעלייגט דאָס קעפּל אויפן שרייבשטענדער, אים שטייף מיט ביידע הענט אַרומגעוויקלט און פריי געלאָזט דעם האַרצרייסנדיקן יאָמער, וואָס האָט אָנגעפילט דעם קלאַס, צאַנקענדיק פון יסורים, און ער האָט מיטן גאַנצן כוח פון אַ געפּייניקטן, אַ קלאַפּ געטאָן מיט אַ פוס דעם באַליידיקער זיינעם.

צעמישונג איז אויפגעגאַנגען אין רחלס אויגן און שרעק. זי האָט גוט געקענט אירע שילער, געקענט סיי די מיידלעך, סיי די אינגלעך. נאָר דעם קינדס צוזאַמענגעבראָכן האָט איר דערשטוינט און באַאומרואיקט. זי האָט אים אָנגעהויבן גלעטן איבערן קעפּל און ווען ער האָט זיך אביסל באַרואיקט, אויפגעהויבן זיין פּנים און געפרעגט:

— פאַרוואָס כיימיטאָ וויינסטו?...

צערודערונג איז געווען אין איר שטים.

ער האָט געשוויגן. רחל האָט איבערגעטראָגן די בליקן צו די איבעריקע שילער:

— מעג מען פייניקן אַ חבר, אים דערפירן צו פאַרצווייפלונג? האָ? וואָס שווייגט איר?

באַצווינגעריש זיינען געווען אירע בליקן: — ווער ס'האָט פיינט כיימיטאָן דער זאָל אויפהייבן דעם ווייז־פינגער...

דער וואָס האָט באַליידיקט דאָס אידישע אינגל, האָט זיך אויפגעשטעלט און באַלד נאָך איינער. געוואַגטקייט איז געווען אין זייערע בליקן און אָפענע חוצפּה:

— מיר ווילן נישט זיצן לעבן...

רחל האָט זיי אַ נעם געטאָן פאַר די הענט און צוגעפירט צום שרייבטיש. מיט ציטערדיקע הענט אָנגעהויבן דורכנישטערן זייערע קעשענעס פון די שול־פאַרטוכער, פריער בא איינעם און נאכהער באַם צווייטן; געמיינט זיי האָבן בא זיך מעסערלעך; נאָר געפונען האָט זי דאָרט — קליינע צונויפגעלייגטע צעטעלעך, געשריבענע מיט רויטער טינט און געשניטענע אין דער פאָרעם פון האַקנקרייצלעך — די אידן שטונקען... אלע אידן דאַרפן שטאַרבן... איז דאָרטן געווען געשריבן. אַ קראַנקע ווייטיק האָט געהאַמערט אַרום רחלס צאַפּלענדיקע מויל־ווינקלען פון באַליידיקונג. מיט אַ מאָדנער גיכקייט האָט זי אָנגעהויבן דורכנישטערן די קעשענעס פון יעדן שילער און נאָך באַ צוויי געפונען פון די זעלבע צעטלעך. זי האָט זיי צונויפגעלייגט און באַהאַלטן אין אַ העפט. כיימיטאָ האָט מיט די צונויפגעלייגטע פויסטלעך אויסגעווישט די טרערן פון די אויגן און שטום געקוקט אויף רחלען. זי האָט אַ צעקרומטן שמייכל געטאָן:

— האָט דיך עמיצער געשלאָגן, כיימיטאָ?..

ער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין.

— וואָס דען האָסטו געוויינט? אפשר טוט דיר עפּעס וויי?

דאָס קינד האָט צוגעלייגט ביידע ווייז־פינגער צום האַרץ־גריבל און דערשלאָגן אַ זיפץ געטאָן.

— אָט דאָ, לערערן, טוט וויי... יאַנטשוק האָט מיך פיינט — האָבן די טרערן ווידער אַ פלייץ געטאָן פון די אויגן — ער שלאָגט... לאָזט נישט די אינגלעך שפּילן מיט מיר אין באַלעם... איך בין נישט קיין איד, לערערן... אַן אַרגענטינער בין איך!...

רחל האָט דערפילט אַ קעלט איבערן לייב און באלד האָט אַ שארפע היץ, ווי אַ שטראָם מיט הייסן בליי, אַ טראָג געטאָן איבערן אויפגעשווי־דערטן בלוט און שטיקער געריסן פון איר: ערשט נעכטן איז זי אליין, ווי אַ געשלאָגענע פארן חתנס מאמע געשטאנען... און נישט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט זיך. פונקט ווי זי ווייסט איצט נישט וואָס צו טאָן מיט די שולדיקע. זי האָט די פינגער פון די הענט פארבראָכן און די פארצווייפלטע בליקן צום פראָסער אָנגעשטעלט. ווידער געבעטן באַ אים אביסל כוח. איר האָט זיך גערעכט, אז דאָס פּנים זיינס האָט זיך ווייטיקלעך צעקרומט און די ליפּן האָבן שטיל געפּליסטערט:

— האמער אויס דיין הארץ ס׳זאָל זיין שטארק ווי גראניט... זאָל מיין געבאָט, ווי אף שטיינערנע לוחות אויסגעקריצט ווערן אף דעם. באר־בארן! קיין אידייען טויט מען נישט...

— ווער, יאַנטיק, האָט האָט דיר געהייסן שרייבן אזעלכע צעטעלעך?

— האָט זי אין אַ שטרענגן טאָן געפרעגט — ווער הייסט דיך פיינט האָבן ביימיטאָן, ווייל ער איז אַ איד?...

ער האָט ארונטערגערעדט צום פאָל:

— די מאמע מיטן טאַטן... זיי הייסן אויסחזרן אף אויסנווייניק... הייסן אויסלערנען אלע שילער...

— שוין מיטן פּנים צו דער וואנט!...

און כדי צו פארווישן דעם מאָדנעם איינדרוק אף די איבעריקע קינ־דער אין קלאס, האָט זי זיי שטיל באפוילן:

— זעצט פאַר דאָס שרייבן.

און זי האָט זיך באם שרייב־טיש אוועקגעזעצט, געפּרואווט זיין רואיק און נישט געקענט. זיך דערמאָנט אין אַן ענלעכן פאל, וועלכן זי האָט פריער נישט גענומען ערנסט. און איז נאָר בייז געווען אפן באַ־ליידיקטן שילער. אַ פּויליש אינגל פון אַ יאָר פופצן, כמעט נאָך אַ גרינער. די הי־געבוירענע שילער האָבן געחוזקט פון זיין אקצענט און דער לערער האָט געשוויגן. די לערערנס האָבן געמורמלט צווישן זיך, אז דער קרענק־לעכער לערער האָט פיינט דעם אינגלס פּולבלוטיקייט, דאָס געזונט וואָס שפּראָצט פון יעדן אבר... די דינע מעסערדיקע שמייכעלעך, וואָס זיינען פארשטעקט געווען אין די קארבן ארום דעם בייזן מויל, האָבן זיך אַ סך מאָל אַ שאָט געטאָן איבערן שילערס בלאָנדן קאָפּ:

— דו בלאָנדער שד, פון וואָס ביזטו אזוי געזונט?... דאָרטן, אין פּוילן, שטארבט איר דאָך פון הונגער...

דאָס אינגל פלעגט שמייכלען פארלעגן און נישט וויסן וואָס צו ענטפערן.

איינמאָל האָט דאָס אינגל דערלאנגט אַ פּאטש זיינעם אַ חבר, וואָס האָט אים אריינגעשושקעט אין אויער:

— איד!...

דער לערער האָט זיך אַ ריס געטאָן צו אים און אים דורכגעשטאָכן מיט די צאָרנדיקן בליקן, אָנגענומענע מיט גרעניצלאָזער פאראכטונג:

— דו דרעקישער איד!... קיין פוילן וועלן מיר דיך אָפּשיקן...

דאָס אינגל האָט זיך אויפגעשטעלט און אָפּגעענטפערט קאַלט.

— אויב דעם לערער געפעלט נישט קיין אידן — זאָל ער אויסטאָן דעם צלם פון האלדז... זאָל ער הייסן אַראָפּוואַרפן די ביבל, וואָס באַצירט דעם פראָנט פון רעגירונגס־הויז...

— שווייג, דו גרינער, דו איד! — איז דער לערער אויפגעשפּרונגען צווישן די בענק מיט די פארגאפטע שילער — אומעטום זיינט איר פול... צופיס וועלן מיר אייך טרייבן קיין מאָנטעווידעאָ...

אַף זיינע קולות זיינען געקומען צו לויפן אַלע לערערנס און אויך בעטי, די דירעקטאָרשע. דאָס אינגל האָט באַליידיקט געשמייכלט:

— מיר העלפן גרויס מאכן דאָס לאנד... מיר זיינען נישט קיין נאַ־ציס... קיין פארעטער...

דער לערער, אינגאנצן אַ צעקאָכטער, האָט אים אראָפּגעלאָזט אַ פייערדיקן פּאטש איבערן פּנים. דאָס אינגל האָט אַ כאַפּ געטאָן זיינע העפטן מיטן טינטער און זיי אַ וואָרף געטאָן דעם לערער אין פּנים:

— פאשיסט, פינפטער קאָלומניק!.. איז מיט דער פויסט געדראָעט: מיר וועלן דיך אויך איבערלעבן...

די דירעקטאָרשע האָט אים ארויסגענומען פון קלאַס, גערעדט צו אים מיט ווייכע רייד און געבעטן:

— בעט באַם לערער אנטשולדיקונג... עס איז דאָך נישט שיין.

דאָס אינגל האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אַף ניין. ער איז אהיימגעגאנגען. דעם אנדערן טאָג איז ער געקומען מיט זיין טאַטן. אַ מענטש פון אַ יאָר פערציק, מיט ברוינע וואַרעמע אויגן און מיט סימנים פון שווערע איבערלעבונגען אַרום מויל. רחל האָט געזען ווי ער האָט לאַנג געוואַרט באַ דער טיר פון קלאַס, און דאָס אינגל האָט גערעדט מיט דער דירעקטאָר־שע:

— מיך וועט ער נישט פּייניקן, דער נאַצי..

— וואָס זיינט איר געקומען אַהער, איד?.. — האָט דעם לערערס פארשפּיצט געוואָרענע נאָז, ווי אַ געלאָדענער רעוואָלווער, אַ לויער געטאָן צו אים אין פּנים — קיין מאָנטעווידעאָ גייט!..

— שווייג, נאַצי! — האָט דער איד אָפּגעענטפערט — שוואַרצע בזיונות ברענגסטו אַ; דעם לאַנד... פינפטער קאָלומניק...

די קריגעריי איז געווען אַ קורצע, און זי, רחל, איז געווען צופרידן וואָס די צעהיצטע צדדים האָבן זיך נישט מכבד געווען מיט פּעטש...

דעם אמתן פּאטש האָט אָבער דער נאַציזשער לערער באַקומען מיט אַ פּאָר וואָכן שפּעטער. עס זיינען געקומען צוויי פאָרשטייער פון דער פּוי־לישער אמבאַסאַדע און גרינטלעך אויסגעפאָרשט דעם ענין. ס'האָבן נישט געהאָלפן די טענות פון דער דירעקטאָרשע מיט די לערערנס, אז דער לע־

דער איז אַן עכטער ארגענטינער דעמאָקראַט; ער צעשרייט זיך אַמאָל, ווייל ער איז אַ קראַנקער מענטש, אַ „נערוועאישער”. די פאָרשטייער האָבן אָבער געהאַט דעם באַפעל צו זיין געוויסנהאַפט. די דעמאָלטדיקע פוילישע ביר־רעגירונג האָט זיך גענייטיקט אין דער מיטהילף פון אירע פוילישע ביר־גער, די אידן, וועלכע זיינען פרייוויליק צוריקגעפאָרן אין זייער אַלטער היים צו העלפן באַפרייען דאָס פאָטערלאַנד פון היטלערס יאָך. אין דער זעלבער וואָך איז דער לערער איבערגעפירט געוואָרן אין אַן אַנדער שול. דער אידישער שילער האָט סיי ווי מער נישט געוואָלט קומען אין קלאַס...

— דער שריט פון דיין לאַנדסמאַן — האָט איר בעטי געזאָגט — איז געווען אַן איבערגעאייַלטער. זי, רחל, האָט זיך געשעמט: אידן דאַרפן נישט טומלען צופיל און וועקן צו זיך די פיינטשאַפט... דער לערער האָט פיינט אַלע אויסלענדער...

זי האָט פּלוצים דערזען פאַר זיך יענעם שילערס ברוינע צוויי אויגן, אָנגענומענע מיט חוזק און מיט פאַרוואורף: מען באַליידיקט מיך, האָב איך אַ רעכט צו מאָנען גערעכטיקייט...

רחל האָט אַ נעם געטאָן דעם העפט מיט די צעטעלעך און די פּיס אירע האָבן זי אַ טראָג געטאָן צו דער דירעקטאָרשע, אַ ברייטע, שווער־לייביקע מויד פון אַ יאָר פינף־און־פערציק, מיט אַ גרויס טונקל־הויטיק פּנים און מיט קאַלירעק־שוואַרצע אויגן, וואַרעמע און שטילע. רחל האָט אַרויפגעלייגט אַפן שווערן שרייב־טיש דעם צעעפנטן העפט מיט די צע־טעלעך און זי אָנגעקוקט מיט צערודערטע בליקן, אָנגענומענע מיט ווייטיק, מיט געבעט. בעטי האָט אַ ווײַלע געקוקט אַף די צעטעלעך און אַ ווייכער באַנג האָט אויפגעצאַפּלט אַרום די שווערע, צונויפגעצויגענע ברעמען אי־רע. — אומגלויבן. באַלד האָט זי איבערגעטראָגן די בליקן אַף רחלען און געפרעגט:

— די שילער זיינען אַרגענטינער?

— יאָ, בעטי!.. נאָר די עלטערן זיינען פוילישע...

— שיק אַהיים די קינדער מיט צעטעלעך צו זייערע עלטערן, זיי זאָלן זיך פּרעזענטירן צו מיר...

באַפעל איז געווען אין איר קול און באַליידיקונג.

רחל איז געווען גערירט פון יענערס ערנסטער באַנעמונג. זי האָט אַריינגענומען דער דירעקטאָרשעס הענט אין אירע און זיי געדריקט צום האַרצן:

— ווי פיינלעך דאָס איז, בעטי ליבע... מיר טאָרן נישט דערלאָזן צו דעם...

זי איז אַנטשוויגן געוואָרן און מיט אַ טיפן בליק אין בעטיס באַזאָרגט געוואָרענעם פּנים געקוקט. פון די טונקל־גרינע, פריש געפאַרבטע ווענט, פון סאַן מאַרטינס און סאַרמיענטאָס בילדער אַף דער וואַנט איבערן שרייב־טיש, פון די גרינע צעראַטענע אויסגעשפּרייטע סטעזשקעס אַפן רויטן בלישטשענדיקן פּאָל, פון די הויכע וואַזאָנעס אונטער די אָפענע פענצטער,

פון די לופטיקע ווינקלען — האָט זיך פּלוצים אַ מאָדנע פאַרלוירנקייט אויפגעהויבן און ווי אַ שפּינוועבס געבליבן הענגען איבער די עטוואָס אַראָפּגעלאָזטע קעפּ זייערע.

אַ באַזונדער מיטגעפיל האָט דעמאָלט רחל צו בעטין געהאַט. זי איז איר געווען אייגן. פון זעקס יאָר אָן, ווען רחל האָט צום ערשטן מאָל באַזוכט די שולע, האָט זי שוין געפילט צו איר אַ ליבשאַפט. זי איז געווען אַ שוואַכינקע און אַ שטילע, האָט מורא געהאַט צו שפּילן זיך צווישן קינדערשן קאַראַהאָד און כסדר געזוכט אָנשפּאַר בא עמיצן... געוויינט און זיך געבעטן אַהיים. בעטי איז דעמאָלט געווען די לערערן אירע. ווען זי האָט זיך דערוואוסט, אַז רחל איז אַ יתומה און ווערט דערצויגן פון אַן אַלטער, פאַנאַטישער באָבע, האָט די לערערן רחמנות באַקומען אויף רחלען און זיך אָנגעהויבן אָפּגעבן מיט איר מער ווי מיט אַלע אַנדערע שילערנס אין קלאַס. זי האָט רחלען ליב באַקומען, און זייענדיק פרום און אַבערגלויבעריש — אָנגעהויבן טראַכטן, אַז עפּעס אַ געמיינזאַמער אומגליק בינדט זיי איינע צו דער אַנדערער, ווייל אויך זי, בעטי, איז אויסגעוואַקסן אונטער דער השגחה פון אַן אַלטער, בייזער באָבע, אַ קאַרגע און אַן אומצוטרויִלעכע.

רחלס אומעט, דער צער פון אַן אומבאַהאָלפן קינד — האָט איר אייגענעם טיפן אומעט דערוואַרימט און געוועקט אין איר די בענקשאַפט נאָך אַן אייגן קינד... אין די טעג ווען רחל איז נישט געווען אין שול, האָט בעטי געפילט אַ געוואַלדיקן עלנט און אַ ציללאָזער געפיל האָט זי שטיל געפייניקט... אין די זונטיקן אָדער אַנדערע יום טוב טעג, איז בעטי געקומען צו דער אַלטער דבורהן און קוים געפּועלט אַרויסצופירן רחלען שפּאַצירן. זי פלעגט מיט איר פאַרברענגען אין די שענסטע שטאָטישע פּאַרקן, אין זאָאָלאָגישן גאָרטן, אָדער זי אומגעפירט אויף אַ קליין אייזל. רחל האָט זיך געפרייט און אַ סך מאָל גערופן די לערערן: מאַמע.

אין שול האָט בעטי געשטריקט רויטע און גרינע וואָלענע זשאַקעטלעך פאַר רחלס וועגן; איר איינגעפלאָכטן אין די לעקעלעך בלויע סטענגעס מיט געלע מטבעות, כדי רחל זאָל אויסזען ווי אַ ציגיינערן... בעטי האָט געקוואָלן פון איר אייגענעם איינפאַל, נאָר דער אומעט פון אַ פאַרזעסענער מויד האָט זיך נישט אָפּגעטאָן פון איר. בעטי איז דעמאָלט אַלט געווען אַ יאָר דרייסיק און אויסגעזען ווי פון פערציק. אַ מנוחהדיקייט און זאָרג געמישט מיט רוגזה, האָט געגעסטיקט צווישן די שמאָלע קנייטשעלעך אַרום אירע אויגן. מאָדנע סימנים פון גייסטיקער מידקייט. האָט נישט געקענט פאַרליידן די לוסטיקייט פון די איבעריקע לערערנס און נישט געהאַט צו זיי קיין צוטרוי... זיך באַמיט צו באַהאַלטן איר אומצופרידנקייט אונטער אַ וואַרימען, אַרויפגעצוואונגענעם שמייכל... געזוכט טרייסט און לייטזעליקייט באַם קניען צוויי מאָל אַ טאָג פאַר דעם הייליקן בילד, געבראַכט אַ סך מתנות די אָרימע שכנים און ווידער געבענקט און ווידער געליטן.

וואָס עלטער רחל איז געוואָרן, אַלץ ווינציקער איז בעטי געגאַנגען אין קלויסטער. זי האָט טיף געגלויבט, אַז גאָט האָט צוגעשיקט די קליינע יתומה, כּדי בעטי זאָל זי פירן אין די וועגן פון אמת און געטלעכער ליבע... יעדע רחל'ס מעלה האָט זי צוגערעכנט צו איר איבערגעגעבנקייט און וואָס מער שיינקייט זי האָט אויסגעפונען אין רחלען — אַלץ מער אחריות האָט בעטי געהאַט און אַלץ מער צייט און גרעניצלאָזע געטרייקייט איר געגעבן.

אַ סך מאָל, אין מינוטן פון אומרו און עלנט, האָט בעטי דערציילט פאַר רחלען שטיקער פון איר אייגן לעבן. בעטי איז אַמאָל געווען שיין און רייצנד... די פיינסטע יונגעלייט אין געגנט האָבן געזוכט איר קאַנטשאַפט; געבעטן איר האַנט. זי האָט שוין אָבער געליבט אַן אַנדערן. פון קינדוווייז אָן האָבן זיי זיך געקענט. ווען ער איז עלטער געוואָרן, איז ער געפאָרן קיין פּאַריז פּערפעקציאָנירן זיין שטודיום — דאָקטער כירורג. דריי מאָל אַ וואָך באַקומען פון אים הייסע ליבעס־בריוו, אַ סך מתנות איר געשיקט. ווען ער איז געקומען פון פּאַריז, האָט זי אים נאָך מער ליב געקראָגן. פרייד און לעבן האָט אַרויסגעשיינט פון די ווייכע, פאַרליבטע בליקן זיינע.

איר גליק האָט אָבער לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. די רייכע, גרויסהאַלטערישע טאַטע־מאַמע זיינע האָבן אים אויפגעמאַכט אַ רייכע קאָנסולטאַריע אין סאַמע צענטער פון שטאָט און זיין נאָמען איז באַלד פאַרשפּרייט געוואָרן. מען האָט אים אָנגעהויבן ריידן פּאַסנדע שידוכים פון די רייכסטע... ער האָט זיך אויסגעלאַכט פון זיי, פאַרטרויט די עלטערן, אַז זיין האַרץ געהערט שוין איינער... זיין מאַמע האָט געהאַט אַ שוואַכקייט צו די יחסנים; דורכן זונס בילדונג געזוכט צו ווערן אַן אָנגעזעענע דאַמע צווישן דער אַריסטאָקראַטיע... בעטי איז געווען אָרעם און נישט פון קיין יחסנישער משפּחה... און ווען די אַלטע באָבע איז געוואויר געוואָרן, אַז מען וויל נישט אַריינגעמען איר געראָטן אייניקל פאַר אַ שנור צו די אויפגעקומענע גבירים, האָט זי מער נישט אַריבערגעלאָזט דעם חתן אַף דער שוועל... דער חתן איז געווען אומגליקלעך. א סך מאָל געבעטן זי זאָל גיין צום ריכטער אַרויסנעמען אַ חתונה־ביכל, דעמאָלט וועלן די קרובהשע צדדים ווייכער ווערן... זי איז אָבער געווען אונטער דער ווירקונג פון דער באָבעס דערציאונג, זיך צופיל גערעכנט מיט דער מיינונג פון די שכנים און פון פריינט... איין מאָל, נאָך אַ קריגערייַ מיט זיין מאַמען, האָט זיך דער חתן דערשאָסן...

אַ יאָר צייט איז זי געווען קראַנק, זיך נישט אָנגעטאָן קיין לייטיש מלבוש און זעלטן געוואַשן דאָס פּנים. די באָבע האָט צו איר געבראַכט טרעפּערקעס און דעם הייליקן פאָטער... קיינער פון זיי האָט נישט געקענט טרייסטן... איין מאָל איז איר דער חתן געקומען צו חלום און געבעטן זי זאָל אָנטאָן שוואַרצע קליידער און וואַרטן ביז די נשמות זייערע וועלן זיך פאַראייניקן אונטער דער השגחה פון גאָטס פליגל... זי האָט

געפאַלגט. נאָר די פרייד אין איר איז אויף אייביק אויסגעלאָשן געוואָרן... איצט פאַרשטייט זי דעם חלום — זי האָט חתונה געהאַט מיט זיין נשמה און רחלע איז דאָס טעכטערל זייערס... ווי שטאַרק ער האָט ליב געהאַט שיינע קינדערלעך...

רחל איז טיף גערירט פון בעטיס צוטרוי. זי האָט אָנגעהויבן גלייבן, אַז דער בייזער שיקזאַל האָט זיי איינע פאַר דער אַנדערער געבראַכט. דער באָבעס שטערן דעם שידוך מיט האָראַסיאָן, האָט אויך עפּעס צו טאָן מיט בעטיס לעבן. כסדר האָט זי איר געהאַט וואָס צו דערציילן און יענע איז ווי אַ געטרייע מאַמע פאַרטאָן געווען אין רחלס זאָרגן און איר עצות געגעבן ווי אַזוי אויסצופירן אירס...

בעטיס גרעסטע פרייד איז געווען, ווען רחל איז געוואָרן לערערן און זיך אוועקגעגעבן דער אַרבעט מיט ליידנשאַפט און מיט אחריות. בעטי איז געווען זיכער, אַז רחל וועט שטייגן העכער, וועט ווערן דירעקטאָרשע און פאַרנעמען איר, בעטיס פּלאַץ...

רחל האָט געגלויבט, אַז בעטי וועט נאָך זיין גליקלעך... זי האָט געפילט, אַז אונטער יענערס ערנסט און געצוואונגענער אָנגעצויגנקייט, טייעט אַ בענקשאַפט... אין די שווערע, אומצופרידענע אברים, לעבט אַ דערשטיקט פייער, וואָס צאַנקט, ראַנגלט זיך מיטן טויט און וויל נישט אויסגעלאָשן ווערן...

פאַרנאַכט איז די לופט געווען אַ פייכטע, דער הימל מוטנע און באַדעקט מיט איבערגעבערענטע שטיקער היץ, מיט אָנגעדעמפטן גלי, ווי די אויגן פון אַ מעשוגענעם. אַרבעטער מיט בלייכער מידקייט אויף די שווייסיקע פּנימער האָבן זיך געאיילט פון די צעפּראַלטע פאַבריק־טויערן. אַנדערע זיינען שוין געהאָנגען אַרום די פענצטער און אַרום די פּלאַטפאָרמעס פון די פול־געפּאַקטע טראַמווייען, וואָס האָבן זיך דורכגעריסן די צענטער־גאַסן פון שטאָט. די אָנגעהיצטע רעלסן האָבן זיך געבונטעוועט פון דער שווערער מאַסע און אָפּגעענטפערט מיט גזלנישער רציחה; געשפּיגן מיט רויטע און גרינע פייער־שפּיצן מיט צאָרן. אויף די ראָגן צווישן פּועירעדאָן און קאָריענטעס, וואָס זיינען איינגעהילט געווען אין רעש און אין שווערע ריחות פון גרויען נאַפט־רויך, איז דער שוואַרצער פּאָליציימאַן אינעם ביידל, וועלכער וועלכער פירט אָן מיטן גאַסן־פאַרקער, געווען ווי אַ פאַרטשאַדעטער. די צייכנס פון זיין ווייסן פּאָליציי־שטעקעלע זיינען געווען מידע און ווילנלאָזע. מיט אָפּגעטעמפּטע חושים פון דער בלייענער היץ, זיינען מענער און פרויען געשטאַנען און געוואַרט אויף אַן אָמניבוס; אַנדערע זיינען איילנדיק געלאָפן אין אָפענעם פּיסק פון דער אונטערגרונדבאַן, אָנשלאָגנדיק זיך אין אַ מאַסע מענטשן, וואָס זיינען פון דאָרטן אַרויסגעשפּיגן געוואָרן, אויפגעהויבן זיך צו דער גאַס ווי אויסגעהונגערטע פייגל.

אַרום די גרויסע קאַפע־הייזער זיינען געזעסן מענער, געטרונקען ביר, געגעסן אייזקרעם, אָדער גלאַט גערוט מיט אָנגעשפּאַרטע עלנבויגנס

אפן זוים פון הויכן קיילעכדיקן טישל. אַ ברייטפּלייציקער איטאַליענער מיט גרויע פאַלדן אונטער די אויגן, האָט אונטערגעטראָגן אַ קעסטל מיט נאַשוואַרג די פאַרבייגייער, אָנבאָטנדיק זיין סחורה:

— קויפט אַ פּעקל מיאַטנע... קויפט אַ שאָקאָלאַדל...

אַ איד מיט אַ קאָמעץ־בערדל און מיט אַ רעקל אפן גופל, אין וועלכן ער שווימט אַרום, שרייט איבער זיין קויש מיט סחורה:

— אידן! בייגעלעך... זיסע מאָן־בייגעלעך... אייעריקע בייגל. זייט אייך מחיה — גיטס אַ אידן פאַרדינען אַ סענט!

— מאַראַנצן, באַנאַנעס פון שטיק — שרייען און רופן מיט אומרואיקע הענט טונקל־הויטיקע אַרגענטינער

— מאַנים! מישן זיך אוים קולות פון אַלע זייטן.

אידן, טערקן, און סתם הענדלער, קווענטעניקעס, לויפן אַרוים פון די גרויסע הורטאָוונע געשעפטן, איילן זיך מיט פּעקלעך סחורה אונטער די אָרעמס. עס איז פאַרנאַכט. דער גרויסער זייגער אין פראָנט פון דער באַנק האָט אויסגעקלונגען זיבן.

אָנגעטאָן אין די ווייסע שול־פאַרטוכער מיט בלוי־געשטיקטע, זייִדענע היטעלעך אף די קעפּ, אַרומגענומענע פאַר די טאַליעס, האָבן אויך בעטי מיט רחלען געוואַרט. רחל איז געווען צעטראָגן, פאַרטאָן אין אירע דאגות. וואָס האָט צוגערויבט באַ איר די ליבשאַפט פון חתנס טאַטע־מאַמע? ווי שווער און איינזאַם איר לעבן וועט ווערן אָן יענעם ווארעמען ווינקל. און וואָס וועט האָראַסיאָ זאָגן, ווען די אַלטע לייט וועלן זיך צו אים אַ נעם טאָן? גאָט צו דאַנקען וואָס די משוגענע באָבע ווייסט נישט וועגן דעם. זי וואָלט זיך דערלעבט אַ נקמה, די שלאַנג... אַלע שונאים אף צולהכעים וועט זי איינגיכן חתונה האָבן מיט האָראַסיאָן. ניין, זי וועט אים נישט דערציילן פון די געפונענע צעטעלעך... האָראַסיאָ מוז איצט זיין מיט זיך אַליין, מיטן לערנען...

ווייכקייט האָט זיך געטוליעט אין אירע בליקן און אַ גרענעצלאָזע בענקשאַפט נאָך מנוחה. אין דעם איז דער גאַסן־טומל פאַרטויבט געוואָרן. אַ גרופּע נאַציאָנאַליסטן, טונקל־הויטיקע קריאָזשאַס מיט לייכטער הפקרות אין די שוואַרצע אויגן, האָבן זיך ווי די שוואַרצע ראָבן אַ צעשאָט געטאָן אַרום דעם פּיסק פון דער אונטערגרונד־באַן, צעטריבן די וואַרטנדיקע און אף גיך אַוועקגעשטעלט אַ הויך־הילצערנע טריבונע. אַ נידעריק פאַרשווינדל מיט אַ פּלאַטשיקן קאָפּ צווישן די הויכע אַקסלען, האָט זיך אַרויפגעכאַפּט אף דער טריבונע, פייערדיק מיט זיינע לאַנגע הענט אהין און צוריק, אַ כריקע געטאָן מיט אַ מאָדנער פאַרכלינעדיקייט:

— זאָל לעבן דער נאַציאָנאַלער סאָציאַליזם!... זאָלן לעבן די אמתע אַרגענטינער!...

עטלעכע בחורים מיט ווייסע, דריי־שפּיציקע פּאַטשיילעס אַרום די העלדזער, מיט קויטיקע פּיזשאַמעס אָנגעטאָן, האָבן צוגעפּאַטשט בראַוואָ און אים באַלד געהויבן אין דער לופטן.

— אַרגענטינע — יאָ; יאַנקע — נישט!... אַ טויט בראַדענען!

רחל האָט צוגעקוקט דעם ספּעקטאַקל, אַ צעטומלטע, זיך פעסט גע־טוליעט צו בעטין און אַ שווער געפיל האָט געדריקט איר אומרואיקייט... ניקאָלאַס האָט זיך באַוויזן, אַרויפגעשפּרונגען אויף דער טריבונע:

— מיר ווילן אַליין זיין די הערשער איבער אונדזער לאַנד! די אויסלענדער, די אידן, זיי ווילן אונדז אַריינשלעפּן אין אַ מלחמה. מיר טאָרן נישט איבערייסן מיט דייטשלאַנד!

— נידער מיט די פינפטע קאָלומניקעס! — האָבן זיך דערהערט קולות. נידער מיט די פאַרעטער פון פאָטערלאַנד!

— פרייהייט, פרייהייט! זאָלן לעבן די דעמאָקראַטישע פּראָפעסאָרן!

— אַראָפּנעמען דעם קריגס־צושטאַנד!

— באַפרייען די פּאָליטישע אַרעסטירטע!

— פרייע וואַלן, פרייע וואַלן!

— נישט אַריינלאָזן אין לאַנד די אַקס־מערדער!

און הויפן פּראָקלאַמאַציעס ווי מחנות טויבן האָבן זיך צעשאָטן פלי־ענדיקע אין דער לופטן. דאָס האָבן אַ גרופּע סטודענטקעס פאַרפּלייצט דעם ראָג. ניקאָלאַס איז פאַרשטומט געוואָרן. ער האָט אַ סווישטש גע־טאָן פון אַ פּאָליציי־פייפל און עטלעכע פּאָליציי־לייט זיינען ווי פון אונ־טער דער ערד אויסגעוואַקסן. שוואַרצע שרפהס האָבן זיך געריסן פון די צערייצטע אויגן זייערע, נקמה! זיך געוואָרפן צום עולם, געשניטן מיט זייערע פּאָליציי־שטעקעלעך איבער געבויגענע קעפּ, האַלדז און נאַקנס; געטיילט קלעפּ אויף רעכטס און לינקס. ווייבער האָבן געקוויטשעט היס־טעריש און געבעטן רחמים. באַלד איז אַ פאַל געטאָן נעבן פּיסק פון אונ־טערגרונד־באַן אַ יונג מיידל, אַ באַגאָסענע מיט בלוט. מחנות אַרבעטער, וואָס האָבן געוואַרט אויף אַן אָמניבוס, האָבן זיך אין פּאַניק אַ שאָט געטאָן אויף די טרעפּ פון דער אונטערגרונד־באַן.

ניקאָלאַס איז אַראָפּגעשפּרונגען פון דער טריבונע, זיי נאָכגעלאָפן, געהויבן פויסטן אין אייזערנע הענטשקעס, געטיילט קלעפּ וועמען עס האָט זיך געלאָזט.

— אַ טויט די סטודענטן! אַ טויט בראַדענען! אַ טויט דער דע־מאָקראַטיע!

— זאָל לעבן ראָסאַס! זאָל לעבן היטלער! — געריסן דאָס קעפּל זיינס מיטן רעכטן אַקסל צום עולם: — אַ טויט די אידן!..

רחל מיט בעטין האָבן זיך געפּרוּווט דערנענטערן צו אַ קאַפע, נאָר אַ מחנה סטודענטן און סטודענטקעס, אָנגעטאָן אין ווייסע פאַרטו־כער, זיינען אָנגעלאָפן פון דער פאַסער גאַס און זיך צונויפגעגאָסן מיט גרופּעס פאַבריק־אַרבעטער און אַרבעטערנס, וואָס זיינען אָנגעלאָפן פון דער גאַס פּועירעדאָן און וואַלענטין גאָמעס. ניקאָלאַס אַ געהויקערטער, מיט רויטע, צעמישטע פלעמלעך אין די אויגן, האָט זיך צוגעשאַרט צו אַ בינטל פּאָליציי־לייט.

שכנים פון די אויבערשטע שטאָקן האָבן אַף גיך פאַרהאַקט די טירן מיט די פענצטער פון זייערע דעפּאַרטאַמענטן און נייגעריקע אַראָפּגעקוקט פון זייערע גאַלעריעס. דאָס קלינגען פון די טראַמוויען, דאָס רעדערן און פייפן פון די אָמניבוסן מיט די אויטאָס, וועלכע זיינען שטיין געבליבן צווישן די ראָגן מיט הונדערטער מענטשן, אַלץ האָט זיך איינגעהערט אינעם צאָרנדיקן רופן פון די פּאָליציי־פייפלעך. די קעגנערישע גרופּעס האָבן זיך מיט אומגעצוימטער פּוריע געוואָרפן אַף אַנאַנדער. פויסטן און אייזערנע הענטשקעס פון די „נאַציאָנאַליסטן" האָבן זיך געקנוילט איבער הויפנס צעבלוטיקטע קעפּ, מיט ווילדע אויסגעשרייען:

— א טויט דער דעמאָקראַטיע! א טויט די אידן! אַף וואָס עס איז געקומען אָן ענטפער:

— אַ טויט דעם פאַשיזם! אַ טויט די פינפטע קאָלומניקעס!..

— אַ טויט די קיסלינגס!

עס האָבן אָפּגעהילכט רעוואָלווער־שאָסן, וואָס זיינען באַגלייט געוואָרן פון מוראַדיקע הילפס־רופן פון פאַרוואונדעטע.

אפן ראָג פון קאָריענטעס און פּועירעדאָן זיינען אָנגעקומען צוויי פּאָליציי־קאָטשן, פון וועלכע עס האָבן אויסגעשטיגן פּאָליציי־פאַרשטאַרקונגען, וואָס האָבן צוזאַמען מיט די קריאַזשאַ נאַציס גענומען אָפּרייניקן די טראָטואַרן.. געכאַפּט פאַר די האָר, פאַרן קאָלנער פון רעקל — יעדן מאַן און פרוי, וועלכע האָבן נישט באַוויזן אָפּצוטראָגן זיך, אַריינגעוואָרפן זיי אין די קאָטשן. רחל האָט געפילט, אַז זי טרעט אַף עמיצן; געפילט אַרום זיך דעם ריח פון וואַרים בלוט... זי האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און אַ געשריי געטאָן.

— באַ גאָט, לאָזט אויפהייבן אַ קינד! מערדער, מערדער!...

אין דעם זיינען ניקאָלאַסעס שוואַרצאַפּלען אַריינגעפאַלן אין אירע דערשראָקענע בליקן. זי האָט געהערט זיין קולעכל:

— אידישע זונה! איך וועל מיך רעכענען מיט אייך!.. ער האָט זיך אַרויסגערוקט פון זיין באַהעלטעניש און אַ כאַפּ געטאָן פאַר די לאַצן אַן עלטערן אידן, וואָס איז שטעקן געבליבן צווישן געדרענג.

— הער פּאָליציאַנט, נעמט אים דעם אידן! ער פּריידיקט דאָ קאָמוניזם. צוויי הויכע פּאָליציי־לייט האָבן אַ נעם געטאָן דעם צום טויט דערשראָקענעם פאַר ביידע הענט און אים געפירט צום פּאָליציי קאָטש: ניקאָלאַס איז געשפּרונגען אַף פּאָרויס און סאָפּענדיק געפּאַטשט איבערן אידנס פּנים, איבער די גרויסע פון קאָפּ אַרויסגעזעצטע אויגן. רויטע, וואַרעמע ריטשקעס בלוט האָבן זיך געגאָסן פון דער אויפגעלאָפּענער נאָז. פון מויל, געשריגן צו רהלען, געבעטן גערעכטיקייט...

זי האָט אַ קוויטש געטאָן נישט מיט איר קול, האָט זיך אַ ריס געטאָן פון איר אָרט, זיך געראַנגלט מיט דער ענגער צונויפגעדרענגטער מענטשן־מאַסע. ברוינע פייער־פונקען האָבן געשפּריצט פון רחלס צעשראָקענע

אויגן און פאַראַכטונג. זי איז צוגעפאַלן צו ניקאָלאַס אַ האַנט אין אריינ־געשטאָכן אין אים אירע נעגל, געדראַפּעט ביז בלוט...

אַ פּאָליציאַנט האָט איר דערלאַנגט מיטן הענטל פון רעוואָלווער איבער די הענט און באַלד איבערן קאָפּ... זי איז צוגעפאַלן מיט די ציין צו זיין האַנט, אים געביסן, נאָר די אברים אירע זיינען געוואָרן אָפּגעשוואַכט און זי האָט אַ פאַרחלשטע זיך אַרונטערגעלאָזט, נישט געפילט מער דעם ווייטיק פון די קלעפּ, וואָס האָבן זיך אָן אויפהער געשאָטן איבער איר קערפּער. אַ שוואַרצער תהום ווי אַן אויפגעבראָכענער מבול וואָלקן האָט זי איינגאַנצן פאַרשלונגען.

---

קאַפּיטל 17

## צווישן ליכט און פינצטערניש

די אַלטע פילאַר, אַן אויסגעפּוצטע אינעם זונטיקדיקן קלייד, מיט אַ געבעט־בוך אונטערן אָרעם, איז שטיין געבליבן לעבן זון, אים באַקוקט מיט מאַמעשער געטרייקייט. האַראַסיאָ האָט אַן אָנגעשטרענגטער געפירט מיטן ראַזיר־מעסער איבערן אָנגעזייפטן פּנים און כדי די מאַמע זאָל אים צורו לאָזן, האָט ער אָנגעהויבן אויספייפן זיינעם אַ באַקאַנטן ניגון פון אַ פריילעכן טאַנגאָ און דערביי צוגעקלאַפּט מיטן רעכטן פוס. דורך די פּאָלעס פון די קלעטער־פלאַנצן האָבן זיך אריינגעצויגן איבערגעבראָכענע ליכט־נאָדלען וואָס זיינען שטעקן געבליבן אין דער זיידענער שוואַרצקייט פון די ווילד־צעפלויגענע קרויזן זיינע.

די מאַמעס שטומע תרעומות, די פוסטקייט פון דער שטוב, האָט אים פאַרשטערט די זונטיקדיקע מנוחה און עס האָט אים ווי מיט פייערדיקע בייטשן געטריבן פון דאָרטן. אַנטלויפן פון דער אַלטקייט און כסדרדיקע קריגערייען... די לעצטע פּאָר טעג האָט ער די טאַטע־מאַמע כמעט נישט דערקענט. ערגער ווי די אַלטע דבורה זיינען זיי פּאַר אים געוואָרן: וואָלט גאָרנישט געווען געטראָפן מיט רחלען יענער מאָדנער צופאַל, צוליב וועלכן זי ליגט נאָך אַ קראַנקע, וואָלט ער זי אַרויסגענומען פון איר טאַטנס שטוב און זיך דערווייל באַזעצט מיט איר אין אַ ביליקן האָטעל. ער האָט נישט געוואוסט, אַז די מאַמע האָט שוין געהאַט דעם ערשטן געשפּרעך מיט רחלען, נאָר אַ פאַרגעפיל האָט אים נישט געלאָזט רוען. ער וועט באַלד גיין צו דער כלה און זי וועט אים אויסזאָגן דעם אמת. ווייי און ווינד וועט זיין די אַלע משוגעים...

פאַרוואָס, האָראַסיאָ האָט זי מיך גענאַרט? — האָט די מאַמע איבערגעריסן די שטילקייט.

ער האָט אויסגעדרייט צו איר דאָס פּנים און זי אָפּגעגאָסן מיט אַ הארטן בליק:

— לאָז מיך ,אַלטע!... איך וועל דיר אין דעם אַלעם אויפקלערן, אז רחל האָט אייך קיינמאָל נישט געגארט. איך וועל אייך אויפווייזן, אז זיין אַ איד איז דאָס אייגנע ווי צו זיין אַ איטאַליענער, אָדער אַ שפּאַניער...

דעם זונס טענות האָבן איר צוגעגעבן מער קוראַזש. זי האָט דעם הכנעהדיקן קאָפּ אויפגעהויבן און זיך בייז צעשאָקלט, דראָענדיק מיט אַ פויסט:

— דעם קאַליקע וועט דער טאַטע אָנלערנען... געדענק!..

רוגזה האָט זיך געקלאַמערט אַרום זונס שווערע, צונויפגעצויגענע ברעמען און אימפּעט. הייסער גלי האָט געשפּריצט פון די אויגן.

— קיין איין וואָרט אַלטע, זאָלסטו מער נישט וואגן צו זאָגן! וואָס האָט איר צו דעם אומגליקלעכן? שרעק האָט זיך צעוויינט אַרום דער אַלטערס אויפגעציטערטן מויל און באַליידיקונג; זי האָט טיפער דעם קאָפּ צו דער ערד געבויגן.

— די גאַנצע וועלט, מיין קינד — פאַרלוירן געשטאַמלט — האָט מורא פאַר „זיי”, ווילסטו דווקא, אז מיר זאָלן זיי יאָ ליב האָבן. ווייי איז צו מיר, האָט זי אַ שלונג געטאָן די טרערן, די אידן האָבן דרהרגעט... די אידן האָבן אַ חלק אין טויט פון דיינע עלטערע ברידער...

דער מאַמעס געבראָכנקייט האָט נאָך מער געוועקט אין אים דעם צאָרן: נישט באַדאַרפט ענטפערן קיין איין וואָרט. נישטאָ צוליב וואָס צו ערגערן זיך. עמיצער האָט זיי משוגע געמאַכט, און משוגעים דאַרפן אויסגעהיילט ווערן זייער לאַנגזאַם..

האָראַסיאָ האָט אַ צעפּראַל געטאָן די טיר פון שאַפע און געזוכט די ווייסע, זונטיקדיקע הויזן מיט אַ געפּרעסט העמד. די אַלטע האָט אַרויסגע־שלעפּט פון קאַסטן אַ בינט מיט גרעט און אים אָוועקגעלייגט אַפן טיש:

— אַט וועט די מאַמע אויספּרעסן. קיינער חוץ מיר, זעסטו דאָך, האָט דיך נישט אינזינען..

ער האָט אַרויסגעפּילט דעם צווייריטיקן מיין אין דעם נקמה־געפיל פון איר קול. אַ צאָרנדיקער אליין אויסגעשפּרייט אַ שמאַטע אַפן טיש, אָנגעהיצט דעם עלעקטרישן פּרעס און זיך געבעטן בא דער אַלטער:

— גיי פון דאנען, איך וועל אליין אויספּרעסן, גיי!..

די הויזן מיט דער פּרעס־שמאַטע האָבן זיך אומגעריקט אונטערן אייזן און האָראַסיאָ האָט געצאָרנט: אויב זי איז ווידער באַהערשט פון טרויער וואָס מאַכט זי אָפּהענגיק, האָט מען געקענט הייסן דער אַלטער אָפּזוכן עמיצן, וואָס זאָל צוגרייטן געפּרעסטע מלבושים, און פאַר וואָס זאָל רחל נישט לערנען? וואָס מער די צעדרייטע באָבע רייסט זיך, אַלץ מער קומט ער צו רחלען. די געזונטע טאָרן זיך נישט לאָזן באַהערשן פון די משוגעים.

די אַלטע האָט אים צוגעוואָרפן אַ שווערן זיפץ און האָט זיך אַרויס־געשאַרט פון שטוב.

האַראַסיאַ האָט פריִער אָפּגעאָטעמט. די פרייד און די זאָרגלאָזיקייט אין אים האָט ווידער געזונגען אין יעדן אבר. אים איז מער נישט אָנגע־גאַנגען, וואָס די שטוב איז אָפּגעלאָזן, זיך אָנגעטאָן, פאַרקעמט די קרויזן, זיי באַגאָסן מיט פאַרפום און אַ צעשיינטער אוועק צו רחלען.

זי איז געזעסן אָפּן בעטל און מיט אַ מאָדנער פאַרבליפטקייט אין די פאַרטראַכטע בליקן געקוקט אויף די ווייסע נאַרציסן, וואָס זיינען געוואַקסן אונטערן פענצטער. די ווייסע קישנס אונטער דער פּלייצע, דאָס דינע ראָזע נאַכט־העמד מיטן ברייטן זיידענעם שלייף באַם אויסשניט, די פּייכטע קויל־שוואַרצע לאָקן אַרום געטאָקטן האַלדז, דער לויטערער שמייכל אַרום די עטוואָס צעעפנטע קנאָספּן־ליפּן — האָט איר צוגעגעבן דעם אויסזען פון אַ קינד, אַ טרוימערן...

וואַרעמקייט האָט זיך צעגאָסן אין האַראַסיאָס גלידער און גרעניצלאָ־זער רחמנות צו איר. ער האָט זיך אַוועקזעצט אָפּן זוים פון בעטל. זי האָט אויפגעהויבן צו אים דאָס פּנים און געשמייכלט. ער האָט אַריינגע־נומען איר קאָפּ אין זיינע הענט און אים געקושט זייבער אָן דער מינדסטער ליידנשאַפט, פונקט ווי אַ לייכט ווינטל קושט די בלומען־קעפּ. זי האָט באַ־האַלטן איר פּנים באַ אים אויף דער ברוסט און געפילט, אַז די אימה, די יסורים האָבן מער נישט קיין שליטה איבער איר. אַ צאַרטע ווייכקייט ווי דער שימער פון אַ ווייסן חופּה־קלייד, האָט זיך צעטויעט אַרום האַראַסיאָס מויל און די פרייד האָט, ווי דאָס געזאַנג פון אָן אָרגל, פאַרשיכורט דאָס האַרץ, די אברים.

האַראַסיאַ האָט אָנגעבויגן זיין רעכטן קין אויף איר געבויגענעם קאָפּ און די לויטערקייט אין אים האָט געכוואַליעט ווי די כוואַליעס איבער די ברעגן פון צעשטורעמטן ים. אייביקייטן וואָלט ער אַזוי געזעסן נעבן רחלען, פאַרגעסן אין דער רשעות, וואָס וועבט זיך אַרום זיי...

רחל האָט אַ זיפץ געטאָן, און האַראַסיאַ האָט ווידער אַראָפּגענידערט צו דער בייזער ווירקלעכקייט, אויפגעהויבן איר פּנים און מיט גרעניצ־לאָזער געטרייקייט אין די צעטייעטע בליקן אַריינגעקוקט.

אַ גרויע וואָלקנדל האָט באַדעקט רחלס ערנסטע ברעמען אין זאָרג. זי האָט געקוקט אויף דעם שלעכט געפּרעסטן העמד, אויף דעם התנם געדריכטע קרויזן און איז ווידער גרייט געווען צו לעבן נאָ פּאַר אים, לעבן מיט זיין גליק, מיט זיין צוקונפט. אָן איר וועט פון אים ווערן שטויב...

ווען די פּאָליציי וואָלט זי געוואָען דערהרגעט, וואָלט האַראַסיאַ זייער צעבראָכן געוואָרן... וואָלט געזוכט צו נעמען נקמה און שפּעטער, פונקט ווי דאָן טשיטשע, ווען דער ווייטיק הייבט אָן צו טאָטשען, זיך אַריינ־געלאָזט אין שיכרות, אָדער געזוכט צו פאַרגעסן אין די אָרעמס פון גע־קויפטער ליבע.

אין דעם איז יאָסל אַריינגעקומען. שטומער חוזק געמישט מיט באַנג. האָט געגרוט אויף זיין ווייסן קאָפּ. ער האָט אויסגעשפּרייט דעם „קאַבילדאָ", אַ נאַציִשע צייטונג, און אָנגעהויבן לייענען. „אַ געפערלעכער עקסטרעמיסט,

האָט געפּרואווט ווארפן אַ באָמבע אויף אַ פרידלעכער מאַניפעסטאַציע..
אַדאַנק דער פּלינקייט פון אונדזער פּאָליציי, איז דער דאָזיקער פּארשוין
אין צייט געכאַפּט געוואָרן...״

האַראַסיאַ האָט אַ כאַפּ געטאָן די צייטונג און זי צעריסן:

— נאָך וואָס ברענגט איר אַהער אַזוינע ידיעות... רחל מוז האָבן
פולשטענדיקע רו!..

יאָסל האָט אים אָפּגעגאָסן מיט די שטומע בליקן און באַלד אַ זאָג
געטאָן:

— זיי האָבן אים דערהרגעט...

רחל האָט פאַרבראָכן די פינגער פון די הענט, די אויגן האָבן גע־
בלאָנדזשעט פון טאַטן צום חתן און באַלד צוריק צום טאַטן.

האַראַסיאַ האָט אַ זייע געטאָן צווישן די ציין.

— אַ טויטן האָבן זיי אים אין מיין שפּיטאָל געבראַכט...

אַ טויטע שטילקייט האָט זיך אָפּגעזעצט אַרום זיי, אָנגענומענע מיט
יסורים און מיט טרויער. טרויער האָט געשוועבט אין די טיפע ווינקלען
און איבער די צעשאָרכטע קעפּ פון די נאַריצסן אונטערן אָפענעם
פענצטער.

בעטי איז אָנגעקומען. געבראַכט אַ בוקעט ווייסע בלומען. זיך אוועק־
געזעצט אַפן זוים פון בעטל און צוגעטוליעט זיך צו רחלען.ביידע האָבן
פאַרלוירן און גליקלעך געשמייכלט.

רחל האָט אַריינגערעדט אין די בלומען:

— שוין געוועזן, בעטי, די טאַטע־מאַמע פון יענע שילער?...

— געוועזן!.. — האָט זיך אַ ברייטער זיגערישער שמייכל אַרום בע־
טיס מויל צעוויייעט — זיי וועלן גוט געדענקען מיין לעקציע...

זי איז אַנטשוויגן געוואָרן, דערפילט אויף זיך האַראַסיאַס און יאָסלס
בליקן פול מיט נייגער. פאַרשטאַנען, אַז זיי ווייסן נישט וואָס אין שולע
איז פאָרגעקומען. אַ טיפע דאַנקבאַרקייט איז אויפגעגאַנגען אין איר צו
רחלען, זי האָט מורא געהאַט פאַר איר אייגענעם נאָמען און אויך פאַרן
נאָמען פון איר „פּאַטריאַ״. זי האָט נאַיוו געגלייבט, אַז נאָר די אויסלענ־
דער קענען נישט אויסקומען צווישן זיך...

יאָסל האָט די שטילקייט איבערגעריסן:

— ווי מיינט פריילן דירעקטאָרשע, די רעליגיעזע לערע, וועלכע
מען פירט איצט אַריין אין די מלוכה־שולן, וועט טאַקע דערציען דורות
פון אמתע „קריסטן״,...

זי האָט נישט געוואוסט, צי איז יאָסל ערנסט אין זיין פראַגע און
כדי צו זיין געדעכט באַ זיך אַליין, האָט זי שטיל און אומגערן אָפּגעענט־
פערט:

— וואָס קענען מיר, אָרעמע פרויען, אויפטאָן? מיר מוזן דאָך זיין
גוט מיט דער נייער רעגירונג...

יאָסל האָט געשמייכלט:

— איר קענט זיך דעם לוקסוס פארגינען!.. עמיצער האָט אמאָל געזאָגט: וואָס פאר א רעגירונג — אַזוינע אידן...

ער איז אנטשוויגן געוואָרן און דאָס שטיקל אָרעם אין אַרבל פון דער פּיזשאמע האָט אַלע מאָל א נערוועזן צאַפּל געטאָן. בעטי האָט אים אָנגעקוקט מיט ברייטע אומפארשטענדלעכע בליקן. רחל האָט אָנגעשטעלט די אויגן אַפן טאַטן, אָנגענומענע מיט געבעט:

— טאַטע, טאַטע.. מיר איז אַזוי שווער צו לעבן אין אַזאַ וועלט... איך וועל באַגיין זעלבסטמאָרד... שטיל און מאכטלאָז צוגעגעבן — דאָס פארגאָסענע בלוט פון די אומשולדיקע שטיקט מיך..

יאָסל איז געוואָרן בלייך. צוגענומען בעטיס בלומען פון דער טאָב־טערס שויס און ווי א פארשולדיקטער ארויס פון שטוב. באַלד צוריקגעקו־מען איינינעם מיט באָריסן. יענער האָט געטראָגן בלומען אין א גלעזער־נער כלי מיט וואסער. בעטי מיט האָראַסיאָן האָבן זיך פון זייערע ערטער א ריר געטאָן. זיי האָבן זיך דערפרייט מיט באָריסן. געגלויבט, אז דער פריערדיקער שמועס וועט איבערגעריסן און פארביטן ווערן.

— א גאַסט! — האָבן ביידע מיט איינמאָל אויסגערופן און אים אנטקעגן געשטרעקט די הענט.

— וואָס מאכט די פריילן דירעקטאָרשע? א גליק וואָס רחל איז גע־וואָרן א העלדן, זעט מען זיך...

באָריס האָט די בליקן זיינע איבערגעטראָגן צו רחלען, וואַרעמע און פרייע.

— און איר וואָס מאכט?

— זייער גוט, באָריס.

בעטי האָט געקוקט אויף אים מיט יענעם באַהאַלטענעם בליק פון א פארזעסענער מויד, וואָס האָט נאָך נישט אויפגעגעבן די האָפענונג, אז עמיצער זאָל איר געפעלן... וויפל מאָל באָריס מיט האָראַסיאָן זיינען גע־קומען אָפּוואַרטן רחלען, נאָכן ענדיקן די שול־ארבעט, האָט זי ליב געהאַט צו שמועסן מיט באָריסן, זיך נאָכגעפרעגט אויף זיין לעבן אין שפּיטאָל און שפּעטער, ווען זי האָט אויסגעפונען, אז ער איז ווערט דעם צוטרוי אירן, אויך אָנגענומען זיין איינלאַדונג אויף א שפּאַציר אין באָטאַנישן גאָרטן איינינעם מיט רחלען און מיט האָראַסיאָן. זי האָט כסדר געזוכט אויסצו־געפינען אין אים יענע אידישע חסרונות, צוליב וועלכע די קריסטלעכע וועלט האָט „זיי פיינט"... וואָס מער זי האָט אים געקענט, אַלץ אומ־פארשטענדלעכער איז איר אויסגעקומען און אַלץ מער האָט זי אים באַ־וואונדערט... דעמאָלט נישט געקענט באַנעמען באָריסעס רואיקייט. ווידער איז זי צערודערט און שרעקט זיך נאָך אַלץ פאר די שלעכטע פאָלגן פון רחלס איבערגעאיילטקייט... זי האָט ווידער אויפגעהויבן צו אים דאָס פנים און זייער ערנסט אָנגעהויבן ריידן:

— איר נעמט דאָס לעבן זייער לייכט, זייער ראָמאַנטיש... מיר ווידער, די הי־געבוירענע, זיינען פּראָזיכטיק... די לערערנס פון אונדזער שול — א

בליק געטאָן צו רחלען — זיינען באַזאָרגט און אומצופרידן... די אינטעלעקטואַלן, טענהן זיי, טאָרן זיך נישט מישן אין פּאָליטיק... עס איז עקסטרעמיזם...

רחל האָט אַן אומבאַהאָלפענעם שמייכל געטאָן און באַנגיק געקוקט אַף בעטין. באָריס האָט אַ רייב געטאָן איין האַנט אין דער אַנדערער און דאַן געשמייכלט:

— גערעכט, בעטי, די אינטעליגענץ מוז זיין די סמאַראָווידלע צו שמירן די אייזערנע רעדער פון דער נאַצישער טויט־מאַשין... די דייטשע דאָקטוירים, די פּראָפעסאָרן, גייען שוין לאַנג ווי די אייזלען אין היטלערס שפּאַן... איצט פעלן איר נאָך אויס „צום ספּעקטאַקל" אויך דייטשע גרעטכענס מיט די בלויע „אומשולדיקע" אויגן, די מאַרגאַריטעס, די בלאָנדע דאַרלינגען ווי די „גראַציעזע" פּריצישע קעץ — שטייען נישט אָפּ...

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן און די אויפגעבליצטע פלעמלעך אין די קלוגע אויגן האָבן שטום און מאָנענדיק אַף בעטין געוואַרט. זי האָט אים אַ ציפּ געטאָן פאַרן אַרבל, אים אָפּגעגאָסן מיט וואַרעמע גוטע בליקן:

— איר זיינט צו בייסיק, באָריס... איך גלייב נישט וואָס די צייטונגען שרייבן, עס איז פּראָפּאַגאַנדע...

— פאַר וועמענס כבוד, פריינדן מיינע, שטעלט איר זיך איין?.. — די רייד איבערגעשלאָגן און באַנגיק געשמייכלט — פאַר אייך, אייער פאָלק, צי פאַר די לייט פון דער „העכערער ראַסע?..

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן. איבערמענטשלעכער חוזק, מאָנונג האָט זיך געשניטן אַרום זיין אומרואיק מויל. שטילקייט האָט זיך אָפּגעזעצט אין די ווינקלען, אַן אָנגענומענע מיט געצווימטן אָטעם. האָראַסיאָ האָט געקוקט אַף באָריסן מיט אַ טיפן בליק, געוואָלט וויסן, וואָס פּלוצים האָט ער דערמאָנט די דייטשע גרעטכענס... אפשר האָט זי גערעדט אין שפּיטאָל אַריין? — איז אים אַ אומהיימלעכקייט באַפאַלן, — אפשר אים געקומען זוכן און געלאָזט באָריסן אַ וויזיט־קאַרטע... אַ שאָד, ווען נישט דער צופאַל מיט רחלען, וואָלט ער געווען געהאַלטן וואָרט...

באַנג און אומניחהדיקייט איז אויפגעגאַנגען אין אים. דאָס בלוט האָט ווידער אַ רודער געטאָן, אים פון אָרט געהויבן. אין דעם האָט זיך געהערט אַ צולהכעיתדיקער רעווע פון אַן אויטאָ. האָראַסיאָ האָט אַ ציטער געטאָן און אומגערן אַ קוק געטאָן צו באָריסן. ביידנס בליקן האָבן זיך דורכגעבויערט איינס דאָס אַנדערע. רחל איז געוואָרן אומרואיק, גערעדט צו באָריסן און באַלד צום חתן:

— ווער רייסט דאָרטן שטיקער אַרום טויער?.. היינט האָב איך עטלעכע מאָל געהערט דעם מעשוגענעם רעווע...

באָריס האָט מיט פאַרלייגטע הענט אַף הינטן אָנגעהויבן שפּאַנען איבערן שטיבל... אים איז געווען שווער צו זען רחלען אַן אָפּגענאַרטע; וואָלט ער געווען זיכער אָן די גוטע פּאָלגן, וואָלט ער באַלד אויסגעמוסרט האָראַסיאָן... אים געוואָרנט...

אויך בעטי איז געוואָרן אומרואיק: אפשר וועט באַלד קומען פּאָליציי... מאָרגן וועט איר נאָמען ווידער דערמאָנט ווערן אין די צייטונגען. פאַר וואָס, הייליקע מוטער, קומט דאָס איר?

זי האָט זיך צו יאָסלען געווענדט:

— ווען נישט מיין קוזין, דער קאָמיסאַר, וואָלט רחלע נישט געווען באַפרייט געוואָרן.

ער האָט אַ שמייכל געטאָן.

— איך, אַף אייער אָרט, וואָלט אַזאַ קוזין נישט אויפגעהערט באַמיען...

זי האָט אַ ווײַלע געשוויגן און באַלד ווידער אַ זאָג געטאָן צווישן די ציין:

— און וואָס, די אייערקע זיינען זייער פאַרייניקט צווישן זיך...

באָריס איז שטיין געבליבן באַם טיש און טרויעריק געשמייכלט:

— אַ דאַנק פאַרן קאָמפּלימענט... אבי מיר מיינען — האָט ער אַ לאַך געטאָן אין זיך — אַז די „קריסטלעכע" וועלט זעט נישט קיין איין מענטשלעכע מעלה אין אונדז...

בעטי איז רויט געוואָרן, זיך אויפגעשטעלט און זיך גוטמוטיק געבייזערט:

— היינט, באָריס, זיינט איר פאַטאַל... זייט בעסער פריילעך, ווי כּסדר, וועט איר אויסזען סימפּאַטישער.

— אַלע אידן דאַרפן איצט זיין „פריילעך"... און איך צווישן זיי... אַ קלייניקייט, די בלאָנדע דאַרלינגס, די גרעטכענס, וואָשן דאָס אויסדערוויילטע לייב זייערס מיט זייף פון אידישן פעטס... און די הייליקע תפילה גלאַנצט מיט פרומע אומשולדיקע אויגן צום גאָט פון ישראל... בעט בא אים רחמים פאַר די שעפּעלעך אירע...

— הער, היינט באָריס, ביזטו נישט באַם קלאָרן זינען! — האָט אים האַראַסיאַ אַ נעם געטאָן פאַרן רעכטן אויער — הער אויף, אויב דו ווילסט נישט איך זאָל דיך „ארויסוואַרפן פון דאַנען"...

די אַלטע דבורה איז אַריינגעקומען, אויפגעהויבן דאָס פאַרשפּיצטע פּנימל צו באָריסן און מיט אַ ים וואַרעמקייט פון די צופרידענע בליקן אָפּגענאָסן:

— וואָס מאַכסטו עפּעס, מיין קינד? ווי גייט דיר אין געזונט?

און צו בעטין די בליקן איבערגעטראָגן:

— און וואָס מאַכט עפּעס די פריילן דירעקטאָרשע?

דבורה האָט ליב געהאַט באָריסן, ווי נאָר אַן עלנטע קען ליב האָבן איינעם אין וועמען מען געפינט אַן ענלעכקייט צו זיך, אויסצואוויינען דעם נישט אויסגעשריגענעם ווייטיק. אַ סך מאָל, אַמערסטן אין די שבתדיקע אָפּדערנאַכטן, ווען רחל מיטן חתן זיינען געגאַנגען טאַנצן, האָט באָריס פאַרבראַכט מיט דער באָבע. שוין צום טויזנסטן מאָל געמוזט איבערדערציילן פון סטאַשעקס רציחה...

אויך זי האָט אים דערציילט פון אירע איבערלעבונגען, נאָר אײנגעהאלטענערהייט, קיינמאָל נישט געקענט ארויסברענגען אַף די ליפּן דעם שוידער, וואָס זי האָט אײנגעזאפּט אין זיך. אים שיינע מעשות און לעגענדעס דערציילט. פון פּרק און פון תהילים גערעדט. ער האָט גערעדט פון תנך, זיך געפרייט מיט דער באָבעס לויטערקייט, מיט דער פרייד, וואָס ער רופט אין איר אַרויס.

ער האָט אויפגעהערט קומען אַ לענגערע צייט, ווען דבורה האָט גערעדט שלעכטס אַף האָראסיאָן און געבעטן ער זאָל אַ שמועס טאָן מיט רחלען, געבן צו פארשטיין, אז דער שייגעץ איז נישט פאר איר. זי האָט אָפּגעהיט, ווי די אויגן אין קאָפּ, דעם יאָרצייט פון זיין מאמען מיט דער שוועסטער, געטראָגן ליכט אין שיל אריין, באצאָלט דעם שמש פאר אַ קדיש. זי האָט זיך ווידער אויסגעדרייט מיטן פּנים צו אים, זיך אַ שטעל געטאָן אַף די שפּיץ פינגער און שמייכלענדיק אויסגערופן.

— די באָבע, ברוכל, האָט געפילט, אז דו וועסט היינט קומען. גיי צום טיש, און איר אויך, פריילן דירעקטאָרשע.

ארום האָראסיאָס מויל איז אויפגעגאנגען רוגזה, פאראכטונג.

דבורה איז אַרויס פון שטיבל און באלד צוריקגעקומען מיט אַ טעלער ווארעמע אייער־קיכלעך און מיט אַ טשייניקל וואסער אַף מאטע.

יאָסל איז געווען פארטאָן אין זיך: די אייעריקע זיינען פארייניקט צווישן זיך... — האָבן בעטים ווערטער געעגבערט דעם מוח, — אויך זי מיינט, אַז די אידן אין אַרגענטינע לעבן בכיוון אָפּגעזונדערטע כדי די נישט־אידן זאָלן נישט זען ווי מ׳נוצט אויס נאָר פאר זיך דאָס רייכקייט פון לאנד... אין דער אמתן זיינען אידן נישט מער ווי גוטע עקאָנאָמען איבער זייער אייגענער שווערער האָרעוואניע: העלפן רייך מאכן די לענדער, און וועלכע זיי וואוינען. די רויבערישע רעגירונגען היטן אָפּ די אינטערעסן פון אַלע געלט־מאכער און ווען איר איז ענג אין האלדז, דאָס פאָלק כאפּט זיך, אַז מען גייט בארג־אראָפּ — ווערט די פּאָליטישע קאטערינקע צוריקגעדרייט. די מאכטהאָבער אַליין צעבלאָזן דאָס פייער פון בלוטיקן האס צום אידישן מיטבירגער, טרייבט דעם נישט־אידישן המון אין אָפּגרונט פון מאָרד און גזלה. נישט נאָר דאָס אידישע פארמעגן פאלט אריין אין די הענט פון די „איידעלע" שווארצמאהניקעס, מיט די ווייסע הענטשקעס, נאָר אויך דאָס צעבראָכענע לעבן...

צוליב רחלען וויל ער מיט איר קיין שמועס נישט פארפירן. די טאָכטער ליידט אַף איר אייגענעם שטייגער, שרעקט זיך פארן אומבאשטימטן מאָרגן...

פארנאכט איז אַרום שטיבל געווען שטיל און אויפגערוימט. די ביימלעך, די נארציסן הינטערן אָפּענעם פענצטער און אַרום ווארשטאטל, זיינען פארדעקט געווען מיט אַ געלן גאָלדיקן שטויב פון די לעצטע פארהלשטע קעפּ אונטערן הייסן ווינט. די פּאָרט־ארבעטער זיינען משפּחותוויז אויסגעלייגט געווען אונטער די שטיבלעך צווישן די בערגלעך גראָז און

געטרונקען מאַטע. די קינדער זיינען געשפּרונגען איבער שטריק, אָדער געשפּילט זיך אין סאַלדאַטסקע פּעטש. יונגע מיידלעך מיט בחורימלעך, אויסגעפּוצטע אין די זונטיקדיקע אנצוגלעך, זיינען געשטאַנען אַף די שוועלן פון די טירן און קאַרטעזשירט. האַראַסיאַ, אַ געשטרעקטער, איז געשטאַנען אין אָפענעם טירל פון יאָסלס גאָרטן און געקוקט ווי קליינוואַרג שפּילט זיך. ווייבער האָבן אים צוגעוואָרפן נייגעריקע בליקן, גערעדט צווישן זיך:

— ווי שיין דער דאָקטער איז...

— אַ דאַנק איר דער אידישער כלה, זי האָט אים געמאַכט פאַר אַ מענטשן...

— די מאַמע זיינע וויל נישט דעם שידוך... געווען אין מערקאַדע, זיך אויסדערציילט דאָס הארץ פאַרן קצב. די מיידל איז אַ אידישע, אַן עקסטרעמיסטקע... די וואָך זיך געשלאָגן מיט די אויטאָריטעטן...

— אויך די באָבע אירע וויל נישט דעם שידוך...

זיי ווילן זיך נישט משדך זיין מיט קיינעם פון אונדז, די פאַנאַטיקער!..

— זיי עסן נישט קיין חזיר־פלייש, ווייל דער אידישער גאָט, זאָגט מען, — איז אַ קאָפּ פון אַ חזיר...

— וואָס? אידן האָבן אויך אַ גאָט?!..

די מענער האָבן זיך צעלאַכט. האַראַסיאָ האָט זיך ארומגעקוקט און מיט ברייטע שפּאַן צוגעגאַנגען צום זוים פון דער טיפער קאַנאַווע באַ דער שטוב און אַריבערגעשריגן צו זיי:

— וואָס מאַכן די מענטשן?.. וואָס מאַכן מיינע אַלטע גוטע שכנים־לעך?

היימישקייט איז געווען אין זיין קול. פרייד איז אויפגעגאַנגען אין די אויגן, אַרום מויל.

— און וואָס מאַכט דער דאָקטער? שוין אַזוי לאַנג נישט געזען!..

— אַ דאַנק! און וואָס מאַכט אייער טשינאַ? מוז שוין אוודאי זיין אַ גאַנצער מאַנצביל.

— נו געוויס. ער גייט שוין אינגיכן חתונה האָבן!

— אַזוי! — שמייכלט האַראַסיאָ מיט אַ פול מויל ציין און די געלע שטיקער וואָלקנס אפן ברוינעם בלויענעם הימל ווערן לויטערער און שמייכלען מיט. — און מאַטילדע, די בלאָנדע, וואָס מאַכט? איז זי נאָך אַלץ אַזאַ ווילדע, אַ חנעוודיקע?...

— מאַטילדע איז שוין אַ מאַמע.. האָט אַ מיידל פון דריי חדשים.

— און די שכנים דאַרף מען נישט איינלאַדן אַף אַ שמחה? גרויס־האַלטער!...

באַנג צעגיסט זיך אַרום די חן־גריבער אין די באַקן. שכנים ווערן אנטשוויגן... האַראַסיאָ שלעפּט אַרויס אַביסל ניקל פון אַ הויזן־קעשענע, טיילט דעם קליינוואַרג, וואָס רינגלט אים אַרום. מאַמעס שאָקלען צו מיט די קעפּ:

— אַ מזל פון אַ מענטשן...
— אַזאַ זון!..
— ווער האָט זיך דאָס געגלייבט...
— אַ גאסן־יונג געווען!...

אין דעם איז מיט אַ ווילדן רעווע, מיט חוצפה, אַן אויטאָ פארביי־געלאָפן, געלאָזט הינטער זיך אַ גרויען וואָלקן רויך, געמאכט עטלעכע אומ־קרייזן און זיך אָפּגעשטעלט נעבן יאָסלס שטוב. שכנים האָבן אויסגעצויגן די העלדזער, זיך אויפגעזעצט און געקוקט מיט ברייטע נייגעריקע בליקן. האַראַסיאָס אויגן האָבן אַ שפּריץ געטאָן מיט שטיקער לאווע, די שווערע ברעמען האָבן זיך געהאמערט קעגן אויטאָ. גרעטאַ האָט צו אים אויסגע־צויגן אַ האנט. די פּיס האָבן אים אַ טראָג געטאָן צו איר:

— נאָך וואָס ביזטו אַהער געקומען?.. איך בין פארנומען!.. נישט געקענט קומען...

צאָרן האָט זיך געריסן דורך די צעשפּרייטע נאָז־לעכער, פאַרוואורה.

זי האָט אים אָפּגעמאָסטן מיט דער קאלטער גרויקייט פון אירע אויגן און אָפּגעענטפערט:

— זייט אַזוי ליבנסווירדיק, הער דאָקטער, און רופט מיר אַרויס דעם הער פּריץ, איך מוז אים נייטיק האָבן.

ער האָט געפילט, אַז זי לייגט. די שרעק פאר קאָמפּראָמעטירט ווערן איז געוואָרן שטילער. דער בליק איז צוגעפאלן צום שפּיץ פון אַ לאָק און מיפן אויסשניט פון אַ דער רויטער דינער קאָפטע, און דאָס בלוט האָט אַ ברום געטאָן... צעמישט דעם מוח. ער האָט אינסטינקטיוו אויסגעדרייט דאָס פּנים צו דער שטוב. די שטילקייט האָט אים באַרואיקט: רחל שלאָפט... יאָסל איז אין גאס... די אַלטע משוגענע דאַוונט...

ער האָט ווידער אויסגעדרייט צו איר דאָס פּנים, אַן אומערלעכס, באַדעקט מיט תאוה, אַרויפגעלייגט אַ שווערע האנט אַפן רערל פון אוי־טאָ און זי אָפּגעבריט מיט די צעוויגטע רויטע שפּיצלעך פון די האלב פאר־שמורעטע אויגן

זי האָט אַרויפגעלייגט איר האנט אַף זיינער און געקוקט מיט אַן אַרויסרופעניש געבעט אין די אויגן. האַראַסיאָ האָט געסאָפּעט דורך די צעשפּאַרטע נאָז־לעכער .

— דו צינדסט מיך אונטער, גרעטאַ... פאַר שוין אַוועק פון דאנען, אַז נישט וועסטו מיך מוזן פירן וואוהין איך וועל באַפעלן...

אומרו איז געווען אין קול. זי האָט זיך אָפּגערוקט אין אַ זייט, מיט די שטומע בליקן אַ ווייז געטאָן אַפן ליידיקן פּלאַץ נעבן זיך. האַראַסיאָ האָט זיך אַוועקגעזעצט און ראַפּטום פארהאַקט דאָס טירל. גרעטאַ האָט געפירט דעם אויטאָ מיט אַ מעשוגענער גיכקייט, דורכגעשניטן געסלעך און ברייטע, העל באַלויכטענע צענטער־גאסן, לאָזנדיק הינטער זיך וואָלקנס רויך מיט אַ הערשערישן רעווע פון אַ מעשוגענעם דעספּאָט. האַראַסיאָ

האָט געהאַט אַ צעטראָגן פּנים, אַ באַגאַסנס מיט שווייס און מיט אַ רויט־לעכן גלאַנץ, ווי ער וואָלט זיך געפונען אין אַ שוויץ־באָד.

— האַלט אָן גרעטאַ דאָס ראָד — האָט ער הייזעריק אַ ברום גע־טאָן — וועסט עמיצן דערהרגענען.

— לאָז אָפּ! — האָט זי געענטפערט. — מיר זיינען באַפולמעכטיקט צו לעבן ווי אונדז געפעלט...

אויף דער ברייטער אַווענידאַ מאַיפו, אין וויסענטע לאָפּעז, האָט זיך דער אויטאָ אויסגעמישט מיט צענדליקער פּריוואַטע לוקסוס אויטאָס, וועלכע האָבן מיט נגידישער חוצפּה, אין גרויסער פאַרשייטקייט, געקרייצט די גאַס הין און צוריק, זיך געגליטשט איבערן שוואַרצן אַספאַלט. אויף די טראָטואַרן האָבן אומגעשפּאַצירט יונגע דינסטמיידלעך אָנגעטאָן אין ווייסע פאַרטוכער, פירנדיק קליינע קינדער אין די וועגעלעך מיט הויכע גומענע רעדער. רייכע, דאַרע ענגלענדערנס מיט שפּיציקע נעז, מיט פאַרצויגענע ליפּעלעך, יחסנישע, בלאָנדע, דיקלעכע דייטשקעס, אויסגעפּוצטע אין ווייסע ספּאָרט־מלבושים, זיינען אָנגעפּאָרן אויף ביציקלעטן.

די רויטע אותיות פון די גרויסע שילדן פאַר די גרעסערע געשעפטן האָבן זיך אַלע מאָל אויסגעלאָשן און ווידער אָנגעצונדן, וואַרפנדיק שטי־קער רויטע לענטע איבער די אויטאָס. די ווייסע שטיבלעך מיט רויטע, שפּיציקע דעכער, איינגעהילטע אין וויאָלעטע צוויט־ביימער, די געשטרעק־טע גרינע גערטנער מיט קורצע, אַרומגעשוירענע ביימלעך — האָבן גע־קוקט אויף האַראַסיאָן מיט טונקעלע אויגן, אָנגענומענע מיט שטיקער נאַכט. הינטער אַ ברייטן גאָרטן, נישט ווייט פון טייך, צווישן קופּעס מיט הויכע שטיינער, האָט גרעטאַ אָפּגעשטעלט דעם אויטאָ. קילע ווינטלעך האָבן זיך אויפגעהויבן פון דער מוטער־פּערלנער טייך־מאַסקע, שטילער געוויש פון די זשאַבעס און פון טויזנטער אינזעקטן.

האַראַסיאָ האָט זי ראַפּטום אַ נעם געטאָן צו זיך אויף דער שויס, אויפגעריסן די קאָפּטע און מיט ווילדער ליידנשאַפט צוגעפאַלן מיט די ברענענדיקע ליפּן צו אירע גרויסע צווי בריסטן, ווייסע ווי מילך, זיי גרויזאַם געקושט. זי האָט איינגעפּלאָכטן אירע פינגער צווישן זיינע צע־פּלויגענע פּייכטע קרויזן, זיי געריסן מיט ווילדער הנאה.

— לאָז מיך אָפּ, דו דומער קערל...

רציחה, דער כוח פון אַ צערייצטן הונגעריקן טיגער, וואָס וויל נישט אַרויסלאָזן דעם רויב פון צווישן די לאַפּעס, האָט אַ ברען געטאָן אין בלוט, געשלאָגן צום מוח, וועלטן דורס צו זיין.

— שווייג, דו זונה!.. איך וועל דיך דערשטיקן!.. מיט האַראַסיאָן שפּילט מען זיך נישט!...

ער האָט זי פאַרקלעמט אין די אָרעמס, ווי אָן אייזערן שטייגל אַ גרויסן שטשור. זי האָט זיך געבעטן:

— נעם זיך אריין אין די הענט... אלץ וועט זיין ווי דו וועסט ווינטשן. נאָר נישט דאָ. מענטשן קומען פון טייך. אין מיין שטוב איז פיל באַקוועמער... פיל זיכערער...

אַ רויטע געדעמפטע שיין האָט זיך געוויגט אין גרעטאַס פּירקאַנטיקן אויפנאַמס־צימער און איינגעהילט האָראַסיאָן אין אַ זיסער מידקייט. ער איז געזעסן אַף אַ טייערן דיוואַן, געקוקט מיט פאַרזשמורעטע אויגן אַף דער קיילעכדיקער סטעליע, די אויסגעהוילטע ווי אַ שיסל, אַ באַמאָלענע מיט שווערדן און מיט מעסערס, מיט ביקסן און מיט קעפּ פון היטלערן מיט זיינע נאָענטע מיטאַרבעטער און אַרום זיי — טויזנטער קליינע האַקנקרייצלעך פון פאַרשידענע קאָלירן און פאַרבן.

גרעטאַ איז אַריינגעקומען אָנגעטאָן אין אַ לאַנג קלייד פון רויטן זיידענעם טול, מיט אַ ברייטן, שוואַרצן גאַרטל, אויסגעבונדן מיט אַ גרויסן באַנד פון הינטן. קליינע האַקנקרייצלעך אַף די רויטע זיידענע שיכלעך — אָנגעטאָן אַף באָרוועסע פיס — האַקנקרייצלעך אין פאָרעם פון געשליפן גלאָז. האָראַסיאָ איז אויפגעשפּרונגען, זי אַריינגעכאַפּט אין די הענט און ווילד געקושט דעם פּעטן, שווייסיקן האַלדז און נאַקן. מיט איין האַנט איבערגעדרייט דעם שליסל אין דער טיר און זי געצויגן צום דיוואַן.

פון שווערן, באַפרענדזלטן רויטן זיידענעם פאָרהאַנג, איבערן ברייטן, אָפענעם פענצטער; פון די גרויסע שטולן מיטן דיוואַן, באַצויגענע מיט טייערן רויטן סאַמעט; פון דער פלאַש מיט קאָקטייל אַפן הויכן ניקלנעם טישל מיט די קרישטאָלענע גלעזער; פון די קליינע, רויטע און גרינע זיידענע קישעלעך אין די ווינקלען פון צימער; פונעם לאַנגן וואַנט־שפּיגל, פון זיין אָנגעצונדענעם בלוט — האָבן זיך צענדליקער פּאָר ווייסע הענט אויפגעהויבן אין הונדערטער רויטע לאָקן, פאַרשייט צעוואָרפן אַרום גרעטאַס צוויי ווייסע, צעפלויגענע ברוסטן. ער האָט זי אויפגעהויבן אין דער לופטן און מיטן גאַנצן כוח זי אַראָפּגעזעצט אַפן דיוואַן. זי האָט ראַפּטום אַרומגעוויקלט די הענט אַרום זיין האַלדז און מיטן גאַנצן כוח אים אָנגעהויבן שטיקן...

פון פאַרגעניגן האָבן זיך די ליפּען אירע צונויפגעצויגן ווי בא אַ וואַמפּיר, וואָס זויגט עמיצנס בלוט... שאַרפע מעסערלעך האָבן זיך געוויגט אין דער קאַלטער גרויקייט פון די אויגן, — אַ בליק פון אַ טיגערטע.

ער האָט ראַפּטום אַ נעם געטאָן אירע הענט, זיי אַרונטערגעדרייט אַף הינטן. שטיקער שרפה האָבן זיך געריסן פון זיינע בליקן; די ליפּן האָבן געציטערט.

אין דעם האָט מען אַ קלאַפּ געטאָן אין טיר. ער איז אויפגעשפּרונגען ווי אַ האַרטער, גומענער באַלעם, ראַפּטום צורעכט געמאַכט אַף זיך די צעקנייטשטע מלבושים און באַהאַלטן דאָס פאַרפלאַמטע און ווייטיקלעך צעקרימטע פּנים צווישן די צעווייעטע פאָרהאַנגען איבערן פענצטער. אויך גרעטאַ האָט זיך אויפגעהויבן, רואיק אויסגעלייגט די לאָקן אַרום האַלדז

און נאָכן און דערבײַ אונטערגעסווישטשעט אַ ניגונדל, צוגעגאַנגען צו דער טיר און זי אויפגעשלאָסן. האָראַסיאָ האָט געהערט אַ גראָב קול פון אַ פרוי:

— דו מוזט, גרעטכען גנעדיקע, אויפנעמען די געסט... דער קאָנסול איז געקומען.

אינדרויסן האָט עמיצער געזונגען אַ טרויעריקן ניגון פון אַ טאַנגאָ. רויטע שטיקער כמאַרע האָבן זיך געוויגט איבער די כוואַליעס פון טײַך. האָראַסיאָ האָט געקוקט מיט ברייטע, צילאָזע בליקן, איז אײַנגעוועבט געווען אין אַ קאָשמאַר, ווי צווישן ליכט און פינצטערניש...

---

קאַפּיטל 18

# הוזק רײַט אַף הוזק

ניקאָלאַס מיט אַנדרעסן, געאַרעמטע ווי מחותנים, וואָס גייען פון אַ חתונה, זײַנען געשטאַנען הינטער פּריצס שטיבל, געוואַרט אַף אים. ניקאָלאַס איז געוואָרן אומגעדולדיק, פּאַרזיכטיק ווי אַ דערשראָקענער האָז, אַ קוילער געטאָן מיט די פינצטערע שמייכלען אַרום די אויגן־לעכער, צו יאָסלס שטיבל און פרייער אָפּגעאָטעמט. צוגעהויקערט דאָס קעפּל צום אַקסעלע און געגאַוועדט מיט די שמאָלע נאַסע ליפּעלעך, ווי קײַלעכיקע נעגל פון אַ רויב־פויגל:

— ער איז נישטאָ, דער איד... דער קאַליקע...

אַנדרעס האָט זיך אויסגעצויגן, געקוקט אַף אים מיט שפּיציקע בליקן, פינצטערע ווי די קברים, געוואוסט, אַז ניקאָלאַס איז די לעצטע עטלעכע טעג נישט געקומען, ווײַל ער האָט מורא פאַר האָראַסיאָס נקמה. ער האָט אַ סאָפּע געטאָן דורך די נאָז־לעכער.

— וואָס גייט ער דיר אָן, דער קאַליקע?

ניקאָלאַס האָט זיך אונטערגעהעצקעט און אַ דין „חנו'דיק" היסטל געטאָן, געלויערט מיט אַ גלעטנדיקן בליק פון אַ הונט איבער אַנדרעס פיין מוסקולירטע הענט און איבער דער בראָנזענער מיט שווארצע קו־טשערלעך באַוואַקסענע, שמאָלצע ברוסט.

— שוין לאַנג אַז דער „באַראָן" קומט נישט אַהער?

— שוין עטלעכע טעג.

— און וואָס הערט זיך באַם איד? און באַם לאָקש, דעם שכור? האָסטו אויסגעפירט דײַן אַרבעט?

אַנדרעס פּנים איז געוואָרן לענגער, אַ לייכטער ווייטיק האָט זיך געשניטן אַרום די צעקרומטע ליפּן. ער האָט קאַלט געענטפערט:

— אפגעטאָן! דער אַלטער מיטן ווייב זיינען שוין מיט אונדז... די פּריילן ראַקעל ליגט אַלץ קראַנק פון די באַקומענע קלעפּ.

ער איז אַנטשווינן געוואָרן און די דריי טיפע קארבן אפן שטערן האָבן געהאמערט איבער ניקאָלאַס פינצטערע בליקן, די אַנגענומענע מיט נעדעמפּטע פייערלעך, געוואָלט ארויסרייסן פון זיי דעם אמת, צי ווייסט ער שוין פון דעם דורכפאַל באַם וואַרפן שטינק באָמבעס אין יאָסלס וואַר־שטאַט.

אים האָט זיך אַלץ געדאַכט, אַז די גאַס, די שכנים, די שטיינער פון דער ערד לאַכן און שעפּטשען: „אַ העלד, דעם אַלטן דאָן פינטשאָס אַן אוראייניקל, נעגאַננגען שלאָגן אַ שוואַכן קאַליקע...”

ניקאָלאַס האָט אים אַ קלאַפּ געטאָן איבערן אַקסל און כיביקעט מיט אַ דין שניידנדיק קעלעכל פון אַ הונגעריקער מויז:

— די אידן, ברודערל, מוזן אונדז פאַר אַלץ באַצאָלן! אויך דער טאַ־טע אירער מוז נאָך ליגן מיט אונטערגעהאַקטע זייטן. און אויך זי, די אַל־טע כישופמאַכערן. מיר קענען מיט זיי טאָן וואָס מיר ווילן. — און טראָ־ציק צוגעגעבן: — קיינער, אַנדרעס, וועט אונדז נישט שטערן און נישט באַשטראָפן.

ער איז אַנטשווינן געוואָרן, אַ רייב געטאָן איין הענטל אין אַנדערן און די בליקן האָבן מיט הינטישער הכנעה איבער אַנדרעס שטייף געוואָרן פּנים נעהאַנגען. באַלד ווידער אָנגעהויבן:

— אַ אידן, חברל, קענסטו ממיתן, באַליידיקן, אים שפּייען אין פּנים און קיין מורא נישט האָבן. איך האָב אַרויסגעגנבעט באַ מיין חברס אַ אידישן שכן אַ גאָלדן זייגערל, האָט ער מיך געכאַפּט באַ דער האַנט. האָב איך דעם קול נישט פאַרלוירן. געמאַכט אַ גוואַלד, אים אָנגעהויבן שלאָגן. איז געקומען פּאָליציי, האָב איך אים צוגעקלאָגט: דער איד האָט באַליי־דיקט אונדזערע פּראָסערס, די פּאַן. דער איד איז געבליבן אין תפיסה און איך מיטן גאָלדענעם זייגער!...

אַנדרעס קינבאַקן האָבן זיך געשטייפט. אין די אויגן האָבן זיך גע־צונדן שטיקער רציחה, גרעניצלאָזער חוזק. ניקאָלאַס האָט אים ווידער גע־זוכט צו באַווירקן:

— נישטאָ, נאַרעלע, וואָס מורא צו האָבן! זעסטו דען נישט, אַז די יאָלדן, די טאַמעוואַטע קריסטן גלויבן אַלץ וואָס מען דערציילט זיי וועגן די אידן! צו דעם העלפט שוין צו מיין טאַטע, דער הייליקער!...

און ער האָט אַ קוויטש געטאָן מיטן רעכטן אויג־ווינקל:

— מיר, ברודערל, גלויבן אין די אייגענע כוחות!

אַנדרעס איז געבליבן גלייכגילטיק. אין בלוט, אין מאַרך פון די ביינער האָט געהאַמערט יאָסלס וואָרענונג: „מיך האָבן זיי געמאַכט פאַר אַ פּיזישן קריפּל און דיך אַנדרעס, פאַר אַ גייסטיקן...”

ער האָט אַרויסגענומען די האַנט פון אונטער ניקאָלאַס אָרעם און דורך דערשטיקטער ציין־קריצעניש אַ ברום געטאָן:

— גיי ניקאָלאַס, דערצייל דאָס אַלץ דעם באַראָן". איך ווייס שוין פון דעם!

— אָבער מענטש, וואָס איז מיט דיר? — פריץ האָט געגוג צרות, ער מוז מאַכן אַ לייט פון די נאַרישע קריאַזשעס, די פוילע הינט. האָבן מיר דען אייגענע פערזענלעכקייטן? אַרבעט געטריי, גרויסהאַלטעריש, דעם טאָן געהויבן, וועלן מיר דיר שפּעטער שענקען דעם קאַליקעס שטיבל, זיין קאַמפּ...

טרויער איז אויפגעגאַנגען אַרום אַנדרעס געשלאָסן מויל און אומ־פאַרשטענדלעכקייט: וואָס אייגנטלעך וויל מען פון אים? דער זיידע פינ־טשאָ האָט אין אים איינגעפּלאַנצט גרויסע פאַרערונג און ליבע צו די פּראָ־סערס. זיי האָבן פרייהייט אַמעריקע געבראַכט, פאַרטריבן די ענגלענדער פון געליבטן פאָטערלאַנד, געבלוטיקט, געלעבט און געשטאָרבן ווי די העלדן און ניקאָלאַס זאָגט, אַז מיר האָבן נישט קיין אייגענע פערזענ־לעכקייטן.

איז דאָס מעגלעך? פרעמדע — זאָגט ער, וועלן ווערן די הערשער איבערן ליבן פאָטערלאַנד. ניין — האָט דער צווייפל אַ טאָטשע געטאָן דאָס באַליידיקטע האַרץ — נישט מיט פייניקן און פאַרשעמען אַ אידישן קאַליקע וועט מען גרויס מאַכן דאָס פאָטערלאַנד, ניין!...

ער האָט פאַרקוועטשט צווישן די פינגער אין אַ הויזן קעשענע אַן ענטפער פון זיידע פינטשאַ. זיין יעדעס וואָרט איז ווי אַ שטיק פייער אין מוח אויסגעקריצט געווען: „האָב געלייענט דיין בריוו. זאָל דיך גאָט אויסהיטן אייניקל מיינס, פון די דאָזיקע אומערלעכע וועגן. נישט דו ביזט באַרופן צו זיין אַ קאָמיסאַר, אַ רעגירונג צאָלט געלט אָדער פאַר עמיצנס פעאיקייטן אָדער פאַר פאַרדאָרבנקייט, וואָס יענער קאָן אָנווענדן קעגן די שוואַכערע, די אומבאַשיצטע, די אומגליקלעכע. האַלט הויך מיינע ווערטער! אַנטלויף פון די צוואָואַקעס, גיי אין די וועגן פון דיינע אבות, האָב ליב די פרייהייט — אַ זויבערע! פאַל נישט אָן אַף דיין שונא ווי אַ פּחדן, ווען יענער האָט קיין מעסער נישט! מיין האַרץ איז אומרואיק, מיר געפעלן נישט דיינע פריינט! דיין וועג איז אַ טונקעלער, דיין אַרבעט — אַ געמיינע! די גרויסע שטאָט האָט דיך אומגליקלעך געמאַכט. נעם דיין ווייב און קום אַהיים. לעבן מיר וועסטו דיך לייטערן. דיין ראַנטשעלע שטייט נאָך אַלץ אַ ליידיקע. איך וויל זי נישט פאַרדינען. דאָס הינטל איז אויסגעוואַקסן. ווען איך רעד מיט אים וועגן דיר, שפּיצט ער אָן די אויערן, וויינט. ווייזט אויס, אַז ער ווייסט, אַז מיר איז ביטער, דערפריי, אייניקל מיינס, דעם זיידנס האַרץ! האָב נישט צו טאָן מיט די ניי־מאָ־דישע מאַזאָרקע לייט! געגוג פאַרשעמונג האָבן יענע מערדער דעם פאָטערלאַנד איבערגעלאָזט. פאַרשוועך נישט דעם אָנדענק פון אונדזערע גרויסע מענער.

„דער זיידע זאָרגט שוין פאַר דיין זון, אים אַ נייע פאָנטשע געקויפט מיט אַ מעסער. וועל אים געבן אַ מתנה דעם ערשט געבוירענעם לאָשיקל,

דעם ערשטלינג פון דער רויטער שקאפע. געראָטן אין דער מאַמען זיינער, מיט צוויי ווייסע פלעקן צווישן די אויגן און איינער אפן ווידל. מיר האָבן שוין באשטימט דיין זונס קוואטערס, דער פעטער וואלעריאַן מיט זיין ווייב. זיי האָבן א גרויסארטיקן פוועטער צוגעגרייט און א וואָלענעם טעפיך. קום אהיים, פארשווארץ נישט דעם זיידנס אלטע יאָרן. מיר אלע ווארטן אף אייך.

זיידע פינטשע".

— וואָס טראכסטו אזוי פיל, פחדן! — האָט ניקאָלאס א בייזן צישע געטאָן, די צייט שטייט נישט, גיי שרייב אָן אף דער פראָנט־וואנט פון אידנס שטוב, „ס'פארדינגט זיך א הייזל"... די אידישע מויד נעמט אָן „געסט"...

אנדרעס האָט א ציטער געטאָן און אים דורכגעשטאָכן מיט דעם שווארצן גלי פון די צעריצטע בליקן, אָנגענומענע מיט פאראכטונג:

— דאָס הייסט בא דיר פאטריאָטיזם? צעפוילטער הונט!... אליין וועסטו די דאָזיקע שיינע ארבעט טאָן..

ער איז אנטשוויגן געוואָרן, זיך אויסגעדרייט און מיט ברייטע שפאן זיך געלאָזט צוריק אין שטיבל. ניקאָלאס איז אים דעם וועג פארלאָפן, געוואָרפן מיט די הענטלעך און געשריגן:

— דו וועסט טאָן, שייסע, וואָס איך הייס... ניקאָלאס איז א פירער!..

— א פחדן ביזטו!.. האָסט מורא פאר אָן אָרימען קאליקע!

און ער האָט זיך צעלאכט אפן הויכן קול. ניקאָלאס איז שטיין גע־בליבן, זיך איינגעקאָרטשעט, ווי עמיצער וואָלט אים מיט עפעס דערלאנגט איבערן קאָפ. נאָכגעאָרפן אנדרעסן די צאָרנדיקע בליקן. די קנאה האָט געפרעסן דאָס באליידיקטע האַרץ: אָט א דער גאָרנישט איז געוואגט אויסגעפירט זיין ארבעט און שא־שטיל. און פארוואָס זאָל ער, ניקאָלאס נישט פרואוון?..

אנדרעס האָט אריינגעשטעלט א צעלאכט פנים אין אן אָפענעם פענצ־טער און זיך געדרייצט.

— אָט גיי איך אוועק אין שענקל און דערצייל, אז דו האָסט מורא פאר אן אָרימען קאליקע... ער איז באלד טאקע ארויסגעקומען, א קוק געטאָן צו ניקאָלאסן און איז אוועק אין שענקל.

א קילקייט האָט זיך געוויגט צווישן די צווייגן. א גרויסע לבנה האָט גערוט צווישן די געלע אָנגערוקטע וואָלקנס, ארומגעזוימטע מיט קליינע, האלב אויסגעלאָשענע שטערן. ניקאָלאס האָט געקרעכצט ווי א געבונדענער. טויזנט קללות האָבן געשטיקט אין האלדז. ער האָט געהערט די געלעכ־טערס פון דאָן טשיטשעס קונים און דער ווייטיק, די באליידיקונג, האָט אים פון אָרט געהויבן. ער וועט זיי וויזן, ניקאָלאס איז געוואגט.

ער האָט זיך אָנגעבויגן, אויפגעהויבן א ציגל און מיט לייכטע טריט פון א קאץ אריבערגעשפאַנט דאָס פלויטל, זיך געשארט אלץ נענטער צו יאָסלס שטיבל. יעדער שאָרך פון א בלאט האָט געמאכט ציי־

טערן דאָס בלוט. האָט ער זיך פֿאַרשטעקט צווישן די פּלאַכטעס פֿון ווערבע־בוים, לאַנג געוואַרט און דעם אָטעם נישט געקענט כאַפּן. אַרום איז געווען שטיל ווי אויף אַ בית־עולם. ער האָט זיך אַרויסגערוקט און זיך ווידער געשאַרט לעבן די ביימלעך, ביז הינטערן פֿענצטער. אַ וואָרף געטאָן דעם ציגל אין שטיבל און זיך אויסגעדרייט און אָנגעהויבן אַנטלויפֿן ווי אַ פֿאַרפֿאָלגטע חיה.

יאָסל איז אַרויסגעלאָפֿן פֿון זיין צימערל מיט אַ לאַנגן אין צווייען צונויפֿגעלייגטן שטריק און אים מיטן גאַנצן כּוח אַ וואָרף געטאָן נאָך ניקאָלאַסן. עס האָט זיך דערהערט אַ דינער הייזעריקער בריק ווי פֿון אַ געבונדענעם חזיר פֿאַר דער שחיטה און באַלד איז ווידער שטיל געוואָרן. יאָסל האָט אַריינגענומען דעם זוים פֿון שטריק צווישן די ציין און מיט דער איינציקער האַנט אים געצויגן. ניקאָלאַס האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אויף די קני און מיטן גאַנצן כּוח זיך געריסן אויף צוריק. בלויע שטייפֿע אָדערן, ווי דראָטלעך, האָבן זיך באַוויזן אויף פֿאַרצויגענעם האַלדז; אין די פֿון קאָפּ אַרויסגעזוצטע אויגן האָט געשרפֿעט שגעון, גרעניצלאָזע שרעק. דער לעקער אַ לאַנגער, אַ בלויער ווי אַ מילץ, האָט געסלינעט און באַלעבעטשעט אומפֿאַרשטענדלעכע ווערטער. געפּרואווט מיט די ציטערדיקע הענט אַראָפּ־נעמען די שטריק פֿון האַלדז.

יאָסל איז פֿון אָנשטרענגונג אַלע מאָל אונטערגעשפּרונגען, מיט־שלעפּנדיק דאָס גופֿל, דעם שונאס, וואָס איז אויך אונטערגעשפּרונגען, זיך געריסן אויף צוריק, זיך געוויגט איינער קעגן אַנדערן, ווי צוויי קינדער אויף אַ הוידעלקע און זיך דורכגעשטאָכן מיט די בליקן, אָנגענומענע מיט האַס.

עס איז געוואָרן אַ טומל. שכנים און אויך די קונים פֿון שענקל האָבן באַלאַגערט דאָס פּלויטל. די אַלטע דבורה איז אַרויסגעלאָפֿן און נאָך איר רחל, איינגעהילטע אין די ווייסע ליילעכער. דבורה האָט גערופֿן צום אײדעם:

— לאָז אים אָפּ דעם נבֿזה. אָט זעסטו רחל, חוזק רייט אויף חוזק...

רחל האָט זיך אַ לאָז געטאָן אויף דער אויסגעטראָטענער סטעזשקע צו דאָן טשיטשעס שטיבל, אינסטינקטיוו שטיין געבליבן, זיך אויסגעדרייט און געלאָפֿן אויף צוריק און געשריגן מיט אַ פֿרעמד קול:

— האָראַסיאָ, האָראַסיאָ!..

אויף אירע קולות איז דאָן טשיטשע מיטן ווייב אָנגעקומען און אויך אַנדערס מיט ראָסאַן. עס האָט זיך געהערט אַ געמיינזאַם לאַכן. עמיצער האָט צוגעפּאַטשט מיט די הענט. אַנדרעס איז מיטאַמאָל געוואָרן העכער, ברייטער. אַלץ אין אים האָט געקוועלט, געזונגען. ער האָט געצערטלט דעם זיידנס בריוול בא זיך אין קעשענע. אַ דאַנק טייערער, אַלגוטינקער מיינער!.. ליבטיקער!.. דו האָסט מיך געראַטעוועט פֿון אַ טויטלעכער פֿאַר־שעמונג...

עמיצער האָט גערופן דעם פּאַליציאַנט פון ראָג. ער האָט געקוקט מיט די גרויסע, קיילעכדיקע אויגן אויף יאָסלס צעשווימטקייט פון קאָפּ, וואָס האָט זיך אויסגעטיילט פון דער באַנאַכטיקער טונקלקייט. ניקאָלאַס האָט זיך געוואָרפן ווי אַ פיש אויף דער ווענדקע. יאָסל האָט אים אונ־טערגעטראָגן די עקן פון שטריק:

— נעמט אייך דעם דאָזיקן נבזה... זאָל ער דאָ נישט פאַראַפּושן די לופט... דאָן טשיטשע האָט אַ בליץ געטאָן מיט די שיכורע אויגן, געדראָעט מיט דער פויסט אין דער לופטן:

— אַרעסטירן דעם איד, דעם קאַליקע!

דבורה האָט דאָס ציטערדיקע בערדעלע אויפגעהויבן. די מילדע בלוי־קייט פון די אויגן.

— איר האָט דאָך, ליבע שכנים, אַרויסגענומען באַם אַלמעכטיקן אַ פּאַטענט אויף גערעכטיקייט... נו, וואָס שטייט איר ווי די גולמס... דער שרץ האָט צעבראָכן דאָס ביסל גלאָזוואַרג און דערשראָקן מיין איינציק קינד... פאַרוואָס?.. נו, משפט! טוט גערעכטיקייט, איר פרומע קריסטן!..

זי איז אַנטשוויגן געוואָרן און שניידנדיקער הוזק האָט געברענט אין אירע אויגן און אַרום מויל. שכנים האָבן זיך איבערגעקוקט און געשמייכלט. דער פּאַליציאַנט האָט געקוקט אויף איר מיט ברייטע בליקן און אַריינגע־בורטשעט אין די ברייטע וואָנצעס:

— קיין ביסל רו האָבן מיר נישט צוליב זיי...

דבורה האָט זיך אַ שטעל געטאָן אויף די שפּיצן פון די פינגער, אַזוי אַן איינגעהילטע אין לײַלעך האָט זי אויסגעזען ווי אַ מומיע, ווי אַ לע־בעדיקער מת. די אויגן האָבן געשמייכלט:

— עס קומט אייך אפשר „זדאַטשע"? אי, אי... ווען די זעלבע יענטע איז געשלייערט אויף דער אַנדערער זייט — ווי די הערינג וואָלט איר אונדז צעריסן... אַלע גאַזעטן — זיך אַ צעוויג געטאָן און אַ ברייטער, בייסי־קער שמייכל האָט זיך צעגאָסן אַפן ווייסן ווי פון שטיין אויסגעהאַמערטן פּנימל — וואָלטן געשריגן, גערופן נאָך גערעכטיקייט... אַ גאַנצן גליד וואָלט איר מיינע קינדער נישט געלאָזט..

פילאַר האָט געקוקט אויף ניקאָלאַסן און פאַרבראָכן די פינגער פון די הענט:

— זעט נאָר, ליבע מענטשן, ער וויינט נעבעך, דער אינגל.. זעט!!..

אַנדרעס האָט אַריינגעשעפּטשעט אין ווייבס רעכטן אויער.

— קוק נישט אויף אים... ער זעט אויס ווי אַן אָפּגעבריטע מאַלפּע.

דער פּאַליציאַנט האָט אַ בייזן בורטשע געטאָן:

— גיי פון דאַנען, ניקאָלאַס.. דאָס אַנדערע מאָל זיי מער פאָר־זיכטיק...

קאַפּיטל 19

# די שפּין וועבט ווייטער איר נעסט...

דעם אנדערן טאָג איז אנדרעס אויפגעשטאַנען פריער ווי כסדר. אין שטיבל איז אַ ראָזע טונקלקייט געשטאַנען, אָנגענומענע מיט ריחות פון אַלערליי געבענטשטע גראָזן. ער איז געזעסן אויף אַ קליין שטרויען בענקעלע און געטרונקען מאַטע. געקוקט מיט ווארעמע בליקן אויפן ווייבס זאָרגלאָזן פּנים, דעם באַדעקטן מיט אַ געזונטער ראָזער פאַרב און מיט דריבנע טראָפּנלעך שווייס ווי פּערעלעך.

חסד איז אויפגעגאַנגען אין אים און איבערמענטשלעכע גוטסקייט. ער האָט זיך אויפגעהויבן און אויף די שפּיץ פינגער צו צום טיש, ארייני־געשטעלט דאָס פּנים אין אַן אָפענעם פענצטערל. קילע לופט איז אים אנטקעגן געקומען און אַ געזאַנג פון די אויפגעוואַכטע פלאַנצן. מאַטע שטיקער שיין, ווי צעגאָסענער זילבער, האָבן וויברירט צווישן די בלויע אָנגערוקטע וואָלקנדלעך, באַדעקט די דרימלענדיקע קעפּ פון די פרוכט־ביימער. אנדרעס האָט מיט צעפּראַלטע חושים גענאָסן די מנוחה, די פרייד און אַלץ אין אים האָט תפילה געטאָן:

— זאָלסט שטראָפן גאָט יעדן וואָס וועט שלעכטס טאָן די אומ־גליקלעכע... די פאַרלאָזטע, די עלנטע..

—איך דאַנק דיר אַלמעכטיקער פאַרן חסד. ווי וואָלט איך היינט געקענט זיצן נעבן מיין ראָסאַלינדאַ און טראַכטן פון מיין קינד, פון מיין קליינן און ליוטערן זיידע פּינטשאַ.

ער האָט זיך עטלעכע מאָל איבערגעצלמט און טרערן פון גליק האָבן אַ פינקל געטאָן אין די אויגן. מיין ווייב, מיין זון, וועלן מיך נישט האָבן פאַרוואָס צו פאַראַכטן...

ער האָט אַראָפּגענומען דאָס אַרבעטס רעקל פון הינטערן לאָדנדל באַם פענצטער, דאָס אָנגעטאָן, זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צום בעט און מיט אַ געהייליקטן שמייכל אַרום די ליפּן און אַרום די אויגן ווידער געקוקט אויפן שלאָפנדיקן ווייב. די פיס האָבן אים אַ טראָג געטאָן צום בעט, זיך איבערגעבויגן איבער איר, און מיט די ליפּן קוים באַרירט דעם שטערן, כדי נישט אויפצואוועקן זי פון שלאָף — זיך אויסגעגלייכט און אַראָפּגעשלונגען עטלעכע ווערטער:

— ביז שפּעטער, ווייבעלע מיינס! ביז שפּעטער, קליין פּינטשעלע, דער טאַטע וועט היינט פּרואוון זיין גליק: שטעלן אַ נומער פון גרויסן געווינס.

אין גאָרטן איז די אַלטע פּילאַר אנטקעגן געקומען, אָנגעטאָן אין אַ געלן לייוונטענעם סטאַן מיט לאַנגע אַרבל, אַ באַפּינטלטער מיט רויטע פלעקן פון די וואַנצן מיט די פליי, דאָס פּנים מיד, צעקנייטשט ווי נאָך אַ הייסער באָד.

— אַ גוט מאָרגן אייך, באָבעניו! וואָס עפּעס אַזוי פרי? אויך איך האָב היינטיקע נאַכט שלאָפן נישט געקענט.

זי האָט זיך פאַרזיכטיק אַרומגעקוקט, באַלד ווידער אויפגעהויבן צו אים די אויגן:

— ווי געפעלט אייך עפּעס די נעכטיקע מעשה?

— שיין ווי גאָלד, באָבעניו, אַ צירק!..

און ער האָט זיך צעלאַכט מיט אַ פול מויל מיט ווייסע שטאַרקע ציין. די אַלטע האָט נישט פאַרשטאַנען זיין פרייד און ווידער אַ זייע געטאָן צווישן די ליפּן:

— דיין קליינע איז שוין אויפגעשטאַנען? איך וויל מיט איר עפּעס שמועסן.

וועקט זי מיר נישט אויף, האָט ער אַ דראָע געטאָן מיטן ווייז־פינגער, און דאָס פּנים האָט געלויכטן מיט גאווה. — לאָזט איבער, באָבעניו, די גוטע נייעס אויף שפּעטער, קיינער וועט זיי בא אייך נישט אויסכאַפּן!

זי האָט אַרויפגעלייגט די שווערע, האַלב געליימטע הענט אויף זיינע אַקסלען און זיך אָנגערופן:

— אָט זעסטו שוין, אינגל, אַז גאָט מיט דער הייליקער שווייגן נישט!... גוט אַזוי! אַזאַ צעפּוילטער הונט!

ערנסט און טיפער באַנג איז אויפגעגאַנגען אַרום זיין מויל.

— נעכטן, באָבעניו — באַהאַרצט אין אירע אויגן אַריינגעטעניהט — האָט גאָט גערעכטיקייט געטאָן. אַ, אַ! מיר די זינדיקע, מוזן זיך לערנען ליב האָבן די אומגליקלעכע און די פאַרפאָלגטע.

ער האָט אַראָפּגענומען אירע הענט פון זיינע אַקסלען, אַ מאַך געטאָן מיט אַ האַנט: „ביז שפּעטער”, און זיך אַ טראָג געטאָן צום אַרויסגאַנג־טירל. די אַלטע האָט אים נאָכגעקוקט, פול געגענעצט און נישט באַנומען זיין פּלוצימדיקע גוטסקייט. די לעצטע צייט האָט זי אים געזען אַ בייזן, אַ כמורנעם און אַ אומצופרידענעם. זיך כסדר געקריגט מיט איר מאַן אָדער מיטן אייגענעם ווייבל. עלנט האָט געווייעט פון איר, פאַרלוירנקייט פון אַן אַלטער, פאַרלאָזטער מאַמע.

פריץ איז אַרויסגעקומען פון זיין שטיבל, אַ גלייכער און אַ געשטרעקטער. די אַלטע האָט זיך פאַרשעמט, זיך אויסגעדרייט צו אים מיט דער פּלייצע און איז אַוועק אין קיך, זיך געפּאָרעט באַם אייוועלע, אַן אַרומגענומענע פון הייסער גרויקייט און פון גרויסע פעטע פליגן, וואָס זיינען איר אין פּנים געשפּרונגען.

פריץ האָט זיך פאָרזיכטיק אַרומגעקוקט. באַלד אַריינגעשטעלט דאָס פּנים אין אָפענעם פענצטערל פון אַנדרעס שטיבל, זיך ווידער אויסגעדרייט מיטן פּנים צום גאָרטן, געוואָרט אַ ווײַלע און מיט ברייטע שפּאַן זיך אַ לאָז געטאָן אינעווייניק. דאָסאַ האָט אינסטינקטיוו דערפילט אַ פרעמדן אָטעם, האָט זי אויפגעמאַכט די אויגן לויטערע און געפרעגט אין אַ האַלב פאַרשלאָפענעם צושטאַנד:

— שווארצער, עמיצער איז אריינגעקומען? שווארצער!..

פריץ האָט אומגערן אַ הוסט געטאָן. ראַסאַס אויגן זיינען מיטאַמאָל געוואָרן גרויס, אָנגענומען מיט צעטומלונג. דאָס קינד אין איר האָט זיך עטלעכע מאָל געוואָרפן. איר איז ענג געוואָרן אין שלונג.

— גייט פון דאנען, הער באראָן! — דורך ציטערדיקע ליפּן אַ מורמל געטאָן — מיין מאַן מוז זיין אין קיך.

ער האָט זיך אַ בויג געטאָן אויף פּאָרויס, אויסגעשטרעקט די לאַנגע, שטאַרקע הענט, ווי צוויי פיס, און אַראָפּגעצויגן פון איר דאָס ליילעך. זי איז ראַפּטום אויפגעשפּרונגען און מיט צעשפּרייטע הענט און פיס זיך געשאַרט מיט דער פּלייצע צו דער וואַנט. די דערשראָקענע אויגן, ווי צוויי אָנגעצונדענע לאָמפּן האָבן געשרפּהט קעגן אים. די קויל שווארצע האָר איבער די אַקסלען צעוואָרפן, האָט זיך דאָס שווערע מאַמעשע ליב געקאָר־טשעט אין ברייטן סטאַן פון בלויען סאַטין און געהאַט אַ אויסזען ווי איינע פון יענע געפּייניקטע אידישע טעכטער, וואָס פּרואוון זיך ראַטעווען פון פאַרשעמונג. זי האָט אַ רעווע געטאָן נישט מיט איר קול:

— אַנדרעס, ראַטעווע!..

פריץ האָט זי אַ נעם געטאָן פאַר די האָר און ווי אַ קראַנק שעפּעלע אַראָפּגעשלעפּט פון בעט, זי אַ וואָרף געטאָן אין אַ ווינקל, זיך געבויגן איבער איר מיט ציטערדיקע קני און גערעדט דורך אַ הייסער הייזע־ריקייט:

— שוויינ, דו שווארצער דרעקע, אז נישט וועל איך דיך טויטשלאָגן!..

ראַסאַס אָטעם איז געליימט געוואָרן. זי האָט געהאַלטן אויף אים די פון קאָפּ אַרויסגעזעצטע אָנגעצונדענע אויגן, אָנגענומענע מיט שגעון און מיט פאַרשטיינערטן פּחד ווי אין די אויגן פון אַ האַלב טויטן. נאָר דאָס קינד אין איר ליב האָט געלעבט, האָט זיך אומאויפהערלעך געוואָרפן...

האָראַסיאָ האָט אויפגעמאַכט די אויגן און זיך שטום אַרומגעקוקט, אָנגעשטרענגט די חושים און מיט אַ פויסט זיך געריבן די רויטע נישט אויסגעשלאָפענע אויגן.

— ווער צום טייוול שרייט עס דאָרט? ווער?..

ער האָט זיך אויפגעזעצט אין בעטל, מיט ביידע פיס אַראָפּגעלאָזט און געגענעצט מיט אַ ברייט מויל. די צעקנייטשטע מלבושים, די צעפלוי־גענע קרויזן, די צעשויבערטע וואָנצעלעך באַשטעקט מיט קליינע קרויזלעך וואָל פון דעם צעריסענעם מאַטראַץ, האָבן אים געמאַכט מיאוס. ער האָט אַראָפּגעשלונגען די קלעפּיקע ביטערקייט אין מויל און אַ צעקרומטן שמייכל געטאָן, ווי ער וואָלט זיך ערשט איצט דערמאָנט, אַז ער איז אַהיימגעקומען שפּעט באַנאַכט און זיך אַריינגעוואָרפן אין בעטל אַן אָנגעטוענער. דאָן טשיטשעס האָט זיך אַריינגעשטעלט, אַ זייטיקן קוק געטאָן צום זון, אַ דריי געטאָן מיט די נישט אויסגעשלאָפענע רויטע אויגן אויף אַהין און צוריק און מיט די צוויי שטייפע קאָטערישע וואָנצעס, אַ סימן, אַז דער כעס ברענט,

רייסט שטיקער פון די אברים, שטויסט אים צו הפקרות, צו קריגן זיך מיטן זון, מיט רחלען. ער האָט אַ קרענקלעכן לאַך געטאָן:

— וואו ביזטו געוועזן אינגל? דיין מויד מיטן טאַטן, דעם קאַליקע, האָבן שוין באַקומען אַ לעקציע. איי, איז דאָס געוועזן שיין!..

דער זון האָט אויפגעהויבן צו אים דאָס פּנים, אַ באַדעקטס מיט רויטע קאַרבן, און געקוקט מיט ברייטע בליקן פאַרשנדיקע. דער אַלטער האָט אַ בורטשע געטאָן:

— זע ווי צעקנייטשט דו ביזט! וואָס איז מיט דיר, ראַציאַ?

האַראַסיאַ האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן, אַפּוילן געגעץ געטאָן און אָפּגעענטפערט.

— לאָז צורו, אַלטער, איך בין מיד, זייער מיד. און ווער האָט פריער אַזוי געשריגן, האַ?

דאַן טשיטשע האָט אַ צעקרומטן, אַ אומניחהדיקן שמייכל געטאָן, זיך אויסגעדרייט מיטן רוקן צום זון און אַריינגעציטשעט אין דער שטוביקער טונקלקייט:

— שוואַכלינג, קליידלניק, מיינסט איך ווייס נישט, אַז די מויד האַלט אים נעבן זיך אַ גאַנצע נאַכט. ווען גייט דאָס אָן! מיין זון וועט מיר קיין ממזרים נישט ברענגען!..

— אָבער די אידן האָבן דיך גוט באַארבעט.

גאַנצע טעג און נעכט ליגט ער דאָרט בא איר, דער קליידער־ניק...

האַראַסיאַ האָט זיך אויפגעשטעלט אַ פאַרהאַק געטאָן דאָס טירל אונטערן טאַטנס פּלייצע און דער צאָרן האָט אַ רעוועגעטאָן אין בלוט.

טויטע בלייכקייט האָט זיך געשניטן אַרום די טרוקענע ליפּן, אומ־ניחהדיקייט, אָנגעהויבן שפּאַנען איבערן שטיבל, אים האָט זיך אַלץ גע־דאַכט, אַז דער פריערדיקער געשריי איז שטעקן געבליבן אין די ווינקלען און לויערט אויף אים. די רוגזה האָט געשלאָגן אין די שלייפן:

— וואָס אייגנטלעך איז דאָ ווידער פאַרגעקומען? זיי זיינען אַלע משוגע געוואָרן.

האַראַסיאַ האָט אַריינגעשטעלט דאָס פּנים צווישן די צעווייעטע קלעטער־פּלאַנצן און אַריבערגעקוקט צו יאָסלס שטיבל, זיך באַמיט נישט צו טראַכטן פון גרעטען. זיין מענערישע אייגנליבע איז געוועזן באַלייד־דיקט: ער איז געוואוינט געוועזן צו דערגרייכן זייער לייכט אַלץ וואָס אים איז אונטערגעקומען. די פלירטן האָבן זיך אָנגעהויבן לייכט שפּי־לעווודיק און זיך געענדיקט, נאָר ווען ער האָט געוואָלט. ער האָט קיין איינע נישט גענאַרט. זיי האָבן געוואוסט, אַז ער האָט אַ כלה און גרייט זיך חתונה צו האָבן און דאָך געפלויגן אַרום ווי די שמעטערלינגען אַרום פייער. די פאַרליבטע האָבן פון אים קיין סך נישט פאַרלאַנגט. אַ פּאָר מאָל זיך אָפּגעגעבן און גענוג.

ער איז זיי דאנקבאר געווען. א סך מאָל גערירט געוואָרן פון זייער הכנעה, פון רעזיגנאַציע. יעדע איינע האָט געהאַט פאר אים א באַזונ־דערן ווייבערישן רייץ. זייער שוואַכקייט האָט געוועקט אין אים רחמנות און נאָך מער. זיין מענערישע איינבילדונג, די גאווה, די זיכערקייט, אַז קיין שום פרוי קען נישט ביישטיין דעם נסיון קעגן אים.. בלייכע פנימער, נאַכגיביקע האָבן אויפגעטויכט צווישן די בלויע וואָלקנדלעך אין גאָרטן.

— האָסט מיך ליב, האַראַסיאַ? זאָג מיר, אַז איך בין שיין!...
— וועסט כאָטש בענקען נאָך מיר? פארגעס נישט מיינע ליפּן...
— האָסט הנאה געהאַט פון מיר, ליבסטער? ווי שיין דו ביסט!
— פארלאָז מיך נישט, איך קען נישט זיין אָן דיר!
— לאָז מיך זיין דיין קנעכטן...

האַראַסיאַ האָט אַ צעקרומטן שמייכל געטאָן און באַלד איז דאָס פנים, די שווערע צונויפגעצויגענע ברעמען ווידער געוואָרן כמורנע און אומצופרידן. ארויסגענומען דאָס פנים פון צווישן די קלעטער־פלאַנצן און אַ קוק געטאָן אַפן האַנט־זייגערל. עס איז געווען פונקט זעקס: קום פיר אַזייגער! קום!...

אין אים איז אויפגעגאַנגען גרעטאַס כישופדיקער מורמל. ער האָט ארויסגענומען פון צווישן אַ בינט מיט שמאַטעס דעם אַלטן באָד־מאַנטל און מיט שווערער אומניחהדיקייט אין די אברים אריינגעגאַנגען אין באָד־צימער. צוריקגעקומען אָן אָפּגעפרישטער און געלויטערטער. אָנגע־טאָן אַ בלויע זיידענע פּידזשאַמע מיט בלויע הויזן, פארקעמט די קרויזן, זיי אויסגעלייגט און באַגאָסן מיט פּערפום. ער איז ארויס אין גאָרטן, אומגעשפּאַנט אַהין און צוריק. אים האָט זיך אַלץ געדאַכט, אַז פון ערגעץ ווייט, ווייט, רייסט זיך אַ דערשטיקט געוויין.

יאָסל איז צוגעקומען צום פּלויטל, אָנגעטאָן אין אַן ארבעטס פאר־טוך און מיט אַ הייסער מאַטע אין דער האַנט. ערנסט האָט געגרוט אויף זיין פנים און עקשנות. האַראַסיאַ איז אים אנטקעגן געגאַנגען, אריבערגע־שפּאַנט דאָס פּלויטל, צוגענומען בײַ יאָסלען די מאַטע, זיפּנדיק זיך אַלאָז געטאָן מיט אים צום ווארשטאַטל. יאָסל האָט פארשטאַנען, אַז האַראַסיאַ ווייסט נישט וואָס אַזוינס עס האָט זיך נעכטן אָפּגעטאָן. ער האָט באַ־שטימט בײַ זיך צו שווייגן. מורא געהאַט האַראַסיאַ וועט דער טאָכטער נייע יסורים פארשאַפן מיטן אָפּרעכענען זיך מיט ניקאָלאַסן.

קילקייט איז געשטאַנען אין ווארשטאַטל און אַ ריח פון גרינע הור־בעלקעס. האַראַסיאַ האָט אראָפּגעלאָזט זיך אויף דער הויכער שוועל, גע־סמאָטשקעט די מאַטע מיט די פארנאַשטע ליפּן און געהאַלטן אויף יאָסלען די טיפע בליקן. אָנגעגאָסן די פרישע מאַטע פון טשייניקל, וואָס איז אין אייוועלע פייער בײַ דער שוועל געשטאַנען, זי דערלאַנגט יאָסלען און געפרעגט:

— וואָס איז דאָ נעכטן פאָרגעקומען? מיין אַלטער האָט ארויסגע־וואָרפן עטלעכע האַלבע ווערטער.

יאָסל האָט אַ פאַרלוירענעם שמייכל געטאָן, אַ ווײַלע געשוויגן, נאָר דאָס שטיקל אָרעם אין אַרבל פון דער פּידזשאַמע האָט אויפגעצאַפּלט: האַראַסיאַ האָט פאַרשטאַנען, אַז ער איז אומרואיק. יאָסל האָט אויסגע־זיפּט די מאַטע און אָנגעגאָסן אַ צווייטע, זי האַראַסיאַן דערלאַנגט:

— גיי וועק אויף דײַן כלה! רוף זי אַהער! עס איז אַ זינד צו ליגן איצט אין שטוב און אָפּגיין אין שווייס. גיי!

רחל האָט אים אַנטקעגנגעשטרעקט ביידע הענט, בלייכע, ווי די שטראַלן און מיד געשמייכלט. האַראַסיאַ האָט ארויפגעשאָרט די צע־שאָטענע לעקלעך איבער איר שטערן און אַרײַנגעקוקט איר טיף אין די אויגן. מידקייט האָט זיך אין זיי געטוקט, פאַרשעמונג.

— וואָס זעסטו אויס אַזוי שלעכט, טײַערע? טוט דיר עפּעס וויי? פילסט דיך קראַנק?

געטרייקייט איז געווען אין זײַן קול, זאָרג. זי האָט אָן אָפּגעהאַקטן זיפץ געטאָן און די בליקן זײַנע געוואָרן לויטער ווי קרישטאָל. ער האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן און געשטאַמלט.

— האָב געמוזט צופאָרן... אין שפּיטאָל... מײַן חבר, מײַן...

זי האָט ראַפּטאָם ארויפגעלייגט אַ דלאָניע אויף זײַן מויל און אַ גרוי כמאַרעלע האָט אויפגעציטערט צווישן אירע שווערע צוזאַמענגעצויגענע ברעמען:

— שווייג!

האַראַסיאַ איז געוואָרן רויט. ווײַכער באַנג איז אויפגעגאַנגען אַרום די ליפּן, שולדיקייט. ער האָט זי ראַפּטום אַ כאַפּ געטאָן אין די אָרעמס, געקושט די אויגן, די אַקסלען און דעם שטערן. רחל האָט ארויסגעפּילט זײַן אומרו און אויך זי איז געוואָרן אומרואיק. זײַנע פאַנאַטישע טאַטע־מאַמע און די משוגענע באָבע אירע סאַמען אים אָפּ. מעגלעך, אַז נעכטן איז ער ווידער אַוועק צום היפּאָדראָם... די אַלטע משוגענע האָט אים פאַרשעמט אין דער אָנוועזנהייט פון באַריסטן מיט בעטין... מען צאַפּט זײַן בלוט... און ער שעמט זיך... ווײַל איר קיין יסורים נישט פאַרשאַפן, איר נאָר־וואָס גרייט געווען צו זאָגן ליגנס...

ניין! זי וועט אים מער נישט לאָזן אויף הפקר... וועט וועגן קיין זאַך נישט דערמאָנען, וואָס דאָ טוט זיך... האַראַסיאַ מוז האָבן גליק... אַז נישט וועט ער ווידער אַוועק אויף קרומע וועגן...

די זאָרג פאַרן חתנס לעבן, פאַר זײַן רואיקייט, האָט אויגנבליקלעך אָפּגערוקט אָן אַ זײַט אירע אייגענע דעגות. דער אָפּגעשוואַכטער גוף איז פּלוצלונג געוואָרן שטייפער, פעסטער, אָנגעגאָסן מיט אַ נײַעם כוח און ענערגיע, וואָס האָט ווי אַ כוואַליע אַ שאָל געטאָן אין בלוט, לעבעדיק געמאַכט די אָדערן, די שוואַך געוואָרענע נערוון, אַ כוח, ווי אַ האַנט פון אַ געטרייער מאַמע, וואָס פירט זי ארויס פון זומפּ, פון תהום. זי

האָט העכער דעם קאָפּ אויפגעהויבן און אַ זיגערישער שמייכל האָט זיך געשפּרייט אַרום מויל, אַרום די לעבעדיק געוואָרענע אויגן. אַ ראָזע וואַרעמקייט האָט זיך צעשפּילט אויף די בלייכע, איינגעפאַלענע באַקן. זי האָט זיך אָנגערופן:

— גיי אַרויס, אינגעלע מיינס. רחלע איז שוין געזונט... זי וויל זיך אָנטאָן...

ער האָט זי אָנגעקוקט מיט אַ פאַרחידושטן בליק, זי נישט דערקענט. איז אַרויס פון שטיבל. רחל האָט זיך אַראָפּגערוקט פון בעטל, זיך אַ פעסטן שטעל געטאָן אויף די פיס. געפּרואווט דעם נייעם כוח, איז צוגעגאַנגען צום שפּיגל, זיך פאַרקעמט און אויסגעבונדן אַ בלויע לענטע אַרום קאָפּ מיט אַ ברייטן באַנד פון אויבן. אָנגעטאָן אַ לאַנגן כאַלאַט פון אַ בילוקן בלויען שטאָף, העכער און לייכט ווי אַ שטראַל אויסגעזען, אָנגעטאָן אַ פּאָר לייכטע שיכלעך אויף די באָרוועסע פיס און גערופן:

— אינגל!...

ער איז אַריינגעקומען, זי אַריינגענומען אין די אָרעמס. רחל האָט אַריינגעשעפּטשעט אין זיין זוניק צעשמייכלטן פּנים און אַן אָפּגעהאַקטן זיפץ געטאָן...

ער האָט זי אויפגעהויבן און אַרויפגעזעצט צו זיך אויפן רעכטן אַקסל, און איז אַוועק מיט איר אין גאָרטן. בלייכע שטיקער זון ווי יונגע קנאָספּן האָבן זיך געוויקלט אַרום דעם שוואַרצן בליאַסק פון זייערע האָר און אַרום די אַנטבלויזטע העלדזער.

אויף די בלעטער פון די בוימעלעך זיינען אַרומגעשוואומען זון קייקעלעך, ווי פיל קאָלירנדיקע בורשטינען, זיך אָפּגעשפּיגלט אין די גרויסע טראָפּנס מיט וואַסער אויפן ערשט באַשפּריצטן גראָז, ווי אין רויטע, גאָלד־בלייכע קינדישע אויגן. רחל האָט מיט איין האַנט געגלעט זיינע צעפלויגענע קרויזן און די אַנדערע געוויקלט אַרום זיין האַלדז. האָראַסיאָ האָט אַרויפגעלאַכט צו איר מיט אַ פול מויל ציין, די גרויסע ביין־גריבער אין די באַקן, דער שימער אין די אויגן, די בוימער — האָבן מיטגעשמייכלט.

— ווי שיין ס׳איז רחלע, ווען מען וואַרפט פון זיך אַראָפּ אַלע דאגות, אַלע אַנטוישונגען און מען ווערט ווידער קליינע קינדער...

— יאָ, ליבסטער מיינער. קליינע, ערלעכע און גלויביקע קינדערלעך!... אַזוינע לויטערע ווי די שטערן און געטרייע ווי די זון, די ערד און דער הימל... זיי ווייסן נישט פון קיין קאַרגשאַפט...

יאָסל איז צוגעגאַנגען צום צוים און אויסגעשריען:

— לאָז איר אַראָפּ, האָראַסיאָ, עס איז נישט שיין.

— קינדער, גייט אַהער!... מיר האָבן געסט...

— פאַר וועמען, ליבסטע, האָבן מיר מורא... ס׳איז אַזוי שיין!...

באַם וואָרשטאַטל האָט ער זי פאָרזיכטיק פון אַקסל אַראָפּגענומען

און אויסגעשטרעקט די הענט צוביידע חברים, באָריס און אַלפרעדאָ, אָנגעטאָן אין די ווייסע, דאָקטאָרשע כאַלאַטן מיט ווייסע שיך.

— וואָס אזוי פרי, משוגעים? — האָט האָראַסיאָ זאָרגלאָז געפרעגט, — די קאַמאָרן בייסן אייך?...

זיי האָבן אָפּגעענטפערט אין איין אָטעם:

— פּאָליציי האָט געשלאָגן די סטודענטן מיט די דעמאָקראַטישע פּראָפעסאָרן אין פאַקולטעט. אַף היינט פיר אַזייגער זיינען מיר גערופן אַף אַ געהיימער פאַרזאַמלונג.

זיי זיינען אַנטשוויגן געוואָרן. באָריס האָט אינסטינקטיוו איבערגעטראָגן די בליקן אַף רחלען. טיפע, לויטערע, אַנגענומענע מיט בענקשאַפט. אומנחהדיקייט האָט זיך געשניטן ארום איר אומרואיק מויל, יסורים.

— ווער ווייסט, באָריס, וואָס פון דעם אַלעמען וועט ארויסקומען...

זי איז אַנטשוויגן געוואָרן און איבערגעטראָגן די בליקן צום טאַטן, ווי זי וואָלט געבעטן בײַ אים הילף. יאָסל האָט זייער שטיל און זאַכלעך אַ זאָג געטאָן:

— אַז מען רופט, מוז מען גיין! אַ פּחדן שטאַרבט יעדן טאָג אַביסל. אַ העלד לעבט אייביק...

רחל איז געוואָרן אומעטיק. געוואוסט, אַז האָראַסיאָ וועט אומעטום זיין פון די ערשטע, גרייט זיין אָפּצוגיין אין בלוט איינייגעם מיטן שונא. באָריס האָט ארויסגעפילט איר זאָרג און אַ בלינדער געפיל פון אייפערזוכט איז אויפגעגאַנגען אין אים און אויך אַ געפיל פון בושה, פון שולד. ער איז גרייט געווען צו זאָגן: זאָל האָראַסיאָ בלייבן מיט רחלען... זי איז אויסגעשעפּט, מוז האָבן רו. אַלפרעדאָ האָט געפּירט מיט דער טיפקייט פון זיינע שטראַלנדיקע אויגן פון איינעם צום אַנדערן און גערעדט האַסטיק, מיט פּאַטאָס.

— מיר טאָרן נישט שווייגן! זאָלן מיר נעמען אַ ביישפּיל פון דער אייראָפּעישער יוגנט... — אַרויסגעכאַפּט אַ וויזיט־קאַרטל פון אַ קעשענע און דערלאַנגט האָראַסיאָן:

— אַף דעם אדרעס, נישט שפּעטער פון פיר אַזייגער.

די בליקן אַף באָריסן איבערגעטראָגן:

— וואָס ביזטו אזוי צעטומלט?... פּחדן!

האָראַסיאָ האָט אַ לאַך געטאָן:

— איך גלויב נישט שטאַרק אין דער חכמה פון מיין פאָלק...

— שווייג!... אַ פאָלק איז נישט קיין איין שטיק פאַרגליווערטע, מאַסע! — האָט אַלפרעדאָ געצאָרנט. — אַ פאָלק צעטיילט זיך אין פאַרשידענע קלאַסן און שיכטן. מיר, די אינטעליגענץ, מוזן זיך שטעלן אין די רייען מיטן אַרבעטער קלאַס. מיר מוזן שטיין אַף דער וואַך...

ס'איז אָנגעקומען די באָבע מיטן שווארצן שאַל אַף די אַקסלען ווי

עס וואָלט געווען ווינטער. אויפגעהויבן דאָס פאַרחדושטע בערדעלע צו באָריסן. מיט צעשמייכלטער רואיקייט אין די אויגן:

— אַ גוט מאָרגן דיר, בערעלע. וואָס זעסטו מיר אויס אַזוי לאַ־עליכמדיק? אפשר קלעמט דיר דאָס האַרץ?... זאָג, מיין קינד, שעם זיך נישט.

אַנטשוויגן געוואָרן און זיך געווענדט צו אַלפּרעדאַן:

— אַ גוט מאָרגן, פרעד... טאַקע, וואָס עפּעס אַזוי פרי? איי, גליק־לעכע קינדער־יאָרן...

געטרייקייט איז געווען אין איר קול און זאָרג, זיך אַ בייזער געטאָן אַפן איידעם:

— וואָס שטייסטו, יאַסל ווי אַ נעבעכיקער!... מאַך אַ פרישע מאַ־טע, די קינדער ווילן מסתמה עפּעס אַ קיי טאָן! איך וועל שוין אַהער ברענגען די היימישע קיכלעך. — מיט דריבנע, פלינקע טריט זיך אַ לאָז געטאָן אין קיך און באַלד צוריקגעקומען מיט אַ פולן בלעכן שיסעלע מיט היימישע אייער־קיכלעך, זיך אַפּגעשטעלט אונטער האָראַסיאָס נאָז און אים אָפּגעגאָסן מיט חוזק, מיט מאָנונג, פון די צעשמייכלטע בליקן:

— דיין טאָוואַרישטש, דיין טאַטנס קונה... נו, ווי הייסט ער דאָרטן, דער טכויר? דער פּעטלורטשיק!... האָט נעבכן אַריינגעוואָרפן אַ ציגל אין שטוב. שיר נישט דערקוועטשט רחלען... דיינע טאַטע־מאַמע האָבן זיך שטאַרק גענומען צום האַרצן. איינגעלייגט די וועלט צוליב דער דער־שראָקענער שנור.

זי איז אַנטשוויגן געוואָרן, אָפּגעווישט די ליפּן מיטן שפּיץ פון דער פאַטשיילע און די בליקן אויף אַלפּרעדאָן אָנגעשטעלט:

— פאַרשטייסט, עשון איז, איך בעט איבער דיין כבוד, אָנגעזאָלעט אַפן האַרץ, קומט ער אויסלאָדן דעם סם צום אידישן קרבן... און שכנים — שאַ, שטיל... גלייך ווי זיי וואָלטן נישט געווען דעם גזלנס לייבלעכע ברידער!...

— מיר וועלן זיך אָפּרעכענען מיט זיי, גלויבט דאָס מיר באָבעניו!

— האָט אַלפרעדאָ אינגאַנצן אַ גערייצטער געענטפערט — אויך מיר זוערן פאַרפאָלגט פון די נאַציאָנאַליסטן, די פיינטע קאָלומניקעס, או־מעטום שפּינען זיי שוואַרצע נעסטן...

---

## קאַפּיטל 20

# ווידער אין גרעטכענס אָרעמס

באַטאָג האָט די היץ געשרפהט ווי אין אַ קאַלך־אויוון. לאַוועס מיט הייסן ווינט, דורכגעוועבט מיט רויטע זעמדלעך ווי צעמאָלענער קופּער האָבן זיך פריי איבער די גאַסן געטראָגן, געשמיסן די בלעכענע דעכער

פון די הויכע דריי און פיר שטאָקיקע הייזער און די אָפּגעהלשטע קנופּן מיט קלעטער־פּלאַנצן איבער די אָפענע טירן מיט די פענצטער. דרימל האָט גערוט אַף די יחסנישע אַראָפּגעלאָזטע וויעס פון דער ברייטער גאַס בעלגראַנאָ, די געשטרעקטע מיט די צוויי רייען ביימער באַ די טראָטוארן, אַזוי זיכער און געשטרעקט ווי עס זיינען די רייכע איינוואוינער אירע.

האַראַסיאָ אַ געשטרעקטער איז געשטאַנען אַף איינעם פון יענע ראָגן. דער קאָלנער פון ווייסן העמד צעשפּיליעט, די קרויזן צעפּלויגן, פאַרשייט. ער האָט אַ קוק געטאָן אַפן האַנט־זייגערל, ס'איז געווען פּונקט פיר. פאַרגעסן די וויזיטקאַרטע אין די שטוביקע הויזן און נישט גע־וואוסט דעם נומער פון הויף, וואו מען וואַרט אַף אים. די אויגן האָבן אַלע מאָל אַ לויף געטאָן צו די אַרומיקע הייזער, איז געווען זיכער, אַז עמיצער וועט אים באַלד רופן. אין אים האָט עפּעס אַ שלאָג געטאָן: קום מאָרגן פיר אַזייגער, איך וועל וואַרטן.

אומרו האָט אַ רודער געטאָן אין בלוט, די אברים זיינען געוואָרן שוואַכער און אַ זיסע מידקייט האָט געשלעפּערט דאָס לייב. די פיס האָ־בן ראַפּטאָם אַ טראָג געטאָן צו אַ זייטיקן ראָג גאַס. זיין שפּיטאָל־חבר מיט ניקאָלאַסן האָבן זיך פאַרשטעקט אין אַן אָפענער קאָרעדאָר־טיר. האָראַסיאָ האָט אַ צאַפּל געטאָן, געקוקט צו זיי מיט צאָרנדיקע בליקן:

— קאַנאַליעס, מוסרים... פאַראַכטונג, עקל האָט זיך געשניטן אַרום זיינע ליפּן — פינפטע קאָלומניקעס, געקומען אויסשפּירן **עפּעס!...**

דער הייסער ווינט האָט אַ מיש געטאָן דעם בלויען און ווייסן צוויט פון די גערטנדלעך, אַרום די שטיבער — אַלץ האָט סודותדיק געמורמלט, אים עפּעס איינגערוימט אַפן אויער. האָראַסיאָ האָט זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן. די שטילקייט איז פּלוצים איבערגעריסן געוואָרן. עט־לעכע פּאָליציילייט זיינען אָנגעקומען פון אַ זייטיקער גאַס און זיך אַ וואָרף געטאָן צו איינער פון די אָפענע קאָרעדאָר־טירן.

האָראַסיאָן האָט עס אַ ריס געטאָן פון אָרט. באַלד האָט מען אַראָפּ־געפירט פון די טרעפּ אַ גרופּע סטודענטן און אויך עטלעכע אַרבעטער. אַלפרעדאָ מיט באָריסן האָבן אָנגעשטעלט די בליקן אַף האָראַסיאָן, וואָס איז געשטאַנען אַפן קעגניבערדיקן ראָג, אים באַפּוילן אָפּציען. אַלפרעדאָ האָט אַ געשריי געטאָן:

— נידער מיט די פינפטע קאָלומניקעס:

אַ פּאָליציאַנט האָט אים דערלאַנגט מיטן ווייסן פּאָליציי־שטעקעלע איבערן פּנים. הייסע בלוט־שטראָמען האָבן אַ זעץ געטאָן פון זיין נאָז און פון מויל. האָראַסיאָ איז אַראָפּגעלאָפן, זיך אַ וואָרף געטאָן צו זיין חברס פייניקער. אויך די אַרעסטירטע האָבן זיך מיט געביילטע פויסטן געוואָרפן צו דער פּאָליציי. עס איז געוואָרן אַ מהומה. עס האָבן אָפּגע־הילכט עטלעכע רעוואָלווער שאָסן. אַ סוויסטשעריי פון פּאָליציי־פייפלעך האָט זיך געריסן צו די אָפענע ראָגן.

עס איז אָנגעלאָפֿן אַ פּאָליציי־קאָטש און באַלד אויך אַ גרופּע דעמאָקראַטישע סטשודענטקעס, ווי די ווייסע שוואַלבן, זיך אַריינגעריסן צווישן די אַרעסטירטע. אויך האַנס מיט ניקאָלאַסן האָבן זיך באַוויזן, מיט אייזערנע הענטשקעס זיך געוואָרפֿן שלאָגן די אַרעסטירטע. האָראַסיאָ איז געווען ווילד ווי אַ טיגער. אַ כאַפּ געטאָן ביידע „חברים" פֿאַר די טשופּרינעס און אָנגעהויבן האַקן די קעפּ איינעם אין אַנדערן. ניקאָלאַס האָט געשריגן מיט אַ דין הייזעריק קולעכל, גערופֿן נאָך הילף. האָראַסיאָ האָט זיי אַ וואָרף געטאָן ביז אַפֿן מיטן וועג און צוגעלאָפֿן צום קנויל מיט סטודענטן וואָס האָבן זיך מיט די פֿאַרפֿאָלגער געשלאָגן. עס זיינען אָנגעקומען פֿייערלעשער, געהאָלפֿן אַריינוואַרפֿן אין פּאָליציי־קאָטש עטלעכע סטודענטן, וועלכע האָבן נישט באַוויזן צו אַנטלויפֿן. אַפֿן טראָטואַר האָבן זיך געוואַלגערט קעמעלעך און ברילן. צוקוקער זיינען מיט שטומע פּנימער געשטאַנען אַף די ראָגן. פֿון די אָפֿענע פֿענצטער און טירן האָבן פֿאַרשלאָפֿענע ווייבער אַראָפּגעקוקט. האָראַסיאָ האָט קיינעם נישט געזען. אַ צעדראַפּעטער, אָן די קנעפּ פֿון ווייסן דאָקטאָרישן כאַלאַט, זיך אויסגעמישט צווישן אָנגעלאָפֿענעם עולם און זיך געלאָזט לויפֿן נאָך ניקאָלאַסן מיט האַנסן.

יענע זיינען אַריין אין אַן אָפֿענעם אויטאָ, וואָס האָט געוואַרט אַף זיי. עמיצער האָט אָפּגעפֿייערט פֿון דאָרטן עטלעכע רעוואָלווער קוילן. האָראַסיאָ האָט זיך אַ בויג געטאָן אַף רעכטס און באַלד אַף לינקס. די קוילן זיינען אַריבערגעפֿלויגן איבער אים. ער האָט אַרויסגעכאַפּט דעם רעוואָלווער פֿון קעשענע און אָפּגעפֿייערט נאָכן אַנטלויפֿנדיקן אויטאָ און איז געלאָפֿן אַף צוריק. דער פּאָליציי־קאָטש און אויך די חברים זיינען שוין נישט געווען. ער איז שטיין געבליבן און שווער געאָטעמט. דאָס צעדראַפּעטע פּנים איז געווען זייער בלייך און צערודערט. די קרויזן צעוואָרפֿן איבערן שטערן. ער האָט אָנגעהויבן שפּאַנען לענג־אויס דער גאַס, אַליין נישט ווויסנדיק וואוהין. פּלוצים איז ער שטיין געבליבן, אַ קוק געטאָן אַפֿן האַנטזייגערל. עס איז געווען פֿיר מיט צוואַנציק.

האָראַסיאָ איז אַריין אין אַ קאַפֿע, זיך אַוועקגעזעצט אין אַ ווינקל, פֿאַרקאַמט די קרויזן און מיטן נאָזטיכל אָפּגעווישט די שטראָמען בלוט פֿון פּנים, אויסגעטרונקען אַ קאַלט גלאָז ביר, באַצאָלט און שוין אַ רויִקער אָנגעהויבן באַנעמען, אַז נישט אומזיסט האָט רחל אַזוי מורא פֿאַר זיין ווילדקייט. עס האָט קיין סך נישט געפֿעלט און זי בלייבט אָן אים...

ער איז אַרויס פֿון קאַפֿע און ווידער אָנגעהויבן שפּאַנען. אָפּגעשטעלט אַן אויטאָ און זיך געהייסן פֿירן צו גרעטען. זי איז אים אַנטקעגן געגאַנגען אַ געשטרעקטע און אַ רויִקע, אַ נעם געטאָן אים אונטערן רעכטן אָרעם און אַריינגעפֿירט אין גרויסן זאַל. באַם טיש, אויבן אָן, איז געזעסן אַ פּעטלייביקער מאַן מיט אַ שווערן צעגאָסענעם בויך און אַרום

דער בלאשטשענדיקער ליסענע עטלעכע בלאָנדע קנוידערן, ווי טרוקענע פּעטריטשקע. גרעטאַ האָט זיך אָנגערופן:

— איך האָב די ערע, מיין איידל־געבוירענעם קאמאראַד, אייך פאַר־צושטעלן דעם בארימטן דאָקטאָר, הער ראָציאַ, מיין יוגנט פריינט, מיין שול־חבר.

האָראָסיאַ האָט אויף אים אַ זייטיקן קוק געטאָן און אומניחהדיק גע־שמייכלט. אין אים האָט אַ רודער געטאָן: גייסט און קרומע וועגן... זי זויל זיך מאכן אינטערעסאנט, די בלאָנדע אינדיטשקע...

ער האָט דערלאַנגט דעם גאַסט די שפּיצן פון די פינגער און זיך לייכט פאַרנויגט.

— דיין טאָוואַרישטש, דיין טאַטנס קונה... נו, ווי הייסט ער דאַרטן, דער פּעטלורטשיק?.. האָט נעבטן אריינגעוואָרפן אַ ציגל אין אידנס שטוב.

גרעטאַ האָט גענומען די קאַרטן פון טיש, זיי איבערגעמישט און אים געפרעגט:

— דער דאָקטער וועט מיטשפּילן?

— פאַרוואָס נישט?..

— און טרינקען אַ גלעזעלע רוסישן בראָנפן?... דער פאָטער האָט מיר אַ מתנה געשיקט.

— פאַרוואָס נישט!..

זי האָט אָנגעגאָסן דריי גלעזלעך בראָנפן, אַ קלינג געטאָן מיט איר גלעזל אָן האָראָסיאָס:

— פאַרן וואויל פון אונדזער רומרייכן פירער! פאַרן פאָטערלאַנד!

ער האָט אַ ברייטן שמייכל געטאָן און זי אָפּגעגאָסן מיט אַ תאוהדיקן בליק. אויפגעהויבן זיין גלעזל:

— פאַרן וואוילזיין פון מיין פאָטערלאַנד!..

זי האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ שטול לעבן האָראָסיאָן, צוגעלייגט איר באַק צו זיינער. ער האָט דערפילט אַ ברי איבערן לייב. שאַרפע, דויטע פלעקן האָבן זיך צעשפּילט אויף די באַקן. די נאָז איז געוואָרן ברייט און די ליפּן האָבן זיך עטוואָס צעקרומט. גובער האָט אַרויפגעלייגט אַ פּלאַט אויף דער וויקטראָלע, וואָס איז געשטאַנען לעבן אים און אַ ווייכער, פאַרוויגנדיקער ניגון פון שטראוס אַ וואַלס האָט פאַרגאָסן דעם זאַל. גרעטאַ האָט זיך אויפגעשטעלט און אָנגעהויבן טאַנצן אַרום טיש. די צע־נומענע פּאַלעס פונעם רויטן זיידענעם כאַלאַט האָבן געפלאַטערט צווישן אירע הויכע ווייסע פיס. די לאָקן, באַגאָסענע מיט שטיקער רויטער זון, האָבן פאַרפירעריש אונטערגעטאַנצט אַרום אַנטבלויזטן האַלדז און נאַקן און אַרום די שטייפע, צעפלויגענע ברוסטן.

דער אומרו אין האָראָסיאָן האָט אים נישט געלאָזט רוען. ער האָט אָנגעפולט דאָס לײדיקע גלעזל און אַריינגעגאָסן דעם בראָנפן אין גאָרגל. גובער האָט אַ סמאָטשקע געטאָן מיט די גראָבע, ווייכע ליפן ווי צוויי

געלע ווערים און אָנגעשטעלט אַף האָראַסיאָן די ביטרע פּלעמלעך פון זיינע קליינע און כעס פארגראָבענע בלויע אייגעלעך:

— זי איז וואונדערבאַר, די דאָזיקע נימפע!... אַך, ליבע דויטש־לאַנד!... דאָס שענסטע, דאָס בעסטע פאַרמאָגסטו!...

די אָנגעצונדענע תאוה אין האָראַסיאָ האָט געברענט די אברים. ער איז אויפגעשפּרונגען, זי אַ נעם געטאָן אין די הענט און מיטגעטאַנצט. זיך געטראָגן איבערן צימער ווי אַן אָנגעצונדענער פאַקל. גובער האָט אַראָפּגענומען דעם פלאַט און אַרויפגעלייגט אַן אַנדערן. אַ שווערע, באַ־סאָווע שטים האָט אַ דונער געטאָן. גובער האָט צוגעפּאַטשט מיט די הענט און מיטגעזונגען: — וויר איזט גוט, וויר איזט גוט, ווען פון מעסער ס׳רונט דאס אידען־בלוט...

גרעטאַ איז צוגעפאַלן מיט האָראַסיאָן צו דער וואַנט. מיט איין האַנט האָט ער זי פעסט געהאַלטן אַרום דער טאַליע און מיט דער אַנ־דערער מעכאַניש אַרויסגענומען דאָס נאָז־טיכל פון קעשענע, אָפּגעווישט דעם שווייס פון פּנים און פון האַלדז. גרעטאַ האָט געפירט מיטן ווייז־פינגער פאַר זיין נאָז־צוגעטופּעט מיט אַ פּוס און באַפוילן.

— זינג מיט מיר!...

ביידע האָבן זיך געוויגט און מיט הייזעריקע קולות נאָכגעזונגען גובערן:

— וויר איזט גוט... וויר איזט גוט, ווען פון מעסער עס רינט דאָס אידען־ בלוט!

---

קאַפּיטל 19

# פאַרשטערטע פרייד

אַ רויטע לבנה, ווי אַ פייערדיקער באַלעם, האָט זיך אַפּירגערוקט פון הינטער אַן איבערגעבראָכענעם וואָלקן און באַלויכטן דעם גאָרטן. מיט שטיקער שיין און טיפע קאַרבן אָפּן שטערן, מיט צעפּלאָמטער גאווה אין די אָנגעצונדענע בליקן — איז אַנדרעס דורכגעלאָפן דעם גאָרטן, שטיין געבליבן בּאַ דער טיר און אַ געשריי געטאָן:

— וואָס איז דאָ געשען? וואו ביזטו, ראָסאַ?!

ער האָט זיך דערשראָקן פאַר זיין אייגן קול און איז צום בעט צו־געגאַנגען. גרויע שטומקייט האָט געצאַנקט אין די האַלב־טונקעלע ווינק־לען, גליווערדיק געוויין. ראָסאַ האָט זיך אַ וואָרף געטאָן און אויפגעמאַכט די אויגן, גרויסע און צעפּייניקטע.

אַנדרעס האָט אָוועקגעלייגט לעבן איר אַ קליין פּעקל, וואָס ער האָט אַהיימגעבראַכט און איינגאַנצן אַ באַרוישטער פון גליק, וואָס ס׳האָט אים

אין יענעם טאָג באַגלייט — זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני פאַר פאַרשטויבטן יעזוס, זיך פרום איבערגעצלמט און געמורמלט:

— אָ, הייליקער! העלף מיר ליב האָבן די עלנטע... ווי וואָלט איך איצט אויסגעזען, ווען איך לעב נעכטן איבער אַ פאַרשעמונג... אָ הייליקער!...

גליקזעליקייט איז געווען אין זיין קול און איבערמענטשלעכע גוטסקייט. ראָסאַ האָט געקוקט אויף אים מיט אויגן פון אַ קראַנקער חיה. זי האָט אַ האַרטן זיפץ געטאָן און באַלד אויסגערופן:

— הייליקע מוטערל!...

שרעק און פרעמדקייט איז געווען אין איר קול. אַנדרעס איז אויפגעשפרונגען, זיך איבערגעבויגן איבער איר:

— פאַר וועמען, ווייבעלע, האָסטו דיך דערשראָקן? דאָס בין איך, דיין מאַן!...

ער האָט אַרונטערגערוקט די הענט הינטער איר פּלייצע און איר געהאָלפן זיך אויפזעצן.

צעמישונג איז געווען איר אירע בליקן און בייזע האַרטקייט פון אַ געפּייניקטן .מידקייט האָט אַראָפּגעשריגן פון געלן פאַרענדערטן פנים. אַנדרעס האָט זי אָנגעקוקט מיט פאַרחידושטע בליקן:

— ביזט קראַנק, ווייבעלע?... אָבער דער זון איז אַ וואוילער? דער טאַטע האָט אים אַ שיינע מתנה געבראַכט. צוואַנציק „שטיק" אויפן קויף פון אַ נומער געוואונען!

ראָסאַ האָט צעקרימט געשמייכלט, קרעכצנדיק דורך די פאַרשטומטע ציין, זיך אָנגעהויבן אַראָפּרוקן פון בעט. די גלידער זיינען אָנגעגאָסן געווען מיט אַ טעמפּ ברעכעניש, מיט פיבער. די פּאָרזיכטיקייט פאַרן „אָפּגענאַרטן" מאַן האָט זיך געגעסטיקט אין זיי. דער געפיל פון באַגאַנגענע זינד איז געווען טיף — אָבער אויך זייער נאַטירלעך.

— אַזוי זיינען די מאַנסבילן — זיך געטרייסט — אויך אין דער היים, ווען אַ זכר האָט אין אַ שטילן ווינקל צווישן די בערג אָנגעטראָפן אַ פרעמדע „זי", האָט ער זי אַ וואָרף געטאָן אַפן גראָז... זי האָט נישט געשריגן, זיך נאָר אביסעלע געווערט. שפּעטער הויבט מען זיך אויף... ביידע זיינען רויט... שמייכלען און צעגייען זיך אין פאַרשידענע זייטן. אָבער אַ סך מאָל האָט אַן אומגליק געטראָפן. דער אָפּגענאַרטער מאַן איז געוואויר געוואָרן און דערהרגעט דעם זכר און אויך דאָס אייגענע ווייב...

ווען פריץ האָט זי איבערגעלאָזט האָט די שרעק געשניטן פון איר שטיקער. שרייען און רופן צו שכנים האָט זי מורא געהאַט. זיך באַמיטצו זיין „קלוג" און פּאָרזיכטיק. דאָס געוויין האָט זיך געריסן פון די געפּייניקטע גלידער. זי האָט דאָס געפּרואווט דערשטיקן, שטיל אַריינגעהעשעט אין די הענט, זיך געביסן די האָר פון קאָפּ:

— וואָס וועט זאָגן דער מאַן, אויב דער זון וועט געבוירן ווערן אַ טויטער? ער וועט זי דערהרגענען.

די שרעק פון אַ זינדיק ווייב האָט זי אויפגעריסן פון פאַל. זי האָט מיטן זוים פון סטאַן אָפּגעווישט די ריטשקעס טרערן פון פּנים און אַ־ראָפּגעלאָזט זיך אױף די קני פאַרן אָפּגעריבענעם יעזוס. פאַרלייגט די הענט אויפן האַרץ און ווידער האָבן די טרערן אַ פלייץ געטאָן:

— האָב רחמנות, הייליקער דערלייזער... בעט פאַר מיר אין אַלע הימלען. דו ווייסט דעם ריינעם אמת... איך בין נישט שולדיק... מאַך, אַז דער טאַטע פון מיין זון זאָל די זינד נישט דערפילן.

שטיל געבליבן, זיך עטלעכע מאָל איבערגעצלמט און דערפילט אַ דערלייכטערונג אין יעדן אבר. אָנגעטון אַ קליידל מיט שיך און איז אַרויס אין דרויסן צום קראַן, זיך איינגעוואַשן דאָס פּנים מיטן האַלדז, ווי זי וואָלט געזוכט אַראָפּוואַשן פון זיך די בושה, פאַרקעמט די האָר און מיט אַ פאַרצוויגענער פרומקייט צווישן די בלייכע ליפּן, מיט די לעצטע פּאָר סענט אין בייטעלע, אַוועק צום הייליקן בעטן בּאַ אים פאַר־געבונג. די הייליקע בילדער אַרום די ווענט, דער גרויסער שטיינערנער יעזוס, די קאַלטע צלמים — האָבן אַ שלאָג געטאָן אױף איר פּחד, ווידער אויפגעוועקט די אימה.

זי איז צוגעפאַלן צום גלחס פיס, געשלאָגן מיטן קאָפּ אױפן פאַל און מיט אויסגעשטרעקטע הענט צו אים געבליפּעט, ווי אַן אומגלקילעך קינד.

— אָ, הייליקער... ראַטעווע מיין נשמה... גאָט ווייסט דעם אמת... איך בין גאָרנישט שולדיק. ער, דער הער באַראָן... דער חבר פונעם היי־ליקנס זון...

דער „הייליקער” האָט פאַרצויגן די בלויע אויגן־דעקלעך און די גרויסע שפּיציקע ברעמען האָבן זיך איינגעשטאָכן אין ראָסאַן. זי האָט צו אים די מאָנענדיקע אויגן אויפגעהויבן. דאָס אין טרערן איינגעטונקען חושכדיקע פּנים.

— דער הער באַראָן, זאָגסטו, האָט דיך מזנה געווען... — איז גע־קומען אַ קאַלטע שטים ווי פון אונטער דער ערד.

— אָ, הייליקער — האָט זי געציטערט ווי פאַרן טויט.

ער האָט אויפגעהויבן די אויגן צו דער אויסגעהוילטער סטעליע, די באַמאָלענע מיט יונגע מאַלכים מיט צענומענע פליגל און זיי באַלד ווידער צו ראָסאַן איבערגעטראָגן:

— שטיי אויף, דו שוואַכע, זינדיקע פרוי... גאָט האָט זיך דער־באַרימט... נאָר קלוג מוזטו זיין. ווען דיין ווייבערישע צונג וועט זיך פאַר עמיצן צעבינדן — ביזטו פאַרלוירן...

זי האָט זיך אויפגעהויבן, שווער געזיפצט און עטלעכע שלונג גע־טאָן פונעם טעפל מיטן „הייליקן” וואַסער, וואָס ער האָט איר צום מויל צוגעטראָגן. צוגעגאַנגען צו דער טיר און אַריינגעוואָרפן דאָס ביסל מטבעות אין בלעכענעם פושקעלע, וואָס האָט געהאָנגען אין ווינקל, און אַ געבויגענע, אַ שטילע, אַ געפאַלענע — אַרויס פון קלויסטער.

אין דער היים איז ווידער אויפגעגאנגען אין איר די שרעק. זי האָט געזוכט צו פאַרבלענדן דעם מאַן. אינגאַנצן אַן אויפגעברויזטע אָנגעהויבן אויפּרוימען. זי איז אַוועק איינקויפן און מיט אומנאַטירלעכער גיכקייט געמאַכט היימישע לאָקשן פון ספּינאַק, דעם מאַנס באַליבט מאכל און קאָנסערוון מיט קעז. אַ גוט שטיקל געבראָטנס. אויך אַ פלאַש טייערן ווייַן צוגעגרייט. אויסגעגעבן די לעצטע פאָר אָפּגעשפּאָרטע סענטן. אַרויפגעצויגן אַ פרום מינעלע, זיך אַוועקגעזעצט אויבן־אָן באַם טיש, מיט ביידע הענט אָפּן בויך און זיך באַמיט צו זיין רואיק.

די מידקייט, די שרעק האָט זי ווידער פון די כוחות געוואָרפן. זיך אויפגעהויבן, אַרויפגעלייגט אַ בויגן פּאַפּיר אַפן געגרייטן טיש און זיך אויסגעצויגן אַפן בעט. זי איז געלעגן מיט פאַרמאַכטע אויגן און געפילט אַרום זיך פּריצפּס אייזערנע צוויי הענט. די קני, ווי צוויי שטיינער און דעם שווערן אָטעם. אַנדרעס האָט קיין זאַך נישט חושד געווען. ער איז צו־זיכער געווען מיט זיין ווייבס געטרייקייט. אויפגעבונדן דאָס פּעקל, איר געוויזן אַ גרין געבלימט קראַטאַן.

— נאָך דער קימפּעט, ראָסאַלינדאַ, וועסטו מאַכן אַ קלייד פון דעם... ס׳וועט דיר פּאַסן... דיין מאַן איז אַהיימגעקומען שפּעט, ווייל ער האָט געזאָרגט פאַר דיר און פאַרן זון... אומגעגאַנגען זוכן מציאות...

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן און געקוקט אַף איר מיט אַ ברייטן, פאַר־ריסענעם שמייכל, אַרויסגענומען אַ שטיקל געלע לייוונט פון פּעקל.

— דאָס איז פאַר פּינטשעלעס וועגן אַף ווינדלען! ווי שיין זיי וועלן אים פּאַסן...

ראָסאַ האָט אַראָפּגערעדט צו דער ערד:

— ביזט אַזאַ גוטער, אַלטיטשקער מיינער!... אַך וועלן זיי אים פּאַסן די נייע ווינדלען. גאָט און די הייליקע זאָלן דיך בענטשן.

זי האָט צונויפגענומען די מתנות, זיי באַהאַלטן אין קאַסטן. דער־ווארעמט דאָס קאַלט געוואָרענע עסן און צום טיש געשטעלט. אַנדרעס האָט זיך אַוועקגעזעצט אויבן אָן און געקוקט מיט ברייטע, צעשיינטע בליקן, אָנגענומענע מיט שטוינען. אַזאַ יאָנטעוודיק ווייסן טיש, אַ רייכן — זעט ער באַ זיך צום ערשטן מאָל.

ראָסאַ איז ווי אַ שולדיקע געשטאַנען באַם טיש און געוואַרט. ער האָט זי צוגעצויגן צו זיך, אויפגעמאַכט די פלאַש און אָנגעגאָסן צוויי גלעזער ווייַן. אַריינגעלאַכט אין אירע אַראָפּגעלאָזטע ברעמען:

— פאַרן זונס געזונט, ראָסאַלינדאַ.

זי האָט זיך געטוליעט צו אים. אויסגעטרונקען דעם וויין ביז צום דנאָ. ווידער אָנגעפילט דאָס גלאָז און מיט איין שלינג אויסגעטרונקען. קראַנקע רויטקייט האָט זיך געשפּעלט אַפן פּנים, אַרום די שוואַרצע אויגן אַריבער, אַרום די פאַרברענטע, אויפגעלאָפענע ליפּן — האָט זיך צעווייעט אַ דין גנביש שמייכעלע, אַ פרעכס. קנעכטיש געטוליעט צום מאַן און מיט הכנעה פון אַ זינדיק ווייב, מיט דער ביטערקייט וואָס איז

פּלוצלונג אויפגעגאַן אין איר — אים אָנגעהויבן האָדעווען מיט איר לעפל, געמאָסטן מיט די בליקן יעדן קוק זיינעם, יעדן צוק פון די ברע־מען און די שווערע ערנסטע קנייטשן אַפן שטערן.

פּלוצים האָט זיך דאָס קינד אין איר אַ וואָרף געטאָן. זי איז געוואָרן ווייס ווי קאַלך.

— אָ, דער זון שרייט, דערציילט דעם טאַטן.

קילקייט האָט געציטערט אונטער איר האַרץ־גריבל. דאָס לייב איז באַדעקט געוואָרן מיט אַ קאַלטן, טויטלעכן שוויים. זי האָט זיך איינ־געגעסן מיט די אָנגעצונדענע בליקן אָן זיין פּנים, ווילדקייט האָט פון זיי אַרויסגעשריען, איבערמענטשלעכער פּחד. צוגעפּאַלן מיט די ליפּן צו זיינע הענט. זיי פאַרצווייפלט געקושט און אויסגעבראָכן אין אַ היסטע־ריש געוויין.

אַנדרעס איז געוואָרן בלייך. די ליפּן, די נאָז־פליגל האָבן געציטערט. דאָס עסן אין האַלדז האָט געוואָרגן. ער האָט אויפגעהויבן דעם ווייבס קאָפּ און אויסגערופן:

— וואָס איז דיר, ראָסאַ... ביסט שיכור.

זיין שטים האָט זי נאָך מער געשראָקן. אַרויסגעריסן דעם קאָפּ פון זיינע הענט, אַ פּאַל געטאָן מיטן פּנים צו זיין שויס און אָנגעהויבן לאַכן, געקייכט קוויטשיק און פרעך. אירע אַקסלען, יעדער אבר האָט געציקט און וויינענדיק מיטגעלאַכט. ער האָט זיך געפּרוווט אויפשטעלן. ראָסאַ האָט באַהאַלטן דאָס פּנים אין די הענט און ווידער געקייכט און גע־ציטערט... אַנדרעס, אינגאַנצן אויסער זיך, האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיטן פויסט אין טיש, אַ ווילד געשריי האָט אַ רעווע געטאָן פון זיין בלוט:

— וואָס טוט זיך דאָ?... זאָג, וואָס איז דיר?!...

ווי געטראָפן פון אַ דונער, איז זי ראַפּטום שטיל געבליבן. זי האָט זיך מאַכטלאָז אַראָפּגעלאָזט צו דער ערד.

אַנדרעס האָט זי גענומען אויף די הענט און זייער געטריי אַפן בעט אַוועקגעלייגט. אירע הענט זיינען געווען קאַלט ווי אייז, דאָס געלע פּנים באַגאָסן מיט אַ טויטלעכן שוויים. אַנדרעס האָט זיך אַוועקגעזעצט אַפן זוים פון בעט, זי דורכגענומען מיט געטרייע, באַנגיקע בליקן און שווער אָפּגעזיפצט:

— פאַרשטערט די פרייד...

(סוף פון צווייטן טייל)

## דרוק־פעלער:

די זייט 11 דאַרף זיך אָנהויבן לייענען ווי פֿאָלגט::

אַ שמאָל באַוואַקסן בערגעלע, אָנגעשפּאַרט די קעפּ אָף די הענט און גע־
לייענט „דאָן קיכאָט”. דאָן טשיטשע האָט זיך אַריינגעהוידעט דורכן
הינטער־טירל פון גאָרטן, דאָס העמד צעבראַסטעט און אין די פון קאָפּ
אַרויסגעזעצטע אויגן האָט זיך געווינט אַ רויטע אומבאַזאַכטקייט. א. אַ. וו.

Este libro fué terminado el día 20
de Septiembre de 1948 en los Talleres
Gráficos de Zlotopioro Hnos.,
Gascón 1231
Buenos Aires

PRINTED IN ARGENTINA
By Golde Gutman (Krimer)